# די ענטשטעהונג פון קריסטענטהום

פון

דר. א. גינזבורג.



ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.
1917

# אינהאַלטס־פערצייכניס


פאָרוואָרט — — — — — — — — — — — — — — II
1) דיא משיח־האָפנונגען ביי אידען און דאָס קריסטענטהום — — — — — — — — — — — — 3
2) דיא פּאָליטישע און עקאָנאָמישע לאַגע אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש — — — — — — — 14
3) דיא פּאַרטייען און גייסטיגע שטרעמונגען ביי דיא אידען אין דיא צייטען פון צווייטען בית המקדש 25
4) דיא רעוואָלוציאָנערע און משיח־בעוועגונגען אין דער צייט פון ישוע הנוצרי — — — — — — — 39
5) יעזוס אַלס פּערזאָן, לויט היסטאָרישע און לעגענ־דאַרע קוועלען — — — — — — — — — — — 51
6) יעזוס אַלס פרומער איד — — — — — — — — — 64
7) דיא ניסים פון יעזוס'ען — — — — — — — — — 75
8) יעזוס אַלס משיח — — — — — — — — — — — 84
9) יעזוס אַלס גאָט'ס זוהן — — — — — — — — — 94
10) דיא לעהרען פון יעזוס'ען — — — — — — — — 105
11) דער פּראָצעס און דיא הינריכטונג פון יעזוס'ען 133
12) דיא ערסטע קריסטליכע געמיינדע — — — — — 149
13) שאול פון טארסוס (סט. פאול)—דער היידנישער שליח — — — — — — — — — — — — — — — 159
14) דיא לעהרען פון פּאָול — — — — — — — — — 170
15) דיא שנאה צווישען דיא אידען און דיא אידען־קריסטען — — — — — — — — — — — — — — 182
16) דיא היידנישע עלעמענטען אין קריסטענטהום 193
17) דיא פערשפּרייטונג און דער ערפאָלג פון קריס־טענטהום — — — — — — — — — — — — — — 214
18) קריסטליכע טעאָריע און קריסטליכע פּראַקטיק 236

# פאָרוואָרט

דאָס קריסטענטהום איז אין זיין אָנפאנג געווען א אידישע בעוועגונג. עס האָט ארויסגעשפראצט אויף דעם באָדען פון דעם דאמאלסדיגען אידישען לעבען און איז געווען א פּראָדוקט פון דער אידישער פאָלק׳ס־נשמה. דער אידישער בייגקען נאָך אן ערלייזונג, דיא אידישע האָפנונג אויף אַ משיח, דיא אידישע חלומות וועגען א גליקליכע צוקונפט האָבען געפונען זייער אויסדרוק אין דיא אלע משיח־בעוועגונגען פון וועלכע דאָס קריסטענטהום איז בלויז איינע, כאָטש דיא וויכטיגסטע לויט דיא רעזולטאַטען. דער קריסטליכער משיח־גלויבען איז דער אידישער גלויבען אין א משיח; דיא קריסטליכע מאָראל איז דיא מאָראל פון דיא אידען; אפילו דער בעגריף „גאָט׳ס זוהן“ און „מענשען־קינד“ איז ניט געווען פרעמד פאר דיא אידישע מיסטיקער נאָך איידער דיא צייט ווען י ע ז ו ס זאָל האָבען געלעבט. דיא דאָזיגע מיסטיקער האָבען, אמת, דיעזען בעגריף איבערגענומען פון פרעמדע פעלקער, פון זייערע רעליגיאָנען און פילאָזאָפיען, אָבער זיי האָבען אויף דעם ארויפגעלייגט א אידישע חתימה. דיא א ו י ס־ד ר י ק ע „גאָט׳ס זוהן“ און „מענשען־קינד“ זיינען שוין ריין אידישע.

וויא אלע אַנדערע בעוועגונגען האָט אויך יענע אידיש־משיח׳שע בעוועגונג מיט דער צייט פערלאָרען איהר אורשפּרינגליכען כאַראַקטער. זיא האָט זיך אלץ מעהר און מעהר דערווייטערט פון אידישען פאָלק און

**II.**

---

איז מיט דער צייט געוואָרען זאָגאר פיינדליך צו איהם, אָבער דאָס ענדערט ניט דעם פאקט, אז אין אָנפאנג איז זיא געווען א ריין אידישע בעוועגונג. דיא געשיכטע פון דער *ענטשטעהונג* פון קריסטענטהום איז געוויסערמאַססען דיא געשיכטע פון דיא גייסטיגע שטרעמונגען און בעוועגונגען ביין אידישען פאָלק פון יענער צייט. לויט דעם געוואלדיגען איינפלוס, וואָס דאָס קריסטענטהום האָט אויסגעאיבט אויף דער גאַנצער מענשהייט איז עס אפשר דער וויכטיגסטער קאַפּיטעל פון דער אידישער געשיכטע.

דיא ענטשטעהונג פון קריסטענטהום ווערט דאָ בעהאַנדעלט בלויז אלס א אינטערעסאַנטער עפּיזאָד פון דער אידישער געשיכטע. קיינע אַנדערע צוועקען, קיינע אַנדערע כונות, קיינע אַנדערע אויפגאַבען. דאָ איז ניטאָ קיין פערטהיידיגונג פון דעם יודענטהום און אויך קיין בעשולדיגונג געגען קריסטענטהום. איך האָב זיך אָנגעשטריינגט צו זיין אזוי אונפּארטייאיש וויא מעגליך, קיינע פאָלעמיקען און קיינע פיינדזעליגקייטען. איך בין אבער ניט זיכער צו דאס איז מיר אין גאַנצען געלונגען. נאָך אַלעמען קען קיינער פון זיין אייגענער הויט ניט ארויסשפּרינגען. און אויב גאַנץ גרויסע קריסטליכע געלעהרטע, זאָגאר ניט־גלויביגע, זיינען אין זייערע פאָרשונגען, אפשר אונבעוואוסט פאר זיך אליין, געווען שטאַרק פּארטהייאיש פאר *יעזוסען* און פאר'ן קריסטענטהום איז גאַנץ מעגליך, אַז א איד איז מיט'ן בעסטען ווונש אונבעוואוסט פּארטהייאיש געגען *יעזוס'ען* און געגען קריסטענטהום. אויף אזויוויט איז עס מענשליך און קען ניט געהאָלפען ווערען; דיא כונה איז אָבער געווען צו זיין אונפּארטהייאיש. אויב דאָ און דאָרטען געפינען זיך מאַנכע שארפע שטעלען געגען דעם קריסטענטהום, זיינען זיי געריכטעט געגען דעם אָפיציעלען קריסטענטהום, געגען דעם קיר־

בען־קריסטענטהום, געגען דעם איצטיגען קריסטענטהום, וועלכער איז אראב פון זיין וועג און האט אין גאנצען פארלארען דעם כאראקטער, וואס זיינע גרינדער האבען איהם געוואלט געבען. יענע שטעלען זיינען ניט געריכטעט געגען דער קריסטליכער טעאריע, נאר געגען דער קריסטליכער פראקטיק, געגען דער קריסטליכער ווירקליכקייט, וועלכע איז אזוי שארף אין געגענזאץ מיט דיא קריסטליכע לעהרען.

בעטראכטענדיג עס אלס א קאפיטעל אידישע געשיכטע איז פאר אונז ניט אזוי וויכטיג, צו אזא פערזאן וויא י ע ז ו ס האט טאקע געלעבט צו יענער צייט אדער ניט, צו ער האט געהייסען יעזוס אדער האט געהאט אן אנדער נאמען, צו ער האט געלעבט מיט פופציג יאהר פריהער אדער שפעטער. פאר אונז איז פיעל מעהר וויכטיג צו וויסען, אז אזא ב ע ו ו ע ג ו נ ג האט ווירקליך עקזיסטירט און אז זיא האט געהאט אלס איהר צענטער אזא פיגור, און אמת׳ע צו אן אויסגעטראכטע, א היסטארישע צו א מיטהישע, ווי י ע ז ו ס. דיא בעוועגונג איז דער עיקר; דיא פערזאן איז פון קלענערער וויכטיגקייט.

דער וואס איז אבער בעקאנט מיט דער אידישער געשיכטע פון יענער עפאכע, מיט דער עקאנאמישער און פאליטישער לאגע, מיט דיא רעליגיעזע און פילאזאפישע אנזיכטען, מיט דעם לעבען און שטרעבען פון דיא דאמאלסדיגע אידישע פארטייען, יענער האט קיין גרונד ניט אבצולייקענען דיא מ ע ג ל י כ ק י י ט פון אזא פערזאן וויא י ע ז ו ס. האט ער ווירקליך געלעבט? דאס קען קיינער ניט וויסען אויף זיכער. אבער עס איז זעהר מעגליך, אז ער האט יע געלעבט און אויב ער האט געלעבט האט ער געדארפט זיין אזא, וויא ער ווערט דא בעשריעבען, ווייל א ז א האט זיך געפאסט פאר יענער צייט און פאר יענער לאנד, פאר יענע

## IV.

רעליגיעזע אַנזיכטען און פילאָזאָפיען, פאר יענע פאָליטישע און עקאָנאָמישע אומשטענדען. דיא היסטאָרישע סביבה פון יענער צייט האָט געמאַכט מעגליך אזא פערזאָן. דאָ ווערט אלזאָ בלויז בעשריעבען דיא לעבענסגעשיכטע פון דעם מ ע ג ל י כ ע ן י ע ז ו ס, פון דעם היסטאָריש־און־פסיכאָלאָגיש מעגליכען י ע ז ו ס.

איז י ע ז ו ס געווען א פראָסטער ארבייטער אָהן שום בילדונג אָדער ער האָט געקראָגען דיא ערציהונג פון א דאמאלסדיגען אידישען געלעהרטען? מאַנכע פון דיא קריסטליכע פארשער זוכען איהם ארויסצושטעלען אלס א פשוט׳ען מענשען. זיין פשוט׳קייט ,מיינען זיי, האָט איהם אויסגעהיט פון דעם פערדאָרבענדען איינפלוס פון דיא אידישע „ראבים“ און פון זייער שטאָלץ. אין דיעזער בעהויפטונג זעהט זיך אָבער גיכער ארויס א שנאה צו דעם דאמאלסדיגען יודענטהום וויא א פערעהרונג צום גרינדער פון דער קריסטליכער רעליגיאָן. בדאי מאַכען איהם פאר א פראָסטען מענשען, אבי ניט מודה צו זיין, אז ער האָט גענומען זיינע לעהרען פון דעם יודענטהום און פון די „ראבים“...

עס איז אמת, יעזוס׳עס פאָטער איז געווען א סטאָליער, י ע ז ו ס גופא איז אויך געווען א סטאָליער אין זיין יוגענד, אבער דאס שליסט בשום אופן ניט אוים דיא מעגליכקייט, אז יעזוס האָט בעלאנגט צו דיא געבילדעטע. ארבייט און בילדונג זיינען ביי אידען דאמאָלסט געגאַנגען האַנד און האַנד. דער כלל איז געווען, אז מען דארף דיא געלעהרענטקייט „ניט מאַכען פאר א האַק מיט איהר צו גראָבען“, ניט מאַכען פון איהר קיין פראָפעסיע צו ציהען דערפון חיונה. פיעלע אידישע געלעהרטע זיינען געווען בעלי־מלאכות, אפילו ה ל ל אליין איז געווען א פראָסטער טאָג־ארבייטער.

נעהמט מען אין אַנבעטראַכט דיא פערשיעדענע ווערטלאך און דרשות וואס ווערען איבערגעגעבען אין

י ע ז ו ס ׳ ע ס נאמען און פון וועלכע מאנכע זיינען מעגליךווירקליך זיינע, דאן מוז מען קומען צום שלוס, אז ער איז געוועזן גאנץ גוט בעקאנט ניט בלויז מיט דיא עפּיגראמען און דרשות פון דיא „ראבים“, נאר אז ער האט אויך געברויכט זייערע מעטהאָדען אין ארויספשט'לען פון דיא פסוקים געוויסע געדאנקען און לעהרען. לויט דיעזע דרשות קען ער בעטראכט ווערען אלס איינער פון יענע אידישע געלעהרטע, וועלכע מען האט שפעטער גערופען „רבנא דאגדתא“. זיי פלעגען זיך אָבגעבען מעהר מיט מוסר־זאָגען און מאראל־פּרעדיגען, מיט דער „אגדה“, ווי מיט דער „הלכה“, מיט דער פאָרשונג פון דעם געזעץ. מען דארף ניט פערגעסען, אז דיעזע „אגדה“, וועלכע האט זיך אם שטארקסטען ענטוויקעלט אין די צייטען פון די תנאים און אמוראים, האט זיך שוין אָנגעפאנגען פיעל פריהער. זאָגאר אין דיא אפאקריפען געפינען זיך שוין אגדות. וויא איינער פון זיי האט יעזוס אויך געהאלטען מעהר פון „עבודה שבלב“, פון אינערליכע רעליגיעזיטעט, וויא פון צופיעל טרוקענע צערעמאָניען.

דיא „רבנא דאגדתא“ זיינען על פי רוב אויך בעקאנט געוועזן מיט דיא געהיימע לעהרען, מיט „מעשה בראשית“ און „מעשה מרכבה“. עס איז דארום זעהר מעגליך, אז דורך זיי האט זיך עס י ע ז ו ס בעקאנט מיט דיא דאָזיגע לעהרען, וועלכע האבען א מערקווירדיגע עהנליכקייט צו דיא איצטיגע „קבלה“. דיא קבלה גופא שיינט צו זיין א מין פאָרטזעצונג און וויטערע ענטוויקלונג פון דעם אידישען גנאסטיציזם נאָך פון פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. יעזוס'עס וואהרשיינליכער אויפהאלט צווישען דיא ע ס ס ע ע ר און ט ה ע ר א פ ע ו ו ט ע ן האט אויך בייגעטראָגען דערצו, וואס ער האט זיך בעקענט מיט דיא דאָזיגע לעהרען, עס איז דארום גאר ניט נויטהיג געוועזן פאר יע־

## VI.

זום׳ען צו זיין בעקאַנט מיט דער גריכישער שפּראַך און מיט דער גריכישער ליטעראַטור, וויא עס איז געווען דער פאַל מיט פ א ו ל ׳ע ן, אום זיך צו בעקענען מיט דיא דאַזיגע לעהרען. ער האט זיי פּונקט אַזוי גוט געקענט קריגען פון אידישע לעהרער. ער איז געווען א אידישער מיסטיקער, איינער פון דיא אידישע „בעלי־הסוד״.

* * *

אויסער דיא עוואַנגעליאומס, וועלכע זיינען נאָך עד־היום דיא הויפּט־קוועלען פון וועלכע מיר קענען שעפּען אונזערע ידיעות, האָב איך זיך אויך בענוצט מיט פערשיעדענע ווערק פון קריסטליכע, סיי פון פרומע און סאי פון ניט־פרומע, און אויך מיט דיא ווערק פון אידישע שרייבער וועגען דיעזען ענין. מיט דיעזען רייכען מאטעריאל האָב איך זיך אָבער בענוצט אויף מיין אייגענעם שטייגער, פּרובירענדיג צו געבען אַזאַ בילד פון י ע ז ו ס ׳ע ן, וועלכער קען זיך נאָך מיין מיינונג אם בעסטען אריינפּאסען אין דיא ראַהמען פון יענער צייט, כאָטש דיעזער בילד שטימט ניט אין אלע פּרטים מיט דיא מאָדערנע און מאָדערנסטע „ביבעל־קריטיק״. א גרויסע טהייל פון דער זאָגענאַנטער „ביבעל־קריטיק״ בעשטעהט סאי וויא סאי פון גאנץ ווייטלויפיגע השערות....

כאָטש איך האב זיך בענוצט מיט „ביבעל קריטיק״, האָב איך איהר אין גאנצען אויסגעמיעדען אין טעקסט, ווייל דאָס איז ניט נויטהיג פאר דעם אידישען לעזער. אין ־ עזען הינזיכט געפינט זיך דער אידישער לעזער אין א בעסערע לאגע וויא דער קריסטליכער: איהם, דעם אידישען לעזער, דאַרף מען ערשט ניט בעווייזען, אז י ע ז ו ס איז ניט גאָט׳ס זוהן או אז דיא עוואנגעליומס ־נען ווערקע, וואָס זיינען געשריעבען געוואָרען פון מענשען ניט דורך „רוח־הקדש״. ער האט

קיינמאָל אַנדערש ניט געגלויבט. אגב וואָלט עס געווען אַ גאַנץ לאַנגווייליגע און אוננוצליכע ארבייט פאַר מענשען, וואָס זיינען ניט בעקאַנט מיט דעם טעקסט פון די עוואַנגעליאומס, וויא דאָס איז דער פאַל מיט דער גרויסער מאַססע פון דעם אידישען לעזער.

ריידענדיג וועגען דער ענטשטעהונג פון קריסטענטהום, האָב איך נאַטירליך אויך געמוזט ריידען וועגען דעם איינפלוס, וואָס דיא ניט־אידישע רעליגיאָנען און פילאָזאָפיען האָבען געהאַט אויפ'ן קריסטענטהום. איך האָב עס געטהאָן אזוי קורץ וויא מעגליך און נור אויף אַזוי פיעל וויפיעל עס איז אבסאָלוט נויטיג, אום צו פערשטעהען דעם געוואלטזאמען ריס און דיא פאַלשטענדיגע פערפרעמדונג וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דעם יודענטהום און קריסטענטהום, צווישען דער מוטער און דער טאָכטער.

ביי ענדע וויל איך נאָך אמאָל ווידערהאלען, אז איך האָב זיך ניט געשטעלט קיינע פאָלעמישע אויפגאבען, כאָטש מיר קומט אויס צו בעקעמפפען די פרעטענזיעס פון קריסטענטהום, אז עס האָט ענטדעקט נ י י ע עטהישע ווארהייטען, א בעהויפטונג וועלכע מען הערט היינטיגע צייטען אויך אויף דער אידישער גאס און וועלכע איז אָבער אין גאנצען אונבעגרינדעט. יענע אידישע שרייבער זיינען ניט בעקאַנט מיט דיא אידישע קוועלען און זיי זיינען פשוט בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיא קריסטליכע שרייבער.

נויאָרק, 1917.

דער מחבר.



.1

# דיא משיח־האָפנונגען ביי אידען און דאָס קריסטענטהום.

---

דאָס קריסטענטהום, וויא עס האָט זיך היסטאָריש ענט־וויקעלט און איז שפּעטער געוואָרען איינע פון דיא גרעסטע וועלט־רעליגיאָנען, איז צוזאַמענגעשטעלט פון צוויי הויפּט־עלעמענטען, פון צוויי טהיילען. איין טהייל איז א אידישער, ד׳ער צווייטער א היידנישער.

זיין שורש, דיא וואָרצלען, און דיא גאַנצע יניקה שטאַמט פון יודענטהום; זיינע צווייגען און בלעטער זיינען דאַגעגען פון היידנישער אַבשטאַמונג. זיין שורש קומט פון דער אי־דישער האָפנונג אויף א משיח און דערפון נעהמט זיך עס טאַקע דער נאָמען „קריסטוס“, וויא דער גרינדער ווערט אָנ־גערופען, וואס מיינט משיח. זיינע אנהענגער הייסען דא־רום קריסטען, דאָס הייסט, מענשען, וואָס גלויבען, אז דער פערשפּראָכענער משיח איז שוין געקומען.

ווייל מען פערשטעהן דיא ענטשטעהונג פון קריסטענ־טהום, מוז מען דארום אויך וויסען דיא געשיכטע פון דער ענטוויקלונג פון דעם משיח־בעגריף און דיא משיח־האָפנונג ביי דיא אידען.

* * *

וויא אַלע אנדערע מענשליכע בעגריפע, וויא, צום ביי־שפּיעל, דיא בעגריפע פון גאָט, פון א לעבען נאָך׳ן טוידט א. ד. גל. איז אויך דער משיח־בעגריף דורכגעגאַנגען ביי אי־

דען א גאנצע רייהע פון ענטוויקלונגען, פון א פּראָסטען און איינפאכען צו א מעהר העכערען און עדעלערען.

פון אָנפאנג האָט דער וואָרט „משיח“ געהאט א גאנץ איינפאכע און פּשוט׳ע בעדייטונג. משיח הייסט אויף העב־רעאיש א געזאלבטער. אזוי וויא יעדער קעניג פלעגט ווערען געזאלבט מיט .בוים־אויל, האָט יעדער קעניג געהייסען משיח אָדער משוח; דיא אידישע קעניגע האָבען געהייסען „משיחי יהוה“, דיא געזאלבטע פון יהוה. זאָגאר דער פּערזישער קעניג כרש ווערט בעצייכענט מיט׳ן נאָמען משיח. דאָס האָט בלויז געמיינט, אז זיי זיינען אויסגעקליעבען געוואָרען פון גאָט גופא צו הערשען איבער זיין פאָלק; זיי זיינען דורך דעם געוואָרען, וויא מען דריקט זיך עס איצט אויס — „הערשער פון גאָט׳ס גנאדען“. און שוין דער ערשטער אידישער קעניג שאול ווערט בעצייכענט מיט דעם נאָמען „משיח“. צו האָט דיעזע זאלבונג מיט בוים־אויל דאמאָלס געהאט א געוויסע מיסטישע, געהיימע, בעדייטונג אָדער דאָס איז בלויז געווען א סימן פון חשיבות, איז ניט נוגע צו אונזער ענין.

פריהער, ווען דיא אידען האָבען נאָך ניט געהאט קיין קעניגע, אין דיא עפּאָכע פון דיא שופטים, זיינען זייערע מלחמה־פיהרער און רעגיערער בעקאנט געווען מיט דעם נאמען „משויע“ (העלפר, ערלעזער), און גאנץ אָפט ווערט דערצעהלט אין שופטים: „ויקם להם מושיע“,—עס איז זיי אויפגעשטאנען אַן ערלעזער. מאנכע געלעהרטע זיינען מיט דער מיינונג, אז דער נאָמען „משה“ שטאמט פון דעם וואָרט „מושיע“ — דער ערלייזער, דער ערשטער ער־לייזער פון דעם אידישען פאָלק.

דאס אידישע פאָלק האט געהאט זעהר ווייניג גליקליכע צייטען אין זיין לאנגע געשיכטע. פריהער איז עס געווען א שקלאפען־פאָלק אין עגיפּטען. ווען עס האָט זיך ארויס־געריסען פון שקלאפען־הויז און האָט זיך בעזעצט אין ארץ־ישראל, האָט עס אויך ניט געהאט פיעל בעסער. עס האָט

געהאט אויסצושטעהן אלערליי נגישות און צרות סאי פון דיא אלטע בעוואהנער פון לאנד און סאי פון דיא ארומיגע שכנים, אונטער וועלכע דיא אידען זיינען גאנץ אפט אונטער־יאכט געווארען און ווענען זיי האבען געדארפט צאהלען צינ־זען. דיא בעסטע צייטען פון דעם אידישען פאלק זיינען אין גאנצען געווען א וועלכע ניט איז זעכציג יאהר: דיא לעצ־טע יאהרען פון דוד׳ם הערשאפט און פון זיין זוהן שלמה. דיא צוטהיילונג פון שלמה׳ם קעניגרייך אין צווייען באלד נאך זיין טוידט, בעווייזט, אז דאס פאלק איז געווען ניט אין גאנצען צופריעדען מיט איהם. אבער סיי וויא סיי, דאס איז געווען דיא בעסטע צייט אין דער אידישער געשיכטע און דאס איז מסתמא אויך דיא אורזאכע, ווארום דער קעניג דוד און זיין דינאסטיע איז אזוי בעליעבט געבליעבען אין דעם פאלק׳ס פארשטעלונג, ווען עס האט געטרוימט פון פרייערע און גליקליכערע צייטען.

דיא געאגראפישע לאגע פון ארץ ישראל איז געווען זעהר אן אונגליקליכע: זיא איז געלעגען צווישען דיא גרע־נעצען פון דיא צוויי גרויס־מעכטע פון יענער צייט. פון איין זייט זיינען געווען דיא עגיפטער און פון דער אנדערער זייט דיא אסיריער און שפעטער דיא באביליאנער. און אזוי האט עס פאסירט, אז אמאל פלעגט ארץ ישראל בעפאלען ווערען פון איינער פון דיעזע רויבערישע מעכטע און אמאל פון דער אנדערער. דערצו, ווען דיא דאזיגע מלוכות פלעגען פיהרען זייערע מלחמות, פלעגען זייערע ארמעען דורכמארשירען ארץ ישראל און עס פערשטעהט זיך, אז דיא אידען האבען געהאט גענוג אויסצושטעהן פוןביידען.

א פאלק מיט א פערגאנגענהייט פון שקלאפעריי, וויינינ־סטענס מיט אזא טראדיציע, און דערצו מיט אן אונגליקליכע געגענווארט, איז פאר איהם בלויז געבליעבען זיך צו טרייסטען און צו האפען אויף א בעסערע צוקונפט. דערפון נעהמט זיך עס דיא העכסט אינטערעסאנטע ערשיינונג, וואס וועה־רענד דיא מעהרסטע אנדערע אלטע פעלקער האבען זיך

פֿארגעשטעלט דעם גאָלדענעם צייט־אַלטער אין דער פערגאַנ־גענהייט האָבען דיא אידען געטרוימט וועגען א גאָלדענעם צייט־אַלטער אין דער צוקונפט.

און דער טרוים איז פון אָנפאַנג געווען א בעגרענעצטער און א ריין נאַציאָנאַלער. עס האָט געהאָפט און ערוואַרטעט א מעכטיגען קעניג, א גאָט'ס געזאַלבטען (א משיח ה"), וועלכער וועט זיי אויסלייזען און ראַכע נעהמען פון זייערע שונאים. ער וועט „אויפשטעלען דיא איינגעפאַלענע סוכה פון דוד", וועט בעפעסטיגען און בעשיצען דאָס לאַנד. דאָס אידישע פאָלק וועט לעבען בשלום אויף זיין לאַנד: „זיי וועלען בויען שטעדט און אין זיי וואָהנען; פלאַנצען וויין־גערטנער און טרינקען דיא וויין; ערציהען גערטנער און עסען זייערע פרוכט".

וואָלט אזא זאך פּאַסירט, וואָלטווירקליך אויפגעשטאַ־נען אזא קעניג, וועלכער וואָלט בעזאָרגט דעם אידישען פאָלק מיט א זיכערע עקזיסטענץ און וואָלט איהם בעשיצט פון דיא ארומיגע שכנים; ווען אזא זאך וואָלט געקענט פּאַ־סירען, וואָלט פון דיא אידען מסתמא זיך אויסגעבילדעט א קלענערע אָדער גרעסערע וועלט־מאַכט לויט יענער צייט, פון וועלכע עס וואָלט שוין אָבער היינט קיין שריד ופליט ניט געבליעבען, פונקט וויא עס איז גאָר נישט געוואָרען פון דיא אַנדערע גרויס־מעכטע פון יענער צייט.

צום גליק אָדער צום אונגליק האָט זיך אזא „משיח" ניט בעוויעזען; לויט דיא פּאָליטישע און געאָגראַפישע לאַגע האָט ער זיך ניט געקענט בעווייזען. דיא אידען האָבען אַלץ געליטען מעהר און מעהר און זייער האָפנונג אויף אַן ער־לייזונג און אַן ערלייזער האָט ווילענדיג ניט ווילענדיג געמוזט אָבגערוקט ווערען אויף א ווייטערע און אימּמער ווייטערע צוקונפט, אויף אַן „אחרית הימים" — אויף דיא ענדע פון דיא טעג. און וואָס ווייטער אין דער צוקונפט דיא ערלייזונג און דער ערלייזער האָט געמוזט אָבגערוקט ווערען, אַלץ הער־ליכער, ערהאַבענער, גרויסאַרטיגער און אַלגעמיין־מענשלי־

בער איז ער געוואָרען. דאָס אידישע פאָלק איז געוואַקסען, האָט זיך ענטוויקעלט און צוזאַמען מיט איהם זיינען נאַטירליך אויך געוואַקסען זיינע בעגריפע און פאָרשטעלונגען.

דאָס אידישע פאָלק האָט געליטען פון זיינע אייגענע „שלעכטע פאַסטוכער", פון זיינע אייגענע רייכע, „וואָס עססען מיין פאָלק וויא מען עסט ברויט", „וואָס בערויבען דעם אָרעמאַן, דעם יתום און דיא אַלמנה", וואָס פערכאַפּען פאַר זיך דיא פעלדער און דיא הייזער פון דיא אָרעמע און שוואַכע, אָבער ניט וויינינער, און אפשר נאָך מעהר, האָט עס געליטען פון דיא ארומיגע פעלקער, צווישען וועלכע עס איז געוועזן „קליין און ארעם", צו „שאַנדע און צו שפּאָט". און וועהרענד דיא אידישע נביאים האָבּען געפלוכט און גע־שטורמט געגען דיא אייגענע רייכע רויבער, געגען דיא שינ־דער און אויסבייטער פון ארימען פאָלק, האבען זיי אויך פּראָ־טעסטירט געגען דער וועלט־פיהרונג בכלל, געגען דיא אונגע־רעכטיגקייט, וואָס הערשט. זייער געשריי איז געוועזן פון איין זייט א פלוך געגען דיא מענשליכע אונגערעכטיגקייט פון מענש צום מענשען, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך א גליהענדער פּראָטעסט געגען דעם רבונו של עולם גופא, געגען גאָט'ס אונגערעכטיגקייטען, אויב מען קען זיך אַזוי אויס־דריקען. אַזעלכע טענות געפינט מען ביי ירמיהו, חבקוק א. ד. גל.

דיא צרות, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געהאַט אויס־צושטעהן, ניט פיהלענדיג זיך ערגער און זינדיגער פון אַלע אנדערע פעלקער, האָבען אין איהם ענטוויקעלט א שטאַרקען געפיהל פון פּראָטעסט געגען אונגרעכטיגקייטען. עס זיינען דיא אונטערדריקטע און שוואַכע, וועלכע ליידען פון יושר און גערכעטיגקייט; דיא שטאַרקע און מעכטיגע דאַר־פען עס ניט. פאָדערענדיג און זוכענדיג גערעכטיגקייט פאַר זיך, איז דאָס אידישע פאָלק דורך דעם געוואָרען דער טרע־גער פון דעם גערעכטיגקייטס־אידעאַל בכלל, פאַר דער גאַנ־צער מענשהייט, פאַר דער גאַנצער וועלט. האָפענדיג און

ווארטענדיג אויף אן ערלייזער פאר זיך, האט זיך דאס אידישע פאלק אין זיינע העכסטע פארשטעהען ביסלאכווייז דער־הויבען צום בעגריף פון אן ערלייזער פאר דער גאנצער וועלט.

און אט אזוי זעהען מיר שוין, אז דער משיח בעגריף פון א ישעיהו, ירמיהו און אנדערע נביאים איז שוין געווא־רען פיעל טיעפער און אלמענשליכער. דאס אידישע פאלק איז, אמת, נאך אלץ דער מיטעל־פונקט פון דער גאולה, אבער די גאנצע מענשהייט ווערט ניט אויסגעשלאסען. עס איז שוין ניט מעהר סתם א קעניג, וואס וועט העלפען בלויז דעם אידי־שען פאלק; ער ווערט שוין דער ריכטער פון אלע פעלקער. כ'וועט ארויס א צווייג פון ווארצעל ישי (פון דיא דינאסטיע דוד) און עס וועט אויף איהם רוהען גאטעס גייסט, א גייסט פון חכמה און פערשטאנד, א גייסט פון ראטה און שטארקייט, א גייסט פון וויסען און גאטספארכטיגקייט. גערעכטיגקייט וועט זיין דער גארטעל פון זיינע לענדען. פון ציון וועט ארויס דיא לעהרע און גאט'ס ווארט פון ירושלים. ער וועט אויך זיין דער פרינץ פון פריעדען און ער וועט זיין דער ריכטער צווישען דיא פעלקער. איין פאלק אויף דעם אנדערען וועט ניט הויבען קיין שווערד און זיי וועלען זיך מעהר ניט לערנען מלחמה. פון זייערע שווערדען וועלען זיי מאכען אקער־אייזענס און פון זייערע שפיזען וועלען זיי מאכען שנייד־מעסערס. שלעכטקייט און פערדארבענהייט וועלען פער־שווינדען, אזוי אז דער שעפס מיט'ן וואלף וועלען וואהנען צוזאמען, און דער לעמפערט וועט רוהען מיט א ציגעלע. דער לייב וועט וויא א קוה עסען שטרוי און א זויגענדיג קינד וועט זיך שפיעלען מיט א שלאנג". דאס אלעס וועט פאסירען „באחרית הימים" — אין דיא ענדע פון דיא טעג.

דאס איז אין קורצע שטריכען דאס בילד פון דער צו־קונפטיגער געזעלשאפט, וויא ישעיה שטעלט זיך עס פאר דאס איז זיין משיח־אידעאל, זיין אוטאפיע. און דאס איז גע־זאגט ניט בלויז אויף דעם אידישען פאלק, נאר אויך אויף אלע פעלקער. אפילו אויף דיא וועלכע האבען געדריקט דעם אי־

דישען פאָלק: „געבענשט זאָל זיין מיין פאָלק מצרים און דאס ווערק פון מיינע הענד אשור", רופט אויס דער נביא אין נאָמען פון גאָט, גראָדע דיא צוויי פעלקער פון וועלכע דיא אידען האָבען דאמאָלסט אם מעהרסטען געליטען.

אין דעם זעלבען זינן ווערט דער משיח־געדאנק אויך פערשטאַנען פון דיא שפּעטערע נביאים. זיי האָפען אויף א צייט ווען אַלע פעלקער וועלען רופען אין גאָט'ס נאָמען, ווען זיי וועלען אַלע צוזאַמען איהם דיענען, ווען גאָטעס הויז וועט זיין א געבעט'ס פּלאַטץ פאר אַלע פעלקער. דיא מענשען וועלען זיין גליקליך און רוהיג, דאָס לאַנד וועט זיין פרוכטבאר, אפילו דיא בייזע חיות וועלען מעהר ניט טוידטען. דאָס מענשליכע לעבען וועט ווערען פערלענגערט און דער וואָס וועט שטארבען צו הונדערט יאָהר וועט בעטראכט ווערען פאר א יונג געשטאָרבענעם.

ביז אהער איז דער משיח־אידעאַל פון דיא נביאים א גאַנץ נאַטירליכער, אויב ניט א מעגליכער. עס מעג זיין בלויז א שעהנע אוטאָפּיע, אַן אונערריייכבארער אידעאַל, אָבער דאָך א מענשליכער, א ערדישער, אויב מ'קען זיך אַזוי אויס־דריקען. עס ווערט געטרוימט פון מענשליכען גליק און וואויל־זיין אויף דיזער וועלט. עס ווערט ניט גערעדט פון א „הימעלשער קעניגרייך"; עס ווערט ניט גערעדט פון אַן איבערנאַטירליכען וועזען; עס ווערט ניט גערעדט פון א גייסטיגען ערלייזער, וואס דארף פריהער אויסלייזען דיא מענשהייט פון זינד; עס ווערט אויך ניט גערעדט פון א משיח וואָס דארף ליידען פון אונזערט וועגען.

אָבער ביי דעם צווייטען ישעיה*), וועלכער האָט גע־לעבט און געזונגען, ווען דער פערזישער קעניג כרש, דער בעזיעגער פון בבל, האָט דיא אידען געגעבען ערלויבניש זיך צוריקצוקעהרען אין ארץ ישראל, ביי דיעזען נביא געפינט מען שוין דיא שפּראָצונג פון א גאַנץ נייעם געדאנק, וויניג־

*) פון קאַפּיטעל מ' ביז ענדע פון בוך ישעיה.

סטענס ניי ביי אידען. דיעזער געדאנק בעשטעהט אין דעם, אז דער „עבד ה׳“, גאט׳ס קנעכט, ליידעט ניט פאר זיינע איי־גענע זינד, נאר פאר די זינד פון אונז אלעמען, פאר דיא זינד פון דער מענשהייט.

אט וועל איך דא איבערגעבען בקיצור דעם אינהאלט פון דעם דאזיגען מערקווירדיגען קאפיטעל:

„ווער וואלט עס געקענט גלויבען, ווען מען דערצעהלט איהם. ניט קיין אויסזעהן און ניט קיין שעהנקייט, פעראכ־טעט און אויסגעמיעדען פון מענשען, א קראנקער און א צרה־דיגער — ווער האט זיך אויף איהם אנגעקוקט? און דאך, אונזערע קראנקהייטען האט ער געטראגען און אונזערע יסורים האט ער געליטען. מיר האבען איהם בעטראכט פאר א פון גאט־געפלאגטען און געפייניגטען, און אין אמת׳ען האט ער געליטען פון אונזערע זינד; דורך זיינע ליידען זיינען מיר געהיילט געווארען. מיר האבען אלע וויא שאף געבלאנדזשעט, יעדער איז געגאנגען זיין וועג און גאט האט איהם געשטראפט פאר אונזערע אלעמענס זינד. ער האט געליטען, ער איז גע־פייניגט געווארען און ער האט געשוויגען, אזוי וויא א שעפעלע וואס ווערט געפיהרט צום שלאכט. מען האט צווי־שען רשעים פאר איהם א קבר בעשטימט, כאטש ער האט קיין אומרעכט ניט געטהאן. דארום וועט ער קריעגען פלאטץ צווישען דיא גרויסע און מעכטיגע“.

דיעזער קאפיטעל ווערט פון דיא קריסטען אויסגעלייגט אויף יעזוס׳ען. דאס איז נאטירליך אן אונזינן, ווייל דיעזער ישעיה האט געלעבט וויינינגסטענס מיט פינף הונדערט יאהר פריהער. מאנכע געלעהרטע ווילען האבען, אז דאס בע־שרייבט ער זיינעם א צייט גענאסע, איינעם פון דיא ערשטע וואס האבען זיך צוריקגעקעהרט ביים ערשטען מאל פון בבל, וועלכער האט געליטען א מארטירער טוידט. דיא מעהרסטע געלעהרטע און אויך דיא אידישע מפורשים זיינען מיט דער מיינונג, אז מיט דעם „עבד ה׳“, גאט׳ס קנעכט, מיינט ער דעם אידישען פאלק, וועלכער ליידעט פאר דער גאנצער מענש־

הייט. דער גאנצער צווייטער ישעיה איז פולל מיט דעם דאזיגען געדאנק. ביי פיעלע פון דיא אלטע פעלקער אין יענער צייט איז געווען פערשפרייט דער גלויבען אין א ליי־דענדען גאט, וועלכער ווערט געבראכט אלס א קרבן פאר דיא מענשליכע זינד און וועלכר שטעהט אויף צוריק תחית־המתים. דער אידישער נביא האט געבארגט דיעזען געדאנק און האט איהם אנגעווענדעט אויף'ן אידישען פאלק, וועלכער איז פערראכטעט און פערפאלגט כדי ער זאל פערגעבען דיא זינד פון דער מענשהייט.

דאס איז געוויסער־מאסען געווען א שטיק געשיכטס־פילאזאפיע. דאס איז א פראבע צו פערענטפערען דיא פראגע, ווארום דאס אידישע פאלק ווערט אזוי געפלאגט און געפיי־ניגט, ווערדענד עס איז ניט ערגער פון אלע אנדערע פעלקער, א פראגע מיט וועלכע אויך אנדערע נביאים האבען זיך אפ־געגעבען. דער תירוץ איז פשוט: דאס אידישע פאלק איז אויסערוועהלט געווארען פון גאט, כדי דורך זיינע ליידען זאל ער אויסלייזען דיא מענשהייט. דערפאר וועט ער ענדליך קריעגען זיין בעלאהנונג.

ווי די זאך זאל ניט זיין, דער צווייטער ישעיה איז געווען דער ערשטער, וואס האט אין דער נביאים'שער ליטע־ראטור אריינגעבראכט דעם געדאנק, אז די מענשהייט ברויכט אויסגעלייזט צו ווערען פון איהרע זינד דורך דיא ליידען פון אן אונשולדיגען, צי פון אן אונשולדיגען גאנצען פאלק צי פון אן איינצעלנעם מענשען.

דאס איז געווען א וויכטיגער בייטראג צו דער וויטערער ענטוויקלונג פון דעם משיח געדאנק און דיא משיח־האפנונגען ביי דיא אידען. צו זיין ריין נאטירליכען, פשוט־ראציאנאלען כאראקטער האט פון איצט אן דער משיח־געדאנק אויך צו־געקראגען א געוויסע געהיימניספולקייט, א געוויסען מיסטי־ציזם. דא איז געווען דער פערנאנדערגאנגס־פונקט, וואו דיא וועגען פאנגען זיך אן פערנאנדערצושיידען. דער משיח־גע־דאנק ענטוויקעלט זיך אין צוויי ריכטונגען: א פשוט־נאטיר־

ליבער, וואס האפט אויף א ערדישען קעניג און קעניגרייך, וואס שטאמט פון דער דינאסטיע דוד (בן דוד) וועלכער וועט בעפרייען דיא אידען פון גלות און „עס איז ניטא קיין חלוק צווישען איצטער און משיח׳ס צייט אויסער וואס אידען וועלען ניט זיין אין גלות“. זייט ביי זייט קומט אן איבערנאַטירליכע ריכטונג, וואס גלויבט אין א משיח, וועלכער געפינט זיך אין הימעל זייט דיא וועלט איז בעשאפען געווארען און וואו עס רעדט זיך פון א ירושלים אין הימעל. דיעזעביידע בעגריעפע קומען אפט אין צוזאמענשטויס איינע מיט דיא אנדערע, ווערען אויסגעמישט און פערפלאנטערט און עס קומט ארויס א משיח־בילד, וועלכער איז זיך סותר אין זיך גופא.

דיא האפנונגען, וואס דיא אידען האבען געלייגט אויף דעם צוריקקעהר פון בבל זיינען ניט ערפילט געווארען. דיא גילדערנע פערשפרעכונגען פון א ישעיה און דיא אנדערע נביאים זיינען ניט מקוים געווארען. אנשטאט א גרויסעס, מעכטיגעס פאלק, זיינען דיא אידען געבליעבען אן ארעם, קליין, צוכראכען פאלק, וואס איז געווען פערשקלאפט אויף זיין אייגען לאנד, פריהער צו דיא פערזיער און נאכדעם צו דיא גריכען.' דאס איז העכסט וואהרשיינליך געווען דיא אורזאכע, וואס דיא איבערנאטירליכע ריכטונג אין דעם משיח־געדאנק האט געקראגען פיעל אנהענגער און עס האט זיך אויסגעארבייט א גאנצע ליטעראטור וועגען דעם עניין. איין בוך פון דיעזער ליטעראטור איז אויך אנערקענט געוואַרען פון דיא אידען און איז אריינגענומען געווארען אין דיא „הייליגע שריפטען“. דאס איז דער בוך דניאל, וואו עס געפינט זיך שוין וועגען משיח דער אויסדרוק, „וויא א מענשען־קינד וואס קומט פון דיא וואלקענס“. פיעל מעהר און דייטליכער ווערט וועגען דעם גערעדט אין דיא „אפאקריפישע“ שריפטען, דיא ניט־קאנאניזירטע שריפטען פון דער ביבעל,

וועלכע זיינען פון דיא אידען ניט אנערקענט געוואָרען*). מאנכע שטעלען פון דיא דאָזיגע ביכער זיינען אָהן צווייפעל שפּעטער געפעלשט געוואָרען פון דיא ערשטע קריסטען. אָבער דער פאַקט בלייבט דאָך, אז אזא מיסטישע ריכטונג האָט עקזיסטירט לאַנג פריהער איידער יעזוס האָט זיך בעוויעזען. עס פערשטעהט זיך, אז דיא אידישע ריכטונג איז געווען אין גאַנצען פריי פון א גאָט'ס זוהן אין דעם ענגען זינן פון וואָרט און פון א הייליגע בתולה, וועלכע איז גאָט'ס מוטער, וויא דאָס קריסטענטהום האָט עס שפּעטער אויסגעאַרבייט. דאָס האָט דאָס קריסטענטהום אריינגענומען פון דיא היידנישע פעלקער. אָבער וועגען דעם וועט אונז נאָך אויסקומען צו ריידען אין דיא שפּעטערדיגע קאַפּיטלען.



*) דיעזע זיינען אויך בעקאַנט אַלס „כתובים אחרונים" און „ספרים חצונים", אויסעננעבליעבענע ביכער, דיא ניט־קאַנאָניזירטע.

.2

# דיא פאָליטישע און עקאָנאָמישע לאגע פון דיא אידען אין דער צייט פון צווייטען בית המקדש.

דער צוריקקעהר פון בבל, וועלכער איז אזוי הערליך און מיט אזעלכע גליהענדע ווערטער בעזונגען געוואָרען פון'ם צווייטען ישעיה, האט בשום אופן ניט ערפילט דיא גרויסע ערוואַרטונגען פון דעם אידישען פאָלק. עס האָט ניט לאנג גענומען און דיא אידען זיינען ביטער ענטוישט געוואָרען אין זייערע האָפנונגען. דיא ערלויבנים, וואָס דער פערזישער קעניג כ ר ש האָט געגעבען צו דיא געפאַנגענע אידען אין בבל, אז זיי קענען צוריקקעהרען אין זייער אַלטען פאַטערלאנד, אין ארץ ישראל, האָט בשום אופן ניט געמיינט, אז דיא אידישע מלוכה ווערט צוריק אויפגעשטעלט. דיא אידען האָבען בלויז געקראָגען אַ געוויסע זעלבסטשטענדיגקייט אין דיא אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון לאנד און אין רעליגיעזע ענינים. אין אַלעם איבעריגען איז ארץ ישראל געבליעבען אַ פערזישע פראָווינץ און האָט געהאַט צו צאָהלען שווערע שטייערען צו דער פערזישער רעגיערונג.

דיא פאָליטישע לאגע פון דיא אידען איז געוואָרען נאָך ערגער אונטער דער הערשאפט פון כ ר ש'ע ס נאָכפאָלגער.

דיא ערשטע עקספעדיציע פון בבל איז געוועזן אונטער דער פיהרערשאפט פון ז ר ו ב ב ל ב ן ש א ל ת י א ל און פון י ה ו ש ו ע ב ן י ה ו צ ד ק. דער ערשטער

האט אבגעשטאמט פון דער דינאסטיע דוד; דער צווייטער האט אבגעשטאמט פון דיא כהנים גדולים. זרובבל איז געוועזן דער שטאטהאלטער (פחה), בעשטימט פון כורש'ן, וועהרענד יהושוע איז געוועזן דער כהן גדול.

אבער אזוי שנעל וויא זיי האבען אנגעפאנגען בויען דעם טעמפעל און פערפעסטיגען די מויערען פון דער שטאדט, האבען זיך גענומען בעווייזען אונערווארטעטע שוועריגקייטען. דיא ארטיגע ניט־אידישע בעפעלקערונג פון ארץ ישראל און דיא שומרונים האבען געמאכט אלערליי שטערונגען. ענדליך האבען זיי זיך ניט בענוגענט דערמיט, און זיי האבען אוועקגעשיקט א בריעף צום פערסישען קעניג, אין וועלכען זיי האבען פער'מסר'ט דיא אידען, אז זיי זיינען פון שטענדיג אן רעוואלוציאנערען און אז זיי האבען בדעה צוריק צו שטעלען דיא אידישע מלוכה. עס איז באלד אנגעקומען א בעפעהל, אז עס זאל ניט דערלאזט ווערען דיא אידען צו בויען דעם טעמפעל און דיא שטאדט. מען האט געמוזט אויפגעבען דיא ארבייט ביז א מעהר גינסטיגערע צייט, ווען דער קעניג דריוש האט ווידער געגעבען דיא ערלויבנים.

אין דער זעלבער צייט זיינען אויך פארגעקומען צוויס־טיגקייטען צווישען זרובבל און יהושוע גופא. איין פארטיי האט בעטראכט זרובבל'ען פאר דעם הויפט (דער נביא חגי), ווייל ער איז פון קעניגליכער אבשטאמונג און פון דער דינאסטיע דוד; דער אנדערער צד האט געהאלטען מיט דעם כהן גדול (צווישען זיי איז אפנים אויך געוועזן דער נביא זכריה, וועלכער האט אפילו געוואלט מאכען א פשרה, אז זיי זאלען ביידע גלייך הערשען). דאס איז געוועזן דער אלטער קריעג צווישען דיא וועלטליכע מאכט און דיא פריעסטער־מאכט. אויסגעלאזען האט זיך דער קריעג דערמיט, וואס זרובבל איז געצוואונגען געווארען אבצוטרעטען פאר'ן כהן גדול. עס איז העכסט וואהרשיינליך, אז ער איז צוריק גערו־פען געווארען אין בבל. פון דעם שטאנדפונקט פון דער פער־זישער רעגיערונג איז זרובבל געוועזן מעהר געפעהרליך טאקע

דערפאַר, וואָס ער האָט אָבגעשטאַמט פון דער אַלטער אידי־
שער קעניגליכער משפחה. מיט דעם פערשווינדען פון זרובבל
איז דיא האָפנונג אויף אַ זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה
אונטער דער הערשאַפט פון דער דינאַסטיע דוד אָבגעלעגט
געוואָרען אויף אַ מעהר גליקליכע צייט אין דער צוקונפט.

דיא צווייטע עקספעדיציע פון בבל, מיט אַ פּאָאַר צעהנ־
דליג יאהרען שפּעטער, איז געווען אונטער דער פיהרערשאַפט
פון עזרא דעם שרייבער (עזרא הסופר), וועמען עס איז עט־
וואס שפּעטער שטארק בעהילפיג געווען נ ח מ י ה,
אַ איד, וועלכער איז געווען זעהר אַן אנגעזעהענע פּערזאָן אין
דעם פּערזישען קעניגליכען הויף. עזרא האָט זיך מעהר אָבגע־
געבען מיט דעם גייסטיגען לעבען פון פאָלק, וועהרענד נחמיה
האָט זיך מעהר בעשעפטיגט מיט'ן מאַטעריעלען וואויל־זיין.
עזרא האָט איינגעפיהרט פערשיעדענע תקנות אין רעליגיעזען
און געזעלשאַפטליכען לעבען. ער האָט געזוכט צו ערהאַלטען
דיא בלוט־ריינקייט פון דעם פאָלק דערמיט, וואָס ער האָט גע־
צוואונגען דיא אידען אוועקצושיקען זייערע היידנישע פרויען
און האָט פערבאָטען געמישטע חתונות. ער האָט דערצו
איינגעפיהרט שולען, וואו דיא העברעאישע שפראך, וועלכע
איז שוין טהיילווייז פערגעסען געוואָרען, איז ווידער גע־
וואָרען דיא לעהר־שפּראַך און דורך דעם אויך דיא אומגאַנג
און נאַציאָנאַלע שפּראַך. ער האָט אויך איינגעפיהרט פאָרצו־
לייענען פאַר דעם עולם דיא הייליגע שריפטען און זיי ער־
קלעהרען. דערצו האט ער זיך אבגעגעבען מיט'ן זאַמלען
פון דיא אַלע ליטעראַרישע מאַנוסקריפּטען, וועלכע זיינען פון
איהם און דיא כנסת הגדולה (דער גרויסער סינאָד) צוזאַמענ־
געשטעלט און רעדאַקטירט געוואָרען. מען קען זאָגען, אַז ער
איז דער אמת'ער גרינדער פון דעם היסטאָרישען יודענטהום.
ער האָט הפנים אויפגעגעבען דיא האָפנונג, אַז דאָס אידישע
פּאָלק וועט ווערען אַ שטאַרקע פּאָליטישע מאַכט אין דיא נאָ־
הענטע צוקונפט. ער האָט דארום אָנגעווענדעט אַלע זיינע
כוחות צו פאָרמירען און אויסבילדען אַ נאַציאָן, וועלכע זאָל

קענען עקזיסטירען אָהן א שטאַרקען מלוכה־לעבען ; א פאָלק, וועמעס שטאַרקייט עס זאָל בעשטעהען אין זיין קולטור, אין זיין רעליגיאָן, מאָראַל, ליטעראַטור און געזעצע.

נ ח מ י ה איז געווען א טיכטיגער אָרגאַניזאַטאָר און א געשיקטער שטאַאַטס־מאַן. טראָטץ דיא אלע שטערונגען פון דיא שומרונים און דיא אנדערע פעלקערשאַפטען און טראָטץ דעם, וואס מען האט אויף איהם גע׳מסר׳ט, אז ער האט בדעה צו רעבעלירען געגען די פערזיער און גרינדען א זעלבסטשטענדיגע אידישע מלוכה, טראָטץ דעם איז איהם דאָך געלונגען דורכצוזעטצען זיין ארבייט, צו בעבויען און בעפעסטיגען ירושלים. „מיט׳ן שווערד אין איין האנד, האבען מיר מיט דיא אנדערע געבויט", דערצעהלט ער אליין וועגען דעם.

וויא עס צו זעהן פון דעם, וואָס דאָ ווערט בקיצור דערצעהלט, איז דיא פאָליטישע לאגע פון דיא אידען דאַמאָלסט געווען זעהר א שלעכטע. ניט נאָר איז ארץ ישראל געווען בלויז א פראָווינץ פון דער פערזישער מלוכה אָהן ווירקליכער זעלבסטשטענדיגקייט, נאָר דאָס אידישע פאָלק האָט אויך געהאַט צו ליידען צרות פון די ארומיגע פעלקערשאַפטען.

אָבער דיא עקאָנאָמישע לאגע איז געווען נאָך ערגער. פון איין זייט זיינען דיא שטייערען געווען אונערטרעגליך און דיא אידען בעקלאָגען זיך : „מיר זיינען היינט שקלאַפען אויף אונזער אייגען לאנד. דיא תבואות זיינען מיר געצוואונגען אָוועקצוגעבען אלס צינזען צו פרעמדע קעניגע ; אויף אונזערע קערפערס געוועלטיגען זיי ; מיט אונזערע בהמות טהוען זיי וואָס זיי ווילען", דער נביא ח ג י דערצעהלט : „מען זייעט פיעל און מען נעהמט אריין ווייניג ; עס איז ניטאָ וואָס צו עסען, ניטאָ וואָס צו טרינקען, ניטאָ קיין קליידונג, און אז מען פערדיענט איז עס וויא א לעכערדיגע בייטעל".

אָבער ניט בלויז זיינען דיא אידען אויסגעזויגט געוואָרען פון דיא פרעמדע רעגיערער, זיי זיינען ניט בעסער בעהאנדעלט געוואָרן פון זייערע אייגענע אריסטאָקראטען און רייכע.

אין נחמיה (קאפיטעל ה׳) ווערט דערצעהלט פון א מין בויע־רען רעוואלוציע, וואס דער פראסטער עולם האט געמאכט גע־גען דיא רייכע „ברידער אידען". „מאנכע האבען גע׳טענה׳ט: מיר, אונזערע זיהן און טעכטער זיינען די מעהרהייט; מיר ווע־לען נ ע ה מ ע ן דיא תבואה און עסען און ניט אויסהונ־גערען. אנדערע האבען גע׳טענה׳ט: אונזערע פעלדער, וויין־גערטנער און הייזער האבען מיר צו זיי געמוזט פער׳משכן׳ען, איצטער אז עס איז הונגער ווערען מיר נעהמען דיא תבואות. אנדערע האבען גע׳טענה׳ט: מיר האבען געליהען געלד צו בע־צאהלען דיא שטייערען פאר׳ן קעניג און מיר האבען פער־משכנט אונזערע פעלדער און וויין־גערטנער, און איז דען ניט אונזער לייב פונקט אזוי גוט וויא זייערע? זיינען דען ניט אונזערע קינדער אזוי גוט וויא זייערע? מיר ווערען גע־צוואונגען אונזערע זיהן און טעכטער פאר שקלאפען צו מא־כען. מאנכע פון אונזערע טעכטער זיינען שוין שקלאפען, און מיר קענען זיי ניט אויסלייזען, ווייל אונזערע פעלדער און וויין־גערטנער בעלאנגען צו אנדערע".

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז ניט מעהר וויא נא־טירליך, אז דאס אידישע פאלק איז נעוועזען ניט זעהר שטארק צופריעדען מיט זיין לאגע. ניט זייענדיג אליין אימשטאנדע עטוואס צו טהאן פאר זיך, האט עס געהאפט און געווארט אויף בעסערע צייטען. עס האט זיך געפרעהט מיט יעדע ענ־דערונג. און אזוי האט עס פאסירט, וואס מאנכע האבען זא־גאר אין א ל כ ס נ ד ר ד ע ם ג ר ו י ס ע ן, דער בע־זיעגער פון די פערזיער, געזעהן דעם משיח, פונקט וויא זייע־רע אור־עלטערען האבען געזעהן דעם משיח אין כ ר ש, דעם בעזיעגער פון בבל.

און אלכסנדר דער גרויסער איז געוועזען פונקט אזא קליי־נער משיח פאר דיא אידען, וויא עס איז געוועזען כרש אין זיין צייט. ער אליין האט דיא אידען בעהאנדעלט מעהר אדער וויינינער מיט חסד. אבער גאנץ אנדערש איז עס געווארען מיט זיינע נאכפאלגער. דער ערגסטער פון זיי אלעמען איז

געוועזן „דער משוגענער א נ ט י ו כ ו ס“. ער איז געוועזן דער ערשטער, וואָס האָט זיך גענומען אריינמישען אין דעם רעלי־גיעזען לעבען פון דעם אידישען פאָלק. אין דעם זיינען וויע־דער געוועזן שולדיג די אריסטאָקראַטען און דיא העכערע קלאַ־סען, וועלכע האבען פערראַטהען זייער פאָלק. אין זייער שטרעבען נאָכצואהמען דיא הערשענדע גריכען, האָבען זיי אנטיוכוס׳ען צוגערעדט, אז ער זאָל מיט געוואלד „העללעני־זירען“ דיא אידען. און דיעזע „העללעניזירונג“ איז ניט בע־שטאַנען אין דער איינפיהרונג פון דער גרויסער גריעכישער קולטור, פון דער גריעכישער פילאָזאָפיע, וויסענשאפט און קונסט. דערפון האָט דיא צוהולטאַיעוועטע גריכישע אריסטאָ־קראטיע וואָס האָט געהערשעוועט איבער סיריען און א״י ישראל אליין גאנץ ווייניג געוואוסט. עס איז בעשטאַנען מעהר אין דעם איינפיהרען פון אטלעטישע שפיעלען, לויזע מאָראל, און אלערליי הולטייסטוועס.

דאָ איז נאַטירליך ניט דער פלאַטץ זיך צו פערברייטען וועגען די געשיכטע פון יענער שרעקליכער צייט, וועלכע האָט זיך ענדליך געענדיגט דערמיט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אונטער דער העלדישער פיהרונג פון דער חשמונאים־משפחה, ענדליך רעוואָלטירט געגען דער גריכישער הערשאַפט.

דער בעפרייאונגס־קריעג האָט זיך געענדיגט מיט א זיעג פאר דיא אידען און דיא חשמונאים משפחה איז געוואָרען די רעגיערענדע דינאַסטיע.

דיא ערשטע חשמונאים זיינען בלויז געוועזן כהנים גדולים; זיי האבען זיך ניט גענומען דעם טיטעל „קעניג“. פונקט וויא דאס גאַנצע אידישע פאָלק, האבען זיי אויך מסתמא גערעכענט, אז א אידישער קעניג דאַרף זיין נאר אַזעלכער, וואס שטאַמט פון דער דינאַסטיע דוד. עס קען אויך זיין, אַז פון אנפאַנג האבען זיי פשוט מורא געהאַט פאר דעם פאָלק זיך צו פראָקלאַמירען אלס קעניגע, וויסענדיג גאַנץ גוט, וויא דאס פאָלק איז צוגעבונדען מיט זיין גאַנצע טראַדיציע צו דער פאַמיליע פון דוד. וויא דיא זאך זאָל ניט זיין, שפע־

טער, ווען זיי איז געלונגען צו אונטעריאָכען דיא קליינע בע־נאכבארטע פעלקערשאפטען, וויא אויך דיא שומרונים, פון זייער אנזעהן איז געוואקסען. ווען זיי האבען פערשפרייט דיא גרענעצען פון לאַנד און האבען זיך אנגעפאַנגען פיהלען שטאַר־קער, האבען זיי זיך אויך גענומען דעם טיטעל קעניג.

לאַנג האט דיעזע פאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם אידישען פאָלק ניט אנגעהאַלטען, אן ערך פון איין יאהר־הונדערט. דיא ברידער פון דיא חשמונאים־פאַמיליע האבען אנגעפאַנגען זיך צו רייסען צווישען זיך איבער דער מלוכה, און זיי האבען אויסגעקליעבען דעם רוימישען אימפּעראַטאָר אַלס ריכטער. זיי זיינען אליין אריין צום לייב אין זיין נאָרע. פון יענעם טאָג אָן האט דאס אידישע פאָלק ווידער אמאָל פערלאָרען זיין זעלבסטשטענדיגקייט. פון בבל אריבער צו דיא פערזיער; פון דיא פערזיער צו דיא גריכען און פון דיא גריכען נאָך א קורצער צייט פון זעלבסטשטענדיגקייט ענדליך צו דיא רוימער.

ווערהענד דיא פאָליטישע לאַגע פון לאַנד איז געווען אונטער דער הערשאפט פון דיא חשמונאים א פערהעלטנים־מעסיג גוטע, איז דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם לאַנד גופא ניט געווען אם בעסטען. דאס לאַנד איז ניט געווען עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיג.

דאס אידישע לאַנד איז געווען צו קליין פאר דיא פער־גרעסערטע בעפעלקערונג; דאס אידישע פאָלק האט ניט געהאַט גענוג „פּלאַץ אונטער דער זונן", צו געברויכען א היינטיגען אויסדרוק. מאַסען פון דיא אידען זיינען דארום געצוואונגען געוואָרען אויסצוואוואנדערען און גרינדע גרעסע־רע און קלענערע קאָלאָניען אין פערשיעדענע לענדער, וואו זיי האבען אבער זייער לאַנד און אמונה ניט פערגעסען. זיי פלעגען שיקען זייערע אבצאָהלונגען און מתנות אין דעם טעמ־פעל פון ירושלים. אין דער זעלבער צייט האבען זיי אויך פער־שפּרייט לאַנגזאם אבער זיכער דיא אידישע לעהרען צווישען דיא פעלקער, וואו זיי האבען זיך אויפגעהאַלטען.

דיא גרעסטע און וויכטיגסטע אידישע קאָלאָניע איז געווען אין אלעקסאַנדריען פון עגיפּטען. מען שאצט, אז אין עגיפּטען זיינען געווען בערך א מיליאָן אידען. די אידישע געמיינער אין אלכסנדריא איז געווען די גרעסטע אין צאָהל, די וויכטיגסטע און די רייכסטע. יענע אידען האבען זאָגאר זיך אויסגעבויט אַן אייגענעם בית־המקדש.

דאָרטען, אין אלכסנדריא, האבען זיך דאס יודענטהום און דאס גריכענטהום אנגעגעגענט אויף א פריעדליכען אופן. דיא אידען זיינען בעקאַנט געוואָרען מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע און עס האט זיך זאָגאר אויסגעבילדעט א גריכיש־אידישע פילאָזאָפיע, וועלכע איז בעקאַנט מיט דעם נאָמען די „אלעקסאַנדרישע שוהלע", פון וועלכע „דער איד פילא" איז געווען דער גרינדער. דיא גריכען וויעדער פון זייער זייט האָבען זיך בעקאַנט מיט דיא אידישע לעהרען און דיא אידישע ליטעראַטור דורך דער בעריהמטער זיעבעציגער איבערזעצונג (זיא איז איבערזעצט געוואָרען פון זיעבעציג געלעהרטע) פון דער ביבעל.

פ י ל א איז געווען א פרומער און איבערגעגעבענער איד און ער האָט געזוכט אין זיין צייט צו טהאָן דאָס, וואָס דער רמב"ם האָט געטהאָן פיעל שפּעטער.ביידע האָבען געזוכט צו פעראייניגען דיא גריכישע פילאָזאָפיע מיט דעם יודענטהום. פילא מיט דער פלאַטאָנישער פילאָזאָפיע; דער רמב"ם מיט דעם אריסטאָטעלשער. פילא איז געווען איינער פון דיא ערשטע, וואָס האָבען געוויסע שטעלען פון דער ביבעל ערקלעהרט אלס אלעגאָריען און משלים, וואָס האָבען אַן אינערען זינן. אין פ י ל א ׳ס שוהלע איז אויך אויסגעארבייט געוואָרען די אלטע לעהרע פון דעם „לאָגאָס" *), וועלכע

*) לאגאס אויך „ממרא" — דאסווארט, גאט'ס ווארט. גאט אליין, דער „אין סוף", דיא אונענדליכקייט איז אזוי הויך און ערהאבען, אז עס איז אונמעגליך זיך פארצושטעלען, דאס ער אליין האט בעשאפען דיא וועלט. פון דאס אונענדליכע קען ניט ארויסקומען דאס ענדליכע און פאר־איבערגעהענדע. צווישען זיי ביידע איז דא א פערמיטלער — דער לא־גאס, וועלכער איז אן אויסשטראהלונג פון דעם „אין־סוף", אן אבשפיעג־

האט שפעטער געשפיעלט אזא וויכטיגע ראָללע אין דיא קריסטליכע און אין דיא גנאָסטישע בעוועגונגען.

* * *

וויא מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, האָט דיא השמונאים־פאמיליע איינגעלאדען דעם רוימישען אימפעראַ־טאָר אלס שלום־מאכער צווישען זיי. דאָס האָט דיא רוימער געגעבען די געווינשטע געלעגענהייט צו פערשפרייטען זייער הערשאפט אויף איבער ארץ ישראל. פון יענעם מאָמענט אָן איז ארץ ישראל פאקטיש געוואָרען א רוימישע פּראָווינץ. כאָטש דיא אידען האבען נאָך פאר א לייננגערע צייט נאכדעם געהאט א געוויסע מאָס פון זעלבסטשטענדיגקייט.

דיא רוימער האָבען ניט געמאכט קיין גרויסע צערעמאָ־ניעם מיט'ן אידישען פאָלק. זיי האבען זיך ניט גערעכענט מיט זיינע איינגענטהימליכקייטען, מיט זיינע נאציאָנאלע שטרעבונגען און ווינשע. זיי האָבען דאָרטען געשאלטעט און געוואלטעט אויף זייער שטייגער, אראָבווארפענדיג און ארויפזעטצענדיג אידישע קעניגע נאָך זייער הארץ'ס געלוסט, וויא עס האָט זיך בעסער געפאסט און געלוינט פאר זייער וועלט־פּאָליטיק.

געענדיגט האָט זיך עס דערמיט, וואָס דיא רוימער האָ־בען אויף דיא אידען ארויפגעצוואונגען אלס קעניג „העראָד (הורדוס) דעם גרויסען", א מענש, וועלכער האט ניט אבגע־שטאמט פון דער חשמונאים־דינאסטיע און וועלכער איז אי־בערהויפט ניט געווען פון ריינער אידישער אָבשטאמונג.

העראָד אָדער הורדוס איז געווען איינער פון דיא שרעק־ליכסטע, ברוטאלסטע און גרויזאמסטע הערשער, וואָס זיינען

לונג, א שאַטען פון דעם אלערהעכסטען וועזען. ער איז ניט דער וועזען גופא, אבער ער איז ענג פערבונדען מיט איהם. זיי שטעהען אין דיא בעציהונג פון זוהן צו פאטער, נאטירליך, ניט אין א זוהן פון פלייש, וויא עס איז פערשטאנען געוואָרען פון דיא קריסטען. ער איז דער גאָט־מענש, ער איז אין נעהענטערע בעציהונג צום מענשען; ער איז אויך דער שעפּפער פון דער וועלט; ער איז דער „אדם קדמאה" אדער „אדם עילאה" פון דער קבלה.

בעקאנט אין דער מענשליכער געשיכטע. ער פערנעהמט אן אנגעזעהענעם פלאטץ אין דער קאמפּאניע פון אזעלכע ווילדע און האלב־משוגענע טיראנען וויא אנטיוכוס דער משוגענער, נעראן און איוואן דער שרעקליכער. ער האט ספּעציעל געפונען חן אין דיא אויגען פון דיא רוימישע הערשער דורך דעם, וואס ער האט, ווען ער איז נאך געווען א יונגער אפיצער, אויף א ברוטאלען אופן אונטערדריקט א רעוואלוציאנערע בעוועגונג געגען דיא רוימער וואס איז אנגעפיהרט געווארען פון א געוויסען חזקיהו. הורדוס האט געכאפּט חזקיהו און זיינע נאכפאלגער און האט זיי אלעמען ערמארדעט אהן שום דין און משפט, ניט נאכפרעגענדיג זיך ביים קעניג און ביי דיא סנהדרין. דאס האט שרעקליך אויפגעבראכט געגען איהם דעם גאנצען אידישען פאלק, וועלכע האבען בעטראכט חזקיהו און זיינע מענשען אלס גרויסע פּאטריאטען. דיא ערמארדונג פון מענשען אהן א שום פּראצעס איז איבערהויפּט געווען געגען דעם גייסט פון דער אידישער געזעצגעבונג, און די סנהדרין האבען הורדוס'ן פארגערופען פאר'ן געריכט. הורדוס איז געקומען אין דער בעגלייטונג פון א לייב־גווארדיע, און ער האט זיך געהאלטען אזוי שטאלץ און פרעך און מיט אזוי פיעל פעראכטונג צו דעם העכסטען געריכטס־טריבונאל פון לאנד, אז ער האט דערמיט גופא ארויפגעווארפען א מורא אויף דיא סנהדרין. זעהענדיג, אז דיא שטימונג אין דיא סנהדרין איז געגען איהם, איז ער אנטלאפען געווארען. ווען ער איז געקומען צוריק איז ער שוין פון דיא רוימער געווארען ערנאנט אלס אידישער קעניג און ער האט זיך מיט דיא סנהדרין און דיא אנדערע אידישע געלעהרטע אבגערעכענט אויף זיין גרויזאמען שטייגער.

דיא שנאה פון דעם אידישען פאלק געגען דיא רוימער איז אלץ געוואקסען און געוואקסען. דיא גרויזאמע הערשאפט פון דעם געפירכטעטען אבער פעראכטעטען **הורדוס** האט דיא פערביטערונג געמאכט נאך שטארקער.

עס האבען זיך אנגעפאנגען בילדען אלערליי געהיימע

געזעלשאפטען און ארגאניזאציאנען, וועלכע האבען זיך גע־שטעלט דיא אויפגאבע צו בעפרייען דעם לאנד און דעם פאלק פון דעם רוימישען יאך. מאנכע פון דיעזע ארגאניזאציאנען האבען געקעמפפט מיט׳ן שווערד און האנד ; אנדערע דא־געגען האבען זיך אריינגעלאזען אין אלערליי מיסטישע טרוי־מערייען און פאנטאזיען.

דיא אלטע משיח האפנונג האט אויפגעלעבט און האט געקראגען א מעכטיגען שטוים פארווערטס. דיא מעהר ראציאנאלע עלעמענטען האבען געזוכט א ערדישע ערלייזונג, א בעפרייאונג פון רוימישען יאך. דיא מיסטיש־געניייגטע, דיא טרוימער און פאנטאזיארען האבען גערעדט וועגען א „הימעלשער קעניגרייך“.

אין יענע אונרוהיגע צייט, אין יענע צייט פון מישמאש אין געדאנקען און פארשטעלונגען, האט זיך אנגעפאנגען ענטוויקלען דאס קריסטענטהום.



.3

# די פארטייען און די גייסטיגע שטרעמונגען ביי די אידען אין די צייטען פון צווייטען בית־המקדש.

עס זיינען דאָ ווייניג עפּאָכען אין דער גאַנצער מענש־ליכער געשיכטע, וואָס זיינען אַזוי אינטערעסאַנט, אַזוי טיעף מענשליך, און האָבען געהאַט אַזוי גרויסע בעדייטונג פאַר דער ווייטערער ענטוויקלונג פון דער גאַנצער מענשהייט, וויא די געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין די פּאָאַר הונדערט יאָהר איידער די צושטערונג פון צווייטען טעמ־פעל. דאָ ווערט, נאַטירליך, ניט גערעדט פון די קלענערע און גרעסערע מלחמות, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט גע־האַט צו פיהרען מיט די קליינע און גרויסע פעלקער פון יענער צייט. מלחמה־פיהרענדע פעלקער זיינען געווען שטאַר־קערע און גרעסערע; אין דיעזען הינזיכט זיינען די אידען געווען פון די שוואכסטע און קלענסטע. דאָ ווערט הויפּט־זעכליך געמיינט די פערשיעדענע גייסטיגע, מאָראַלע און כאָציאַלע שטרעמונגען, וואָס האָבען אויפגערודערט דעם גאַנצען אידישען פאָלק און האָבען ארויסגערופען אַלערליי בעוועגונגען און רעוואָלוציאָנען.

ר ע נ א ן פערגלייכט יענע עפּאָכע צו דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. דאָס איז געווען אַ צייט, ווען די אַלע פערבאָרגענע כוחות פון דער מענש־הייט ברעכען אויס אין זייער גאַנצער געוואַלט, אין זייער

גאנצער גרויסקייט. „מיר, אין רוהיגע צייטען, קענען גאר ניט גוט בעגרייפען אזעלכע עפאכען, פונקט וויא מיר קענען זיך ניט געגוי פארשטעלען דיא טהעטיגקייט פון אונזער ערד־קוגעל איידער זיא איז אבגעקיהלט געווארען, ווען זיא איז נאך געווען אין איהר שאפונגס־צייט, אין דעם צושטאנד פון פליסענדען פייער".

דער פערגלייך פון רענאן איז אן אויסגעצייכענטער. דאס אידישע פאלק איז דאמאלס ווירקליך געווען אין א מין פייער־פליסיגען צושטאנד. עס איז געווען א מין שמעלץ־טאפ, וואו אלערליי ריכטונגען און פארשטעלונגען, גלויבענס און בעגריפע, פערלאנגען און שטרעבונגען, זיינען אהין, אין דעם דאזיגען שמעלץ־טאפ, אריינגעווארפען גע־ווארען, אום זיך דארטען אויסצואורבייטען אויף א בעזונדער ארט.

אין פערלויף פון דיעזער צייט איז דאס אידישע פאלק געקומען אין בעריהרונג און אין צוזאמענשטויס מיט דיא גרויסע אלטע קולטור־פעלקער פון יענער צייט; מיט דיא באבילאנער, די פערזיער און די גריכען. פון אלעמען און פון יעדען פון דיעזע פעלקער האבען דיא אידען עטוואס געלערנט און עטוואס איבערגענומען. דיא מלאכים און זייערע נעמען; דער בעגריף פון צוויי פרינציפען, דאס גוטע און דאס שלעכטע, וואס קעמפפען צווישען זיך מיט דעם ענדליכען זיעג פון דאס גוטע; אונשטערבליכקייט פון דער נשמה און דיא בעלאהנונג און בעשטראפונג (שכר ועונש) נאכ'ן טוידט א. ד. גל. זיינען דעם אידישען פאלק ביז דאמאלסט ניט געווען בעקאנט. דיא אידען האבען זיי איבערגענומען פון דיא אויבענדערמאנטע פעלקער. אבער דיעזע אלע נייע בעגריפע זיינען ביים אידישען פאלק איי־בערגעשמאלצען און אויסגעגאסען געווארען אין אייגענע פורעמס; זיי האבען בעקומען א ספעציעל אידישען כאראקטער. דיא גרויסע פערדיענסט פון דעם אידישען פאלק איז בעשטאנען אין דעם, וואס עס האט פערשטאנען אריינצור־

גיסען דיא נייע וויינען אין זיינע אלטע כלים און ארויפלייגען אויף זיי זיין אייגענע חתימה; וואס עס האט געקענט אסי־מילירען, איינזויגען דיא אלע נייע געדאנקען און מאכען זיי פאר א טהייל פון זיך גופא. זיי, דיא דאזיגע נייע אידעען, האבען געקראגען א אידישען פנים.

דאס איז געווען אן עפאכע פון גרויסער גייסטיגער טהעטיגקייט אין לעבען פון אידישען פאלק, הן אין מאראלען און הן אין אינטעלעקטועלען זינן.

אין יענער פערהעלטניסמעסיג קורצער צייט זיינען אויפגעטהאן געווארען גרויסע ארבייטען, וועלכע האבען גע־לאזען זייער שפור אויף דער גאנצער וויטערער ענטוויק־לונג ניט בלויז פון דעם אידישען פאלק, נאר אויך פון דער גאנצער מענשהייט.

ניט בלויז איז דיא ביבעל צוזאמענגעקליעבען און רע־דאקטירט געווארען אין יענער צייט, נאר גאנץ וויכטיגע טהיילען פון איהר זיינען דאמאלס פערפאסט געווארען, וויא צום ביישפיעל, א י ו ב, ק ה ל ת און א גאנץ גרויסער טהייל פון ת ה י ל י ם. דערצו זיינען פערפאסט געווארען דיא פיעלע ניט־קאנאניזירטע שריפטען — דיא „כתובים אחרונים", „ספרי הצונים", „סיביללען".*) אויסער וואס דא־מאלס זיינען שוין געלייגט געווארען דיא יסודות פון דער „הלכה" (געזעץ) און אויך דער אנפאנג און דער וויכטיגסטער טהייל פון דער גרויסער ליטעראטור, וואס איז בעקאנט

*) „סיביל" איז א גריעכישערווארט, וואס האט בעצייכענט א געוויסע קלאסע פרויען־נביאות'טעס. זייערע נביאות פלעגען זיי זאגען, ווען זיי פלעגען זיך געפינען אין אן אויפגערעגטען, האלב־עפילעפטישען צושטאנד. א ר י ס ט א ט ע ל און א ר י ס ט א פ א נ ע ס דערמאנען עטליכע פון זיי. פיעלע אידישע פראפאגאנדיסטען, וואס האבען געזוכט צו פער־שפרייטען דיא אידישע לעהרען צווישען דיא גריכען, האבען דארום זייערע אייגענע ווערק ארויסגעגעבען אין נאמען פון דיעזע „סיבילס" אדער נביאות'טעס. דיעזע ווערק זיינען בעקאנט אונטער דעם נאמען „סיביללען". אין העברעאיש זיינען זיי איבערזעצט געווארען פון דעם אידישען געלעהרטען ש ט י י נ ב ע ר ג, פון ווילנא. דיא ערשטע קריסטען האבען נאכגעטהאן דיא אידען, און, דארום טראגען דיא סיביללען א געמישטען אידישען און קריסטליכען כאראקטער.

אונטער דעם נאָמען „הגדה“, און פון וועלכע עס האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דער „תלמוד“.

עס פערשטעהט זיך, אז דיעזער פּראָצעס איז ניט פאָרגעקומען אָהן אַ קאַמפּף צווישען דיא פערשיעדענע שיכטען און קלאַסען פון דער געזעלשאַפט.

דיא אריסטאָקראַטיע, וויא עס איז שטענדיג דער פאַל, איז אויך דאָ געוועזען קאָנסערוואַטיוו און האָט ניט געוואָלט וויסען פון קיינע נייעסען, אבער דאס פיהרט אונז צו דעם ענין פון דיא אידישע פּאַרטייען אין יענער צייט.

און ריידען מיר וועגען „פּאַרטייען“ אין יענער צייט, דאַרף דער וואָרט פערשטאַנען ווערען אביסעל אַנדערש, וויא ער ווערט איצטער געברויכט. איינע פון דיא גרעסטע שוועריגקייטען ביים שרייבען וועגען היסטאָרישע ענינים בעשטעהט אין דעם, וואָס מיר מוזען געברויכען היינטיגע ווערטער מיט זייערע היינטיגע בעדייטונגען אויף פאַרצייטיגע בעגריפע, און אזוי פּאַסירט עס. וואָס אַנשטאַדט דעם לעזער אריבערצוטראָגען אין יענער צייט, ער זאָל קענען פיהלען און טראַכטען מיט דיא מענשען פון דאַמאָלס, טראָגען מיר יענע צייט אריבער אין אונזערע און לאָזען יענע מענשען טראַכטען און פיהלען, וויא מיר טהוען עס איצטער.

ווען דער אַלטער אידישער היסטאָריקער יאָזעפוס האָט געוואָלט בעשרייבען און כאַראַקטעריזירען דיא דריי אידישע הויפּט־פּאַרטייען פון יענער צייט, האָט ער געזאָגט, אז דיא צדוקים קענען פערגליכען ווערען צו דיא עפּיקורעער; די פּרושים קענען פערגליכען ווערען צו דיא סטאָאיקער און דיא עססעער (אסיים) צו די תלמידים פון פּיטהאַגאָרוס. יאָזעפוס האָט געשריבען פאר דיא גריכען און דיא רוימער און ער האָט זיי אויף אזא אופן געוואָלט מאַכען פערשטענדליך דיא גייסטיגע שטרעמונגען אין דעם אידישען פאָלק. זיין פערגלייך ענטהאַלט אין זיך אַ טהייל אמת, אָבער בשום אופן

ניט דעם גאנצען אמת. זיי, יענע פּארטייען, זיינען געווען מעהר וויא פילאָזאָפישע ריכטונגען.

מאַנכע פון דיא מאָדערנע פאָרשער ווילען פערגלייכען יענע דריי פּארטייען צו דיא פּארטייען פון אונזער צייט. לויט זיי קומט אויס, אז דיא צדוקים האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט דיא פּארטיי פון דיא אריסטאָקראַטען און גרויס־קאפּיטאַליסטען; דיא פּרושים זיינען געווען דיא פּארטיי פון דיא געלעהרטע און מיטעל־קלאַסע, וועהרענד דיא עססעער זיינען געווען קלאַסען־בעוואוסטע פּראָלעטאַריער. אויך אין דיעזען פערגלייך איז דאָ א שטיק אמת, אָבער וויעדער ניט דער גאנצער אמת.

ווען מיר וואָלט אויסגעקומען צו דערקלעהרען פאַר א פּשוט׳ען פערצייטיגען אידען, וואָס וויים ניט פון דיא אויבענדערמאָנטע גריכישע פילאָזאָפישע שוהלען, וואָס וויים אויך ניט פון גרויס־קאפּיטאַליזמוס, מיטעל־קלאַססע און פּראָלעטאריער, ווען איך וואָלט אזא אידען געדאַרפט געבען צו פערשטעהען דעם כאראקטער פון יענע פּארטייען, וואָלט איך איהם געזאָגט: דיא „צדוקים" דאָס זיינען דיא „בערלינציקעם"; דיא „פּרושים" דאָס זיינען דיא חשוב׳ע בעלי־הבתים, וואָס בעלאַנגען צו „חברה ש"ס"; דיא „עססעער" דאָס זיינען דיא פּשוט׳ע בעלי־מלאכות, וואָס בעלאַנגען צו „חברה עין יעקב". אדער: דיא „צדוקים" דאס זיינען דיא „בערלינציקעם; דיא „פּרושים" דאָס זיינען דיא לומדישע טרוקענע מתנגדים; דיא „עססעער" דאָס זיינען דיא האלב עם־הארץ׳ישע חסידים, וואס האבען ליעב צו הערען און צו דערצעהלען אלערליי פאנטאסטישע מעשה׳לעך און מופתים פון זייערע גוטע אידען. דיעזער פערגלייך וואָלט אפשר געווען באנאל, אבער ער וואָלט ענטהאַלטען אין זיך א שטיק אמת.

דיא צדוקים דאָס איז געווען דיא פּארטיי פון דיא אריסטאָקראַטען און דיא העכערע קלאַססען. זיי האָבען זיך געהאַלטען סטריקט אָן דער תורה, אָן דעם גע־

שריבענעם ווארט פון געזעץ, אהן שום פשטלעך און אויס־טייטשעניסען. זיי האבען ניט געוואלט אנערקענען דיא אי־בערגעליפערטע דינים און מנהגים, דיא ניט־געשריעבענע גע־זעצע (תורה שבעל פה). זיי האבען אויך ניט געוואלט ווי־סען פון דיא נייע אמונות: פון אונשטערבליכקייט און בע־לאהנונג און בעשטראפונג נאך'ן טוידט, ווייל אין דער תורה ווערט וועגען דעם ניט גערעדט. דיא תורה איז נאר געגעבען געווארען, כדי מענשען זאלען קענען לעבען רוהיג און גליק־ליך אויף ד י ע ז ע ר וועלט. דער תכלית פון לעבען איז צו זיין גליקליך, און גליק קען מען געפינען, ווען מען פיהרט זיך אויף לויט דער תורה. זייער אנזיכט וועגען בעלאהנונג און שטראף נאך'ן טוידט, ווערט אויסגעדריקט אין קהלת: „א לעבעדיגער הונד איז בעסער וויא א טוידטער לייב . . . אלץ וואס דו קענסט טהאן מיט דיין קראפט זאלסטו טהאן, ווארים אין גרוב, וואוהין דיא געהסט, איז ניטא קיין טהועכץ, קיין רעכנונג, קיין וויסען און קיין חכמה"....

אין א משיח, וואס דארף קומען פון דער דינאסטיע דוד און אויסלייזען דעם אידישען פאלק, האבען זיי אויך ניט געגלויבט און זיי האבען דיעזען גלויבען זאגאר בעקעמפפט. אזא גלויבען איז געווען געגען זייערע אייגענע הערשער־אינטערעסען.

דיא פ ר ו ש י ם דאס זיינען געווען דיא פארטיי פון פאלק. דאס מיינט אבער בשום אופן ניט צו זאגען, אז דאס פאלק האט בעלאנגט צו דיעזער פארטיי. אויך דיא פרושים האבען זיך געהאלטען אבגעזונדערט פון פאלק (דער־פאר, איז א סברא, הייסען זיי פרושים, אבגעזונדערטע) און האבען מיט זיך אויך געבילדעט אן אריסטאקראטיע, א גייס־טיגע אריסטאקראטיע, אן אריסטאקראטיע פון לומדים. דאס איז געווען א מין ארדען (חבורה), וואו יעדער מיטגליעד האט געהייסען „חבר". אבער סאי־ווי־סאי זיינען זיי געשטאנען נעהענטער צום פאלק דערמיט, וואס יעדער איינער, אויב ער איז נאר געווען א למדן, האט געהאט דיא מעגליכקייט

צו ווערען א „חבר“. יחוס פון געבורט אָדער רייכקייט האָט ביי זיי געשפּיעלט אַ קנאַפּע ראָלע, און פון זיי שטאַמט עס דער ווערטעל : „אַ ממזר א תלמיד חכם איז וויכטיגער וויא א כהן־גדול אַן עם הארץ“.

אויסער אין דער געשריעבענער תורה, האָבען דיא פּרושים אויך געגלויבט אין דיא ניט־געשריעבענע געזעצע און מנהגים, וואָס זיינען איבערגעליפערט געוואָרען פון דיא פריהערדיגע דורות. דיא פּרושים האבען אויך איינגעפיהרט נייע געזעצע און אויסגעטייטשט דיא אלטע אזוי, אז זיי זאָלען זיך בעסער צופּאסען צו דער נייער צייט. אום זיך צו פערטהיידיגען געגען דיא צדוקים, וועלכע האָבען זיי אויפגעוואָרפען, אז זיי פיהרען איין נייעסען, וואָס שטעהט ניט אין דער תורה, האָבען דיא פּרושים געזוכט אריינצו־פּשט׳לען דיא נייע דינים אין דיא ווערטער פון דער תורה גופא. יעדער איבריג וואָרט אָדער בוכשטאַב אין דער תורה האָבען זיי אויסגענוצט צו דיעזען צוועק, און טאַקע צוליעב דעם זעלבען צוועק האָבען זיי איינגעפיהרט א גאנצע לאָ־גישע סיסטעם, וויא צו פאַרשען דיא תורה.

זייער קוק אויפ׳ן לעבען איז געווען אַ שטרענג זיטלי־כער. דיא אויפגאַבע פון דעם מענשען איז צו זעהן, אז דער שכל זאָל בעהערשען דיא פערלאנגען. דערפאר א פּנים האָט זיי יאָזעפוס פערגליכען מיט דיא „סטאָאיקער“.

וואָס עס האָט אָבער דיא פּרושים אם מעהרסטען גע־מאכט בעליעבט ביים פאָלק איז געווען, ערשטענס, זייער פעסטער גלויבען אין א משיח פון דער פאמיליע דוד, וועל־כער וועט קומען און אויסלייזען דעם אידישען פאָלק פון זיינע פיינדער און, צווייטענס, דאָס, וואָס זיי האָבען גע־גלויבט אין אונשטערבליכקייט און אין תחית המתים. דיעזע אמונות זיינען געווען וויא א באַלזאַם צו דיא וואונדען פון פאָלק.

פאר דיא מאססען פון פאָלק, וועלכע האָבען געהאט אויסצושטעהן אלערליי צרות און דחקות, איז דיא פערשפּרע־

כונג פון דער תורה צו זיין גליקליך אויף ד י ע ז ע ר וועלט געווען א ביטערער שפאס. זיי האבען זיך ניט גע־פיהלט זינדיג און האבען דאך געליטען. דיא פראגע פאר וואס דעם צדיק איז שלעכט און דעם רשע איז גוט האט נאך אין דיא גאנץ אלטע צייטען ניט געלאזט רוהען דעם געוויסען פון דעם אידישען פאלק. איצטער איז געפונען געווארען א תירוץ : דער צדיק ווערט בעלאהנט אויף יענער וועלט, וועה־רענד דער רשע ווערט דארטען בעשטראפט.

בעלאהנונג און בעשטראפונג נאך'ן טוידט האט פער־ענטפערט דיא פראגע פון דיא ליידען פון דעם י ח י ד, פון דעם איינצעלנעם, אלס אזעלכען. דיא ערלייזונג דורך משיח און תחית המתים איז געווען אן ענטפער אויף דיא צרות פון כ ל ל, אויף דיא ליידען פון דער אידישער נא־ציאן אלס נאציאן.

דער נאמען פון דער דריטער פארטיי איז געווען „ע ס ס ע ע ר“ אדער „ע ס ס ע נ ע ר“ (אסיים). פאר אונזער ענין איז זיא דיא וויכטיגסטע און אין מאנכע הינ־זיכטען איז זיא אויך דיא אינטערעסאנטסטע. מיר וועלען זיך דארום עטוואס מעהר פערברייטען וועגען דיעזער פארטיי.

פאר וואס זיי האבען זיך גערופען ע ס ס ע ע ר אדער ע ס ס ע נ ע ר און ווען אייגענטליך זיי זיינען ארויס־געטראטען אלס פארטיי אדער ריכטיגער, אלס ארדען, איז ניט אין גאנצען קלאהר. מאנכע זיינען מיט דער מיינונג, אז דאס ווארט „עססעער“ שטאמט פון „אסיים“, דאקטוירים, ווייל צווישען דיא איבעריגע האבען זיי זיך אויך אבגעגעבען מיט זאמלען קרייטיכער פאר מעדיצינישע צוועק־קען און האבען זיך דערצו אויך בעשעפטיגט מיט אלערליי וואונדער־היילונגען, וויא ארויסטרייבען „דבוקים“ פון בע־זעסענע וכדומה. אנדערע, וויעדער, זיינען מיט דער מיי־נונג, אז דאס נעהמט זיך פון ווארט „חסידים“, וואס עס האט געמיינט פרומע, צוריקגעהאלטענע און הייליגע. לויט דיעזער אנזיכט זיינען דיא עססעער א וויטערע ענטוויק־

לונג פון דער „חסידים־פארטיי“, וועלכע האט זיך געביל־דעט אין דיא פאר־חשמונאים'שע צייט צו בעקעמפפען דיא „העלעניסטען“. פיעלע פון יענע „חסידים“ זיינען אין דיא דאמאלסדיגע צייטען געצוואונגען געווען צו אנטלויפען פון דער היים און בעהאלטען זיך אין הייהלען, אין דיא וויסטע־ניסען א. ד. גל. ווען דיא חשמונאים האבען ארויסגעטריעבען דיא גריכען פון ארץ ישראל, זיינען דיא חסידים צוריקגע־קומען אין דיא שטעדט. א טהייל פון זיי זאלען אבער האבען געבליבען אין זייערע פלעצער, וואו זיי האבען זיך אבגעגעבען מיט ערד־ארבייט, מיט פיה־צוכט און אלע אנדערע מלאכות. זיי האבען געארבייט צוזאמען און געלעבט צוזאמען, גרינ־דענדיג פאלשטענדיגע קאמוניסטישע געזעלשאפטען.

אין תלמוד ווערט דער נאמען עססעער ניט דער־מאנט. עס געפינען זיך אבער דא און דארטען פערשיעדענע אנדייטונגען וועגען דער עקזיסטענץ פון אזא מין פארטיי. אזוי, צום ביישפיעל, ווערט גערעדט פון „דיא פארצייטיגע חסידים און זייערע מנהגים, וואס זיינען זעהר עהנליך אויף דיא עססעער. אויב אפילו דער אויסדרוק „דיא פאר־צייטיגע חסידים“ געהט אויף דיא אויבענדערמאנטע חסידים־פארטיי און ניט אויף דיא עססעער, דאן זיינען אבער יענע חסידים ווירקליך געווען זעהר עהנליך צו דיא עססעער. עס ווערט אין תלמוד אויך גערעדט פון „חסידים און מענשען פון טהאט“, פון „בעהאלטענע און שטילע“, וועמען מען האט געקענט פערטרויען דיא געהיימע לעהרען. דיא אויסדריקע „דיא פריה־אויפשטעהער“ (משכימי שחרית) און „פליגעל־טרעגער“ (בעל כנפים), פאסען זיך אויף דיא עסעער, וועלכע פלעגען אויפשטעהן זעהר פריה, כדי זיי זאלען קענען מתפלל זיין מיט דעם זונן אויפגאנג און פלעגען טראגען מיט זיך אזא מין פארטוך, מיט וועלכען זיי זאלען זיך קענען אבווי־שען נאך זייערע אפטע טבילות.

געגויע אויסקינפטע וועגען דיא עססעער געפינט מען ביי יאזעפוס און ביי דעם אידיש־אלעקסאנדרישען פילאזאף

„פ י ל א דער איד". פון זייערע בעשרייבונגען קען מען בקיצור איבערגעבען דאס פאלגענדע:

דער הויפט אויפהאלט פון דיא ארדען־ברידער איז געווען ניט ווייט פון דעם „טויטען מעער" (ים המלח) אויף דער מערב זייט, אבער זיי האבען אויך געהאט אבצווייגונגען אין ירושלים און אין אנדערע שטעדט. זיי האבען געהאט געוויסע צייכענס, דורך וועלכע דיא „חברים" האבען זיך דערקענט אזוי, אז ווען איינער פון דיא „חברים" איז געווען אויפ'ן וועג, האט ער געוואוסט וואו צו ווענדען זיך און זיין זיכער מיט א ברידערליכען קבלת־פנים. זיי פלעגען דארום אויף זייערע רייזען, וואס זיי פלעגען גאנץ אפט אונטערנעהמען צוליעב פראפאגאנדא צוועקען, גאר ניט מיטנעהמען מיט זיך.

זיי האבען זיך דערווייטערט פון דער גרויסער שטאדט, ווייל דיא שטאדט קארומפירט דעם מענשען, מאכט איהם אונמאראליש, לאזט איהם ניט פערטיעפען זיך אין זיך זעלבסט און אויספארשען זיין נשמה, וועלכע איז א טהייל פון גאט. דער מענש קען זיך דארום דארטען ניט פערטיעפען אין גאט'ס וואונדער און קען איהם ניט אבשאצען וויא געהעריג. עס איז אבער אויך מעגליך, אז געוויסע עקאנאמישע אורזאכען האבען בייגעטראגען דערצו, וואס זיי זיינען אוועק פון שטאדט. אויפ'ן דארף מיט קלענערע פאדערונגען איז זיי געווען לייכטער צו פערדיענען אויף זייער לעבען.

זיי האבען זיך בעשעפטיגט מיט ערד־ארבייט, פיה־צוכט און אלערליי מלאכות. אלץ וואס זיי האבען פערדיענט, האבען זיי אריינגעטראגען אין דער קהל'שער קאסע, און זיי האבען געפיהרט א שטרענג קאמוניסטישען לעבען. יעדער גיט וואס ער פערדיענט און יעדער קריגט וואס ער דארף. פון רייך און ארעם, פון מיין און דיין האבען זיי ניט געוואוסט. „מיינע איז דיינע און דיינע איז דיינע" איז געווען זייער כלל. דיעזער קאמוניזם איז געווען גילטיג ניט בלויז פאר דיא לאקאלע חבורות, נאר אויך פאר דיא חברים פון

גאנצען אָרדען, וואָס האָבען זיך געפונען איבער'ן גאַנצען לאַנד. פון דער זעלבער אַלגעמיינער קאַסע פלעגט אויך געגעבען ווערען צדקה צו אָרעמע און קראַנקע. „ווען זיי גיבען צדקה זעהען זיי, אַז קיינער זאָל דערפון ניט וויסען".

בעדיענער און שקלאַפען האָבען זיי ניט געהאַלטען; זיי האָבען עס גערעכענט פאַר אַן אונרעכט. זיי פלעגען איינער דעם צווייטען בעדיענען.

זייער עסס־טיש איז ביי זיי פערעכענט געווען ווי אַ מין מזבח און דער עססען אליין איז געווען אַ מין קרבן. אַ נייער „חבר" האָט געמוזט אויסהאַלטען אַ לאַנגע און שווערע פּראָבע ביז ער איז אַנערקענט געוואָרען און צוגעלאָזען געוואָרען צום אַלגעמיינעם טיש. עס זיינען געווען פיער מדרגות פון חברים.

קיינע פרויען האָבען זיי אין זייער געזעלשאַפטען (חבורות) ניט אריינגענומען. דער גרעסטער טהייל פון זיי האָבען זיך אין גאַנצען ענטזאָגט פון פרויען, און אום צו ערהאַלטען דעם אָרדען, פלעגען זיי אריינגעהמען פרעמדע אָרימע קינדער און זיי ערציהען אין זייערע מנהגים. אַ קלענערע טהייל פון זיי פלעגען זיך יע צוזאַמענקומען מיט פרויען, אָבער בלויז כדי צו ערציעגען אַ דור. קוים פלעגט דיעזער ציעל עררייכט ווערען, פלעגען זיי זיך פערנאַנדערגעהן.

זיי פלעגען אויפשטעהען גאַנץ פריה און אַ קורצע צייט פלעגען זיי פערברייננגען אין פערטיעפען זיך אין זיך און אין „פעראייניגען זיך מיט זייער שעפּפער" און דאַן פלעגען זיי דאַווענען בצבור, ווען דיא זונן פלעגט האַלטען ביים אויפגעהן. איידער זייערע תפילות פלעגען זיי זיך טובל'ען אין וואַסער, און דערפאַר זיינען זיי בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „טובלי שחרית".

דיא אבענדען און הויפּטזעכליך דיא שבתים פלעגען זיי פערברייננגען אין לערנען תורה און אין דיסקוטירען אַלערליי רעליגיעזע און פילאָזאָפישע פראַגען; זיי האָבען

זיך אָבגעגעבען, וויא עס האָט דאמאָלס געהייסען, מיט „מעשה בראשית“ (שעפּפונג) און „מעשה מרכבה“ (וועגען גאָט'ס וועזען). דער שבת איז ביי זיי געווען נאָך הייליגער וויא ביי דיא פּרושים גופא, און זיי האָבען קיין אנדער זאַך אין יענעם טאָג ניט געהאַט וואָס צו טהאָן.

מעהר פון אַלעמען האָבען זיי פערהייליגט דעם נאָמען פון מ ש ה רבינו. קיינער פון זייער געמיינדע האָט זיך ניט געטאָרט רופען מיט דיעזען נאָמען, וועגען דיא תורה גופא איז דאָך שוין ניטאָ וואָס צו ריידען. יעדער וואָרט, יעדער בוכשטאַב, יעדער פּאסיקעל און פּינטעל האָט א גע־וויסען מיין און בעדייטונג. אָבער אויסער דעם איינפאכען זינן פון דיא ווערטער, האָבען זיי געגלויבט, האָט דיא תורה אויך אַן אינגערן זינן, א בעהאַלטענע כונה. דער פּשוט'ער מיין פון דיא ווערטער איז אזוי וויא דער גוף, דער מלבוש; דער פערבאָרגענער זינן איז דיא נשמה. זיי האָבען דא־רום אויסגעטייטשט דיא תורה אין אלעגאָריען, אין משלים. אין דיעזען הינזיכט זיינען זיי שטארק בעאיינפלוסט גע־וואָרען פון דיא ט ה ע ר א פּ ע ו ו ט ע ן, א אידישע בעקטע אין עגיפּטען וואָס איז געווען נאָך פרימער, און נאָך אסקעטישער, און נאָך אבגעזונדערטער אַלס דיא ע ס ס ע ע ר. דיא ט ה ע ר א פּ ע ו ו ט ע ן, ווידער, זיינען שטארק בעאיינפלוסט געוואָרען פון דער פּלאַטאָנישער, הויפּטזעכליך דיא ניי־פּלאַטאָנישע, פילאָזאָפיע. ווענדיג אריינברייגגען זייערע נייע אמת'ען, זייערע נייע פילאָזאָפישע בעגריפע אין דער תורה, האָבען זיי אויסגעטייטשט דיא תורה אין אלעגאָריען. פון זיי האָבען עס אויך דיא עססעער איבערגענומען.

אין זייערע רעליגיעזע איבערציינגונגען זיינען די עססעער געווען וויא דיא פרושים. זיי האבען אויך געגלויבט אין א משיח, אין תחית המתים, אין אונשטערבליכקייט א. ד. גל. ליעבע צו גאָט, ליעבע צו טוגענד און ליעבע צו דער מענשהייט זיינען געווען זייערע הויפּט כללים.

פון אָנפאנג זיינען דיא עססער געווען בלויז אַן אָבצווייגונג פון דיא פּרושים; דער גאנצער אונטערשיעד, אויסער זייער קאָמוניסטישער ארט לעבען, איז געווען, וואָס זיי זיינען געווען שטרענגער, מעהר אָבגעהיט אין דיא דינים פון ריינקייט, האָבען נאָך מעהר געהאַלטען פון שבת, זיינען געווען מעהר אסקעטיש און האבען ווייניגער געהאַלטען פון דיא תענוגים פון דיעזער וועלט. וואָס ווייטער און ווייטער איז אָבער דער אונטערשיעד צווישען זיי געוואָרען אַלץ שטארקער, אַלץ מעהר בולט. זייער גאנצער ארט לעבען, זייער ערוויטערונג פון שטאָדט מיט איהר טומעל און קאָרומפּירענדען פּאָליטישען לעבען, זייער נאָהענטקייט צו דער נאַטור, זייער התבודדות, זייער אָבגעזונדערטקייט פון פרויען און פאמיליען־לעבען, — דאָס אַלעס האָט זיי געטריעבען צום מיסטיציזם, צו וואונדער־זוכעריי, צו אַלערליי נסים און מופתים און וואונדער־טהאטען. זיי האָבען געהאט מעהר צייט זיך אָבצוגעבען מיט דיא אויביגע פראגען: דיא פראגען וועגען גאָט און דיא שעפּפונג, וועגען אונשטערבליכקייט, וועגען תחית המתים, וועגען דיא בעציהונגען צווישען גאָט און דיא וועלט בכלל און דיא מענשען בפרט. זיי האָבען געטראכט וועגען דעם תכלית און דעם זינן פון לעבען, וואָס איז געווען דער אָנפאנג פון אַלע אָנפאנגען און וואָס וועט זיין דיא ענדע פון אַלע ענדען. און אין זייערע טראכטונגען און פילאָזאָפעריען זיינען זיי בעאיינפלוסט געוואָרען סאַי פון דיא אַלט־עגיפּטישע, סאַי פון דיא באַבילאָנישע, סאַי פון דיא פּערזישע און סאַי פון דיא גריכישע לעהרען. עס האָט זיך אויסגעבילדעט א סיסטעם, וואָס איז געווען א מישמאַש פון אַלערליי געדאנקען און פילאָזאָפיען, וועלכע האָבען זיך אָפט סותר געווען איינע דיא אנדערע. און דיעזע אַלע נייע געדאנקען זיינען איבער געוואלט ארייננעשלעפּט געוואָרען אין דער תורה אלס איהר אינגערליכע כונה.

ביסלעכווייז איז ביי זיי דיא אינגערליכע כונה פון דער תורה געוואָרען דער עיקר, וועהרענד דער פּראָסטער

פשט, דיא דינים און מצוות, דיא אלע געזעצע און פערבאָטען האָבען פארלאָרען זייער וויכטיגקייט. דיא עססעער, אמת, זיינען נאָך ניט ארויסגעטראָטען אין אָפענעם קאמפף געגען דיא שטרענגע געזעצליכקייט פון דיא פרושים, אָבער זיי זיינען אלץ געוואָרען קעלטער איינע צו דיא אנדערע. דיא בעציהונגען צווישען דיעזעביידע פארטייען זיינען גע־וואָרען אנגעצויגענע, אנגעשטרענגטע, פונקט וויא עס זייי־נען געוועזען, למשל, דיא בעציהונגען צווישען דיא גמרא לומדים און דיא מקובלים אין דיא לעצטע יאָהר־הונדערטע. דיא עססעער האָבען דיא פרושים אָנגערופען „מכת פרושים“ (דיא פרושים מכה); דיא פרושים האָבען דיא עססעער גע־רופען „חסיד שוטה“ (נארישע חסידים).

אין ליעבע צום אידישען פאָלק, אין הייסען, איבער־געבענעם פאטריאָטיזמוס, זיינען דיא עססעער ניט צוריקגע־שטאַנען פון דיא אנדערע אידישע פארטייען. דיא שרעק־ליכע ברוטאליטעטען פון הורדוס דעם גרויסען, דיא צרות און נגישות פון דיא רוימער, דיא אונערטרעגליכע שטייערען און דערגלייכען, האָבען אויך אין זיי ארויסגערופען האס און פערביטערונג און א שרעקליכע בענקענים נאָך דעם פערשפּראָכענעם ערלייזער. און אין זייערע מיסטיש געניגטע נשמות האָבען זיך אויסגעמאָלען אלערליי משונה׳דיגע פאר־שטעלונגען וועגען דעם ערלייזער. דער ראציאָנאַלער און נאַ־טירליכער משיח פון דיא פרושים האָט ביי דיא עססעער בע־קומען אן איבערנאטירליכען און פאנטאסטישען פנים. דיא איצטיגע צרות האָבען מאנכע פון זיי בעטראכט וויא א מין פאָרשפּיעל פאר דעם גרויסען יום־הדין, ווען דער רבונו של עולם מיט משיח׳ן ביי זיין זייט וועט משפט׳ן אלע מענשען און פעלקער. דיא איצטיגע צרות זיינען עס דיא „חבלי משיח“, דיא געבורטה־וועהען פון משיח׳ס צייטען. דיא וועלט געהט צו קינד, משיח דארף קומען, און דאָס זיינען דיא וועהעניסען.

צווישען דיא מעהר צארט־פיהלענדע און שווערמערישע נאטורען, אויף וועמעס נשמה דיא אידישע צרות האָבען זיך

אם שטארקסטען אבגערופען, האבען זיך אויף געפונען אזעלכע, וואס האבען געגלויבט, אז זיי זיינען אליין דיא משיחים. דאס זעלבע האט אויך פאסירט מיט פיעלע יאהר־הונדערטע שפעטער ביי אזעלכע מקובלים וויא ר׳ יצחק לוריא, ר׳ חיים וויטאל און ביי אפילו אזא געלעהרטען מקובל, פילאזאף און פאעט וויא ר׳ משה חיים לוצאטו.

דיא אידישע צרות אין חמעלניצקי׳ס צייטען, צוזאמען מיט דיא פערפלאנטערטע און מיסטישע לעהרען פון דער קבלה האבען ארויסגערופען שבתי צבי.

דיא רוימישע פערפאלגונגען, הורדוס׳עס ברוטאליטעטען, צוזאמען מיט דיא לעהרען פון דיא עססעער, טהעראפעווטען, ניי־פלאטאניקער א. ד. גל. וואס זיינען כמעט דיא זעלביגע וויא דיא לעהרען פון דער קבלה, האבען געקענט ארויסרופען אזא פיגור וויא ישוע הנוצרי.



.4

# דיא רעוואָלוציאָנערע און משיח־בעוועגונגען אין דער צייט פון ישוע הנוצרי.

יאָזעפוס, ווען ער בעשרייבט דיא אידישע פּארטייען, דיא צדוקים, די פרושים, און די עססעער, דערמאָנט נאָך אַ פערטע פּארטיי — דיא „צעלאָטען“ אָדער „קנאים“, ראבע־נעהמער.

מיט זיין געוועהנליכע צביעות און צוויי־זייטיגקייט, בעשרייבט זיי יאָזעפוס אין איין אָרט אלס באנדיטען, מערדער און רויבער, וועהרענד אין אַ צווייטען פּלאַץ רעדט ער פון זיי מיט גרויס דרך ארץ און רעספּעקט אלס היילינע און גרינדער פון אַ נייער פילאָזאָפישע שוהלע. אין דיעזע בעשרייבונגען פון יאָזעפוס זעהט מען אם קלאָהרסטען ארוים דעם כאראקטער פון דעם מענשען, וואָס האָט געוואָלט שפּיעלען אויף צוויי פידלען, וואָס האָט געוואָלט געפעלען ווערען סיי דיא רוימער, סיי דיא אידען. דאָס האָט אויך געפיהרט דערצו, וואָס אין דיא לעצטע מלחמה געגען דיא רוימער, איז ער, אליין אַ אידישער גענעראל, בעגאנגען אַ מיאוסען פעררעטה געגען זיין אייגענעם פאָלק און האָט פיעל בייגעטראָגען צום אידישען אונגליק.

אין דער אמת'ן זיינען דיא צעלאָטען ניט געווען ביידע זאכען. זיי זיינען ניט געווען קיין פילאָזאָפען און האָבען ניט געגרינדעט קיין נייע פילאָזאָפישע שוהלע. נאָך וויניגער

אבער זיינען זיי געווען באנדיטען און רויבער. זיי זיינען געד ווען ברענענדיגע פּאטריאָטען, אונבעגרענעצט אין זייער ליעד בע און מיט לייב און לעבען איבערגעבען צו זייער פאָלק, צו זייער לאנד, צו זייער גלויבען און צו זייער פרייהייט. זייער הויפּט פּרינציפּ איז געווען: „אלע מענשען זיינען גלייך; קייד נער דארף דעם אנדערען ניט רופען הערר; עס איז דאָ בלויז איין הערשער און איין הערר — און דאָס איז גאָט". דאָס איז געווען א מין אנארכיזמוס מיט א רעליגיעזער פארבונג; אין יענער צייט האָט אלעס געטראָגען א רעליגיעזען כאראקד טער, און דיא בעוועגונג פון דיא קנאים איז ניט געווען קיין אויסנאַהמע.

און אויב זיי זיינען פון מאנכע היסטאָריקער, וויא, צום ביישפּיעל, יאָזעפוס, און איינינע פלעצער אין תלמוד בעד שריעבען געוואָרען אלס באנדיטען און „בני בריוני", איז עס בלויז דערפאר, וואָס זייער קאמפּף האָט זיך ניט געענדיגט מיט קיין ערפאָלג. וואשינגטאָן איז א גרויסער פּאטריאָט און „דער פאָטער פון זיין לאנד", ווייל זיין רעוואָלוציאָן געגען דיא ענגלענדער איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג; ווילא מיט זיינע סאלדאטען זיינען פּשוט'ע מעקסיקאנישע רויבער און באנדיטען, ווייל זייער רעוואָלוציאָן איז ערפאָלגלאָז. דיא „מאקאבעער" (דיא חשמונאים) זיינען געבליעבען פּאטריאָטען און גרויסע העלדען אין דער געשיכטע, ווייל זיי זיינען ארויס דיא זיעגער; דיא „קנאים" זיינען פערלוימדעט געוואָרען, ווייל זייער קאמפּף האָט זיך געענדיגט מיט א ניעדערלאגע, ווייל זיי זיינען בעזיעגט געוואָרען. ב ר כ ו כ ב א" איז געווען א בר־כוכבא (דער זוהן פון א שטערען) ווען איהם איז געגאנגען גוט; ער איז געוואָרען א „בר־כוזיבא" (דער זוהן פון א ליגען), ווען עס איז איהם גוועק שלעכט. י ש ו ע ה נ ו צ ר י איז געוואָרען דאס וואס ער איז, אן איבער־מענש, גאָט־מענש, צוליעב דעם ערפאָלג פון קריסטענטהום; ש ב ת י ־ צ ב י איז געבליעבען א „פאלשער משיח" און א שווינדלער, ווייל ער איז דורכגעפאלען. דיא געשיכטע אור־

טהיילט ניט לויט דיא מאָטיווען, נאָר לויט דיא רעזולטאַטען.

דער ערשטער גרינדער פון דיעזער פּארטיי אָדער, ריכטי־גער, דער ערשטער פיהרער פון דיעזע פּאַטריאָטען, איז געווען חזקיהו פון גליל. ער האט אָרגאַניזירט פּאַטריאָטען־גרופּען וועלכע זיינען געווען פארבאָרגען אין הייהלען און אין דיא וויסטעניסען, פון וואנען זיי האָבען געפיהרט, וואָס מען רופט איצט א „גאָרילען־מלחמה“ געגען דיא רוימער. חזקיהו און דיא מעהרסטע פון זיינע אָנהייגער זיינען ערמאָרדעט געוואָרען פון הורדוס'ן נאָך איידער ער איז געוואָרען קעניג, אבער דער גייסט וואס האט בעהערשט דיעזע פּאַטריאָטען, איז הורדוס'ן ניט געלונגען צו פערניכטען. עס האבען זיך געבילדעט אלץ מעהר און מעהר געהיימע טעראָריסטישע געזעלשאפטען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט פאר זייער אויפגאבע צו בעפרייען דעם לאַנד פון אלע טיראַנען, סיי פון דיא רוימער סיי פון הורדוס'ן גופא, וועלכער איז אונטערדעסען געוואָרען קעניג. דיזע געהיימע טעראָר־גרופּען האבען זיך פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד, אין ירושלים און אין יהודה פּונקט וויא אין גליל. וויא אין אלע רעוואָלוציאָנערע צייטען, זיינען צו דיא רעוואָלוציאָנערען אויך צוגעשטאַנען א געוויסער טהייל פון פערברעכער בכלל, וועלכע זיינען בעגאַנגען רויב און מאָרד ניט צוליעב רעוואָלוציאָנערע, נאָר צוליעב פערזענליכע צוועקען, א מין מאָדערנע „עקספּראָפּריאַטאָרס“.

איינע פון די שטאַרקסטע און וואונדערבארסטע פיגורען פון יענער צייט איז געווען יהודה הגלילי, א זוהן פון דעם אויבענדערמאָנטען חזקיהו. ער איז געווען א מענש מיט אן אייזערנעם כאַראַקטער און ווילען, וועלכער האָט דער־צו בעזעסען א מאַגנעטישע קראַפט צוציהען צו זיך פיעלע אנהייננגער. דיעזער יהודה איז געוואָרען דער פיהרער פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג. אין פערגלייך מיט זיין רעוואָ־לוציאָנערען פאָטער איז ער געווען נאָך מעהר בעגייסטערט און נאָך מעהר איבערגעבען אין דעם קאַמפּף פאר פרייהייט. זיין אויפגאבע איז אויך געוואָרען א פיעל ברייטערע וויא זיין

פּאַטער׳ס. ער האָט זיין קאַמפּף אוועקגעשטעלט אויף אַ פּרינציפּיעלען באָדען: ס׳איז געוואָרען אַ קאַמפּף געגען הער־שאַפט בכלל. ניטאָ קיין קעניגע און ניטאָ קיין הערען, עס איז דאָ נאָר איין הערר און קעניג, גאָט, געגען וועמען אַלע זיינען גלייך.

דיעזע טעררעריסטישע בעוועגונג איז געווען אַ גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג. דער טעררער פון אויבען האָט ארויס־גערופען דעם טעררער פון אונטען. און דער טעראָר פון אויבען האָט געמוזט זיין גענוג שרעקליך, ווען אזא פריעד־ליכער בירגער וויא יאָזעפוס זאָגט וועגען איהם דאָס פאָל־גענדע : „ניט קיין קעניג איז ער (הורדוס) געווען פאַר דיא אידען, נאָר דער שרעקליכסטער טיראַן, וואָס איז ווען עס איז געזעסען אויפ׳ן טהראָן. ער האָט ערמאָרדעט מענשען אָהן אַ צאָהל, אָבער דיא וואָס זיינען געבליעבען לעבען האָ־בען מקנא געווען דיא טוידטע. ניט בלויז האָט ער געפּיי־ניגט זיינע אונטערטהאַנען, נאָר גאַנצע שטעדט האָט ער חרוב געמאַכט. ער האָט אויסגעפּוצט פרעמדע שטעדט און פערוויסטעט דיא אייגענע. ער האט בעראַבעוועט זיין פאָלק און עס געשאָנקען צו פרעמדע פעלקער. דער דלות איז גע־וואָרען אונערטרעגליך. אין דיא קורצע יאָהרען פון זיין הער־שאַפט האָבען דיא אידען זיך אָנגעליטען מעהר וויא אין דיא גאַנצע צייט פון דעם גלות בבל ביז איהם".

גלייך ביי זיין ארויפטרעטען אויפ׳ן טהראָן האָט ער ערמאָרדעט פינף און פערציג פון דיא ירושלים׳ער רייכע אריסטאָקראַטען און קאָנפיסקירט זייער אייגענטהום. דאָס פלעגט ער טהאָן אָפט, ווען ער האָט געדאַרפט געלד.

אַלע מיטגליעדער פון דעם סנהדרין האָט ער ערמאָרדעט און געלאָזען בלויז איינעם, אַ געוויסען ב ב א ב ן ב ו ט א לויט דעם תלמוד, וועמען ער האט ארויסגענומען דיא אויגען און פון וועמען ער האט נאַכדעם געוואָלט אויס־שפּיאָנירען זיין מיינונג וועגען זיך. ער האָט איבערהויפּט איינגעפיהרט אַ שפּיאָנען־סיסטעם, וועלכע איז אין קיינע

הינזיכטען ניט בעסער געווען וויא אין רוסלאנד אין דיא צייטען פון איוואן דעם שרעקליכען.

הונדערטע, מאנכע בעהויפטען טויזענדע, פון דיא פרושים און עססעער, וועלכע האבען זיך ענטזאגט צו שווערען טרייהייט צו איהם, זיינען ערמארדעט געווארען אויף'ן ברוטאלסטען אופן. עס ווערט דערצעהלט פון א פאל, וואו ער האט געהייסען פערברענען עטליכע שטעדטלאך מיט צוויי טויזענד מענשען.

ער האט זיין אייגענע פאמיליע ניט געשאנעוועט, ער האט זיי איינע נאך דיא אנדערע ערמארדעט. ער האט גע־הרג'עט זיינע אייגענע שוואגערס, זיין ווייב'ס ברידער און זיין שוועסטער'ס מאן. ער האט גע'הרג'עט זיין ווייב'ס זיי־דען, אן אלטער מאן פון צוויי און אכטציג יאהר. דאן האט ער אויך ערמארדעט זיין ווייב מרים, וואס האט גע־שטאמט פון דיא חשמונאים, און איהר מוטער. אין א פאר יאהר שפעטער האט ער ערמארדעט זיינע צוויי זיהן, קינדער פון דער אויבענדערמאנטער מרים. צוזאמען מיט זיי זיינען אויך הינגעריכטעט געווארען דריי הונדערט מענשען, וועמען הורדוס האט חושד געווען, אז זיי זייגען געגען איהם.

זיין בלוט־דורשטיגקייט איז מיט זיין עלטער ניט גע־ווארען אבגעשוואכט. אין דעם יאהר פון זיין טוידט האט ער הינגעריכטעט דורך פערברענען צוויי געלעהרטע יהודה בן צריפה און מתתיהו בן מרגלית צו־זאמען מיט פערציג פון זייערע תלמידים, וועלכע האבען גע־וואלט אראבנעהמען פון טעמפעל דעם רוימישען אדלער.

עטליכע טעג פאר זיין טוידט האט ער געלאזען הינ־ריכטען נאך א זוהן זיינעם. א לעגענדע דערצעהלט, אז ווען ער איז געלעגען אויף זיין טוידטען־בעט האט ער ארויסגע־געבען א בעפעהל, אז מען זאל ארעסטירען פון יעדע אנגעזע־העגע משפחה איין מענשען און זיי הינריכטען גלייך נאך זיין טוידט. ער האט געוואוסט, אז דאס פאלק וועט זיך פרעהען

מיט זיין טוידט. און ער האָט זיי דורך דעם געוואָלט צווינגען צו וויינען.

דאָס איז נאָר א קליינער צעטעל פון זיינע גרויזאמקייטען און מערדערייען, און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס ארום זיין נאָמען האָבען זיך אויסגעבילדעט אלערליי שרעקליכע לעגענדען, צווישען זיי אויך דיא דאָזיגע, וואָס ווערט דערצעהלט אין עוואנגעליום (דיא קריסטליכע ביבעל), אז ער האָט אויסגעשאָכטען אלע קליינע קינדער פון ב י ת ־ ל ח ם.

דער מאָטיוו צו דיעזע אלע גרוילטהאטען זיינע איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט שטענדיג געלעבט אין הוילע שרעק, אז מען וויל איהם ארונטערזעצען פון זיין טהראָן, אז ער איז ארומגערינגעלט פון שונאים. ער האָט פון זיי געוואָלט פּטור ווערען און האָט זיי דארום ערמאָרדעט. אָבער דורך דעם האָט ער געקראָגען נאָך מעהר שונאים און האָט נאָך מעהר געמוזט מאָרדען. עס איז ביי איהם געוואָרען א מין שרעקליכע מאַניע פון פערפאָלגונג, וועלכע האט איהם ניט געלאָזט רוהען. אויך אין דעם איז ער געגליכען צום „שרעקליכען איוואן“.

מען מוז אָבער צוגעבען, אז ער האָט געהאט געגוג גרונד מורא צו האָבען פאר זיין טהראָן און זיין לעבען. דאָס פאָלק האט איהם פיינד געהאט און קיין אנדער נאמען וויא „עבדא בישא“ (שלעכטער שקלאַף) און „עבד־אדומי“ (דער אדום'ער שקלאַף) האָט ער ניט געהאט. ניט דאָס פאָלק און ניט דיא געלעהרטע האָבען איהם געוואָלט אנערקענען אלס קעניג. זיי האבען איהם בעטראַכט פאר אן אוואנטוריסט, פאר א „סאמאָזוואנעץ“, וועלכער האָט פערכאַפּט דעם טהראָן פון דיא חשמונאים. „ער איז געקומען צום טהראָן וויא א פוקס, רעגיערט וויא א טיגער און געקראַפּירט וויא א הונד“, דריקט זיך אויס וועגען איהם א היסטאָריקער. ניט אומזיסט איז דער טאָג, ווען ער איז געשטאָרבען, בעטראַכט געוואָרען פאר א יום טוב ביים אידישען פאָלק, טראָץ דעם, וואָס ער, הורדוס האָט אין דיא אויגען פון פאָלק אויך אויפגעטהאָן גוטע זאַ־

כען אין זיין לעבען, וויא צום ביישפיעל, דיא בענייאונג פון טעמפעל.

אבער ניט בלויז דיא פאליטישע, נאר אויך דיא עקאנאמישע לאגע פון פאלק איז געווען אונערטרעגליך, וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געווארען. הורדוס האט פון פאלק אויסגעזויגט דיא מארך פון דיא ביינער דורך זיינע אונערהערטע גרויסע שטייערען, פון וועלכע עס האבען געליטען דיא בויערען און דיא פאסטוכער פונקט אזוי גוט וויא דיא שטאדט־לייטע. דיא מלוכה־הוצאות זיינען געווען אונגעהויער גרויסע. ער האט געדארפט אויסהאלטען א בעצאהלטע ארמעע, דאס מעהרסטע ניט קיין אידישע, דורך וועמעס הילף ער האט געקענט דריקען דעם פאלק. דערצו האט ער געדארפט שיקען שטייערען אויך אין רוים, אויסער וואס ער האט געדארפט אויסהאלטען זיין קעניגליכען הויף. דורך דעם איז דיא שנאה פון פאלק אויך געוואקסען צו דיא שטייערען־זאמלער (מוכסים). א „מוכס“ ביי אידען איז געווען בעטראכט אלס איינער פון דיא ערגסטע, אלס א מערדער און אן אויסוואורף. ניט אומזיסט האבען דיא אידען שטארק ניט געוואלט ליידען, ווען ישוע הנוצרי האט זיך מיט דיא מוכסים ארומגעטריעבען און מיט זיי פערבראכט. דאס איז געווען איינע פון דיא אורזאכען, ווארום דאס אידישע פאלק האט זיך פון איהם אבגעטרייסעלט, וויא מיר וועלען זעהן אין דיא וויטערדיגע קאפיטלען.

עס איז אלזא קיין וואונדער ניט, וואס דיעזע שרעקליכע לאגע פון אידישען פאלק האט ארויסגערופען רעוואלוציאנערע אויסבריכע און געהיימע ארגאניזאציאנען. עס זיינען בלויז געווען דיא אויבערשטע קלאסען, דיא צדוקים און אויך א טהייל פון דיא פרושים, וואס האבען זיך צוגעפאסט צו הורדוס'ן און זיינע פאראנדקעס. דער געזינטערער עלעמענט פון פאלק האט געגען דעם רעוואלטירט.

דיעזע רעוואלוציאנערע בעוועגונג איז אבער אויך געווען א משיח־בעוועגונג, א האפנונג אויף א באלדיגע ער־

לייזונג ; אויף בעסערע צייטען. דיא שרעקליכע הריגות, דער דלות, דיא לויזע מאָראל זיינען בעטראכט געוואָרען אלס צרות, וואָס דארפען קומען פאר משיח'ס צייטען. דאָס איז געווען א משיח־בעוועגונג פון דער ראציאָנאלער, נאטירלי־כער ריכטונג. אין דיעזען זינן קען יהודה הגלילי אויך בעטראכט ווערען אלס איינער פון דיא משיחים.

אָבער אויסער איהם זיינען אין יענע צייטען און עט־וואָס שפּעטער געווען אנדערע קעמפּפער פאר זייער פאָלקס ערלייזונג און פרייהייט, אזעלכע וואָס האָבען זיך טאקע אָנגעגעבען און ערקלעהרט פאר משיחים. זיי האָבען געהאָפט און געגלויבט, אז זיי וועלען בעפרייען זייער פאָלק דורך ניסים און וואונדער, אָבער אין דער זעלבער צייט האָ־בען זיי אויך געהאַט מיט זיך ארמעען.

איינער פון דיא דאָזיגע איז געווען א געוויסער עגיפּ־טישער משיח, דאָס הייסט א איד וואָס איז געקומען פון עגיפּטען. זיין נאָמען און אָבשטאַמונג איז ניט בעקאַנט, נאָר מאנכעס ווערט פון איהם דערצעהלט, וואָס איז עהנליך אויף ישוע הנוצרי. איך מיין דערמיט ניט צו זאָגען, אז ער איז עס ישוע הנוצרי, זיי האבען געלעבט אין פער־שיעדענע צייטען. אבער אין דיא שפּעטערדיגע ערצעהלונגען וועגען יעזוס'עס לעבען איז אויך אריינגעקומען מאנכעס, וואָס האט צו טהאָן מיט דיעזען משיח. עס איז אויך מעג־ליך, אז דאָס איז געווען דער „בן־פּנדירא" פון דער אידישער לעגענדע, וועלכער איז געווען אנטלאָפען אין מצרים און געקומען צוריק פון דאָרטען. עס קען ווידער זיין, אז דיעזע דריי פּערזאָנען זיינען שפּעטער צומישט געוואָרען אין איי־נעם ; עס איז אָבער אויך מעגליך, אז דאָס איז בלויז איין פּערזאָן מיט א צופלאָנטערטע כראָנאָלאָגיע. דיעזער משיח איז אלזאָ געקומען פון עגיפּטען (פּונקט וויא יעזוס און בן־פּנדירא, וואס זיינען אנטלאָפען אין עגיפּטען און געקומען צוריק). ער האָט געהאַט מיט זיך דרייסיג טויזענד אָנהייג־גער, וועלכע זיינען אויך געווען קריעגער, ער איז אָנגעקומען

פון מדבר און האט זיי געפיהרט צום הר־הזיתים (אויך יעזוס איז אנגעקומען דיא לעצטע נאכט פאר זיין טויט אויפ'ן הר־הזיתים און האט געהייסען זיינע תלמידים בעוואפענען זיך, (אזוי דערצעהלט לוקאס). פון דארטען האט דער עגיפטער עס געזאלט איבערפאלען דיא רוימער און בעפרייען ירושלים. דיא רוימער האבען זיך אבער דערפון דערוואוסט (אפשר איז צווישען זיינע אנהייגנער געווען א פעררעטהער, פון וואס עס איז שפעטער בעשאפען געווארען דיא לעגענדע פון „יהודה איש־קריות"), און דער פראקוראטאר פעליקס איז אויף זיי בעפאלען אונגעריכטערהייט. פיעלע פון זיי זיינען גע'הרג'עט געווארען, נאך מעהרער זיינען געפאנגען געווארען און דער משיח אליין איז אנטלאפען. דאס אינטערעסאנטסטע דערביי איז, וואס אין דעם נייען טעסטאמענט (דיא שליחות פון דיא אפאסטאלען, 22) ווערט דערצעהלט, אז א רוימישער אפיצער האט בעשולדיגט פאול'ן, אז ער איז עס דער עגיפטער, וועלכער האט זיך ארומגעדרעהט אין דער מדבר מיט פיער טויזענד באנדיטען.

עס ווערט אויך דערצעהלט פון נאך א משיח מיט דעם נאמען טהודא, וועמעס תלמידים זיינען אויסגע'הרג'עט געווארען פון דיא רוימער ניט וויט פון ירדן. דעם משיח אליין האט מען געכאפט און הינגעריכטעט.

קורץ, דאס איז געווען א צייט, ווען עס איז געווען א גרויסע גערעטעניס אויף אלערליי משיחים. דיא רעוואלוציאנערע בעוועגונגען און דיא משיחים זיינען געווען אן אויסדרוק פון דעם פאלק'ס האפנונגען און ערווארטונגען, א פערצווייפעלטער קאמפף פאר זיין פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט. זאגאר אין דיא לעצטע טעג פון דעם גרויסען קריעג געגען דיא רוימער, אין דער צייט פון דעם חורבן, האט זיך בעוויעזען איינער, וועמען מען האט בעטראכט פאר א משיח. דאס איז געווען מנחם דער זוהן פון דעם אויבענדערמאהנטען קנאי יהודה הגלילי.

אין דיעזע אלע בעוועגונגען און רעוואלוציאנען האט

זיך אויסגעדריקט דער געזונדער, דער נאטירליכער און נאר־מאלער פערלאנג פון פאלק צו לעבען, צו ערהאלטען זיין נאציאנאלע זעלבסטשטענדיגקייט, צו היטען זיין פרייהייט און זיין קולטור.

* * *

דיא דאזיגע פאסירונגען האבען אבער אין דער זעל־בער צייט אויך געהאט א געגענגעזעצטע ווירקונג אויף מאנ־כע אנדערע טהיילען פון אידישען פאלק. אנשטאט זיי צו טרייבען צו רעוואלוציאן און עמפעהרונג, צום קאמפף פאר פרייהייט, האט עס זיי געטריעבען צו יאוש, צו פערצווייפ־לונג. דיא שטענדיגע מלחמות און הריגות, קראנקהייט און טוידט, דלות און הונגער האט פון זיי ארויסגעשלאגען דעם מוטה, געמאכט זיי אבהענגדיג און הילפלאז. עס האט זיך אויסגעבילדעט א טרויעריגע וועלט־אנשויאונג. דאס לעבען איז בלויז אן אבקומענים; דיא וועלט איז א טהאל פון טרע־רען און צרות; דיא תענוגים פון לעבען זיינען הבל הבלים און זאגאר פערברעכענס. א מענש דארף זיך פייניגען און ליידען. דער עיקר איז „יענער" לעבען, „יענע" וועלט. דא קומט מען אב פאר דיא גרויסע זינד.

דיא זינד זיינען אזוי גרוים, אז דיא וועלט קען לייגגער ניט עקזיסטירען. זיא מוז באלד אונטערגעהן. דיא אלע צרות און ענוים, טויט און פערניכטונג, זיינען בלויז סמנים דערפון. דיא מענשען ווערען דורך זיי געווארענט, אז דיא וועלט ווערט באלד חרוב. מען מוז דארום אויפגעבען אלע נאריש־קייטען פון דיעזער וועלט, אלע חלומות פון גליק, אלע פער־גניגענס. מען דארף ליידען, ליידען און ליידען, טאהן תשובה און מאכען הכנות צו דער נייער וועלט, צו דער „הימעלשער קעניגרייך".

אט דיעזער געדאנקען־גאנג, וועלכער איז געווארען א טיעפע איבערצייגונג ביי גאר פיעלע פון יענער צייט, האט עס ארויסגעבראכט אין לעבען יענע כמורנע, אסקעטישע, האלב־ווילדע, בייזע, פערביטערטע, כמעט מענשען־פיינד־

ליבע, פאר אונזער צייט אונפערשטענדליכע, פיגור פון דעם עססעער, „יוחנן דער טויפער".

און אט זעהט איהר וויא עס שטעהט פאר אייערע אויגען אן אלטער בעוואקסענער, בייזער איד מיט גרויסע ברעמען, מיט ביסטרע אויגען, האלב נאקעט און אויסגעהונ־גערט, מיט א גרויסען שטעקען אין האנד, און שילט און פלוכט און ליארעמט:

„שלאנגען־קינדער, טהוט תשובה!"

„שלאנגען־קינדער, היט זיך פאר דעם גיהנום!"

„שלאנגען־קינדער, היט זיך פאר דיא האק, וואס געהט אויסהאקען אללע שלעכטע בוימער און זיי ארייננווארפען אין פייער!"

„שלאנגען־קינדער, שלאנגען־קינדער, דארטען וועט זיין קלאגענעם און ציין־קריצענעם"; איילט זיך, איילט זיך תשובה צו טאהן!"

און דאס האט ער געטאהן טאג איין, טאג אויס. און צו איהם איז אויך געקומען דער יונגער גוטמוטהיגער טרוימער ישוע הנוצרי תשובה צו טאהן. יוחנן איז געווען זיין ערשטער רבי אויף זיין בייעם וועג...



.5

# יעזוס אַלס פּערזאָן לויט היסטאָרישע און לעגענדאַרע קוועלען.

## יעזוס אַלס היסטאָרישע פּערזאָן.

דיא פראגע צי איז ישוע הנוצרי געווען א היסטאָרישע פּערזאָן, איז נאָך עד היום ניט קלאָהר פערענט־פערט געוואָרען. עס זיינען פאראן וועגען דעם מיינונגס־פער־שיעדענהייטען. מען דאַרף זיך פריהער קלאָהר מאכען, וואס מען פערשטעהט אונטער דעם אויסדרוק „היסטאָרישע פּער־זאָן". אויב אונטער דעם זאָל פערשטאַנען ווערען בלויז אזא מענש, וועמעס לעבענס־בעשרייבונג איז בעקאַנט גענוי און פּינקטליך — דאַן איז ישוע הנוצרי ניט קיין היסטאָרישע פּערזאָן. מיר ווייסען נאָך היינט ניט גענוי, און העכסט־וואהרשיינליך וועלען מיר עס קיינמאָל ניט וויסען, וואו און ווען ער איז געבאָרען געוואָרען און געלעבט; וואס ער האט געפּריידיגט און וואס איז געווען זיין אויפטהועכץ; ווען, וואו, פארוואס, פון וועמען און וויא אזוי ער איז הינגעריכ־טעט געוואָרען. זיין ביאָגראַפיע קען ניט און וועט מסתמא קיינמאָל ניט קענען ווערען געשריעבען.

אבער אויב דיא איינצעלהייטען פון זיין לעבען איז ניט וויכטיג; אויב עס איז גענוג אנצורופען א מענשען „היסטאָ־רישע פּערזאָן", ווען מען ווייס, אז ער האט געלעבט אין א בעשטימטע עפּאָכע, אז ער האט געווירקט אין א בעשטימטע

ריכטונג און אז ער האט דערפאר געליטען א מארטירער־טוידט — דאן איז י ש ו ע  ה נ ו צ ר י  אהן צווייפעל א היסטארישע פערזאן. ער איז ניט קיין  ב י א ג ר א פ י־ש ע  פערזאן, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, אבער ער איז א  ה י ס ט א ר י ש ע. פון דיעזען שטאנדפונקט איז אונז ניט וויכטיג, אויב ניט גלייכגילטיג, צי יעזוס איז געבארען געווארען מיט א פאר צעהנדליג יאהר פריהער אדער שפעטער וויא דיא אנגענומענע צייט־רעכנונג; צי ער האט געהאט צוועלף אדער בלויז פינף תלמידים; צי זיין נאמען איז געווען  י ש ו ע  אדער עפעס אנדערש; צי מען האט איהם געהאנגען אדער געקרייציגט.

דער ספק וועגען זיין לעבען נעהמט זיך דערפון, וואס זיינע צייט־גענאסען ריידען וועגען איהם זעהר ווענינ. „פ י ל א דער איד" דערמאנט איהם אין גאנצען ניט. י א ז ע פ ו ס דערמאנט איהם יע, אבער בלויז פארבייגעהענדיג, און אויך דאס וואס ער זאגט וועגען איהם איז שטארק געפעלשט גע־ווארען פון שפעטערע קריסטליכע שרייבער.

דאס אבער קען בשום אופן ניט דיענען פאר א בע־ווייז, אז ישוע הנוצרי האט איבערהויפט ניט געלעבט. דאס קען בלויז בעווייזען, אז ענטוועדער ער האט אין זיין צייט געהאט א קנאפע בעדייטונג און אז זיינע צייט־גענאסען האבען צוליעב דעם זיך מיט איהם ניט גערעכענט, אדער זיי האבען פון איהם אין גאנצען ניט געהערט און ניט געוואוסט. ישוע הנוצרי האט אנגעפאנגען שפיעלען א גרויסע ראלע און האט געקרא־גען א גרויסע בעדייטונג אין דער מענשליכער געשיכטע ערשט א לאנגע צייט שפעטער נאך זיין טוידט. ביי זיין לע־בען איז זיין ווירקונג און טהעטיגקייט געווען בעגרענעצט אויף א קליינעם קרייז פון חברים און תלמידים. מען דארף ניט פערגעסען, אז יענע עפאכע איז געווען רייך אין אלערליי דרשנים און מאראל־פרעדיגער, רעפארמער און רעוואלוציא־נערען. אפילו אזעלכע, וואס האבען געגלויבט, אז זיי זיינען

משיחים זיינען אויך געווען מעהרערע. י ע ז ו ס איז בלויז געווען איינער פון זיי און דערצו ווייט ניט דער וויכטיג־סטער פאר ז י י ן צ י י ט. היגריכטונגען פון אלערליי רעוואלוציאנערען און משיחים, שולדיגע צו אונשולדיגע, זיינען דאמאלס אונטער דער רוימישער הערשאפט געווען א גאנץ אפטע פאסירונג, און איין היגריכטונג מעהר האט ניט געקענט מאכען קיין בעזונדערען איינדרוק אויסער אויף דעם ענגערען קרייז פון דיא תלמידים.

דיא וויכטיגסטע קוועלען וועגען יעזוס׳עס לעבען מוזען נאך עד היום בלייבען דיא קריסטליכע, סיי דער אנערקענטער „נייער טעסטאמענט", סיי דיא ניט־אנערקענטע קריסטליכע שריפטען, און מאנכע עלטערע שטעלען אין תלמוד. דיא אנדערע אידישע קוועלען, וויא „תולדות יש"ו, „מעשה תלוי", „אותו ואת בנו" דארפען אויך גענומען ווערען אין אנבע־טראכט, כאטש זיי האבען קיין היסטארישען ווערטה ניט.

דיא צרה איז אבער, וואס דיעזע קוועלען זיינען ניט פערטרויענסווערטה, ערשטענס דערפאר, ווייל זיי זיינען גע־שריעבען געווארען א צייט שפעטער נאך יעזוס׳עס טוידט, פון מענשען, וועלכע האבען איהם אליין פערזענליך ניט געקענט און צווייטענס, וואס עס איז נאך וויכטיגער, פון מענשען, וואס זיינען ניט געווען אונפארטייאיש. דיא קריסטליכע שריפטען זיינען געשריעבען געווארען פון נאכ־פאלגער און אנהיינגער, מענשען, וועלכע האבען יעזוס׳ען בעטראכט אלס משיח און גאט־מענש. אין זייער שרייבען האבען זיי געהאט איין וויכטיגע אויפגאבע — צו בעווייזען דיא געטליכקייט פון זייער ערלייזער; זיי האבען דארום געמוזט זיין טענדענציעז און גאנץ אפט האבען זיי צוליעב דעם אויסגעטראכט מעשיות, וואס זאלען זיך צופאסען צו דיא דאזיגע פסוקים פון דיא נביאים, וואס געהען אויף משיח׳ן.

ניט בעסער איז עס מיט דיא זאגענאנטע אידישע קוועלען. זיי זיינען אויך געשריעבען געווארען פיעל שפעטער

און זיינען פונקט אזוי פארטייאיש און טענדענציעז אין א געגענגעזעצטער ריכטונג. זיי זיינען געשריעבען געוואָרען פון שונאים, פון מענשען, וואס האבען געקוקט אויף יעזוס'ען וויא אויף א פערפיהרער און בעטריגער, וויא אויף א מכשף און גאָט'ס לעסטערער. פאר א מאָדערנעם מענשען, וואס גלויבט ניט אין דיא קריסטליכע לעגענדען און אויך ניט אין דיא אידישע בבא־מעשיות וועגען יעזוס'ען, וואס וויל זיין אונפארטייאיש און גערעכט, בלייבט נאר אויסצוקלייבען פון דיא אלע ערצעהלונגען דיא יעניגע, וועלכע זיינען מעגליך און וואהרשיינליך, וואס פאסען זיך אם בעסטען אריין אין דיא ראהמען פון יענער צייט, וואס זיינען אין איינקלאנג מיט דער דאמאלסדיגער סביבה, מיט דעם היסטאָרישען הינטער־גרונד.

---

## זיין געבורט.

ווען יעזוס איז געבוירען געוואָרען איז ניט אין גאנצען קלאָהר. לויט דיא אנגאבען פון נייעם טעסטאמענט איז ער געבאָרען געוואָרען אונטער דער הערשאפט פון הורדוס דעם גרויסען, אלזאָ מיט א פאאר יאהר פריהער וויא דיא אנגענומענע צייט־רעכנונג, אויב מען זאָל אפילו אננעהמען אז דאס האט פאסירט אין דעם לעצטען יאהר פון הורדוס'עס הערשאפט. לויט דעם תלמוד און לויט דיא אידישע לעגענדען דאגעגען איז ער געבאָרען געוואָרען מיט א קנאפען יאהר־הונדערט פריהער אין דיא צייטען פון קעניג ינאי. דיעזער קעניג איז אויך געוועזען א ווילדער טיראַן, כמעט אזוי שלעכט וויא הורדוס. דיא פרושים האבען געגען איהם גע־פיהרט א רעוואָלוציאָן פאר גאנצע זעקס יאהר. פיעלע טויזענדע מענשען זיינען דערביי אומגעקומען. ער האט געקרייציגט אכט הונדערט פרושים אויף אמאָל. יעזוס איז דאמאלס אנטלאָפען געוואָרען מיט זיין רבי'ן יהושע בן פרחיא אין אלעקסאנדריען, עגיפטען. דיא קריסטליכע

און אידישע לעגענדען זיינען אלזא מסכים, אז ער איז געבוי־ רען געוואָרען אונטער דער הערשאפט פון א טיראנישען קעניג און אז ער האט זיך א געוויסע צייט אויפגעהאלטען אין עגיפּטען.

עס געפינען זיך זאָגאר קריסטליכע געלעהרטע, וויא, צום ביישפּיעל, דער ענגלענדער ר אָ ב ע ר ט ס אָ ן, וועל־ כע זיינען גענייגט צו גלויבען, אז דער היסטאָרישער יעזוס איז עס דער יעניגער, וואס ווערט דערמאָנט אין תלמוד אלס דער „ב ן־פ נ ד י ר א“; אז א געהיימע געמיינדע וואס האט געגלויבט אין איהם, האט עקזיסטירט דיא גאנצע צייט; אז פון דיעזער געמיינדע האט זיך שפּעטער ענטוויקעלט דיא ערשטע אידיש־קריסטליכע קהלות און אז ארום דיעזען בן־ פנדירא האבען זיך שפּעטער אויסגעבילדעט דיא אלע קריסט־ ליבע לעגענדען און וואונדער־מעשיות.

אז א געוויסע סעקטע אָדער משיח־בעוועגונג איז פאָר־ געקומען בערך אין יענער צייט, איז איצט קלאָהר געוואָרען דורך דעם העכסט־אינטערעסאנטען דאָקומענט, וואס איז מיט עטליכע יאהר צוריק געפונען געוואָרען פון דעם ניט־ לאנג־פערשטאָרבענעם פּראָפעסאָר ש ע כ ט ע ר. דיעזער דאָקומענט, וואס איז געשריעבען אין העברעאיש און שטאמט אָהן צווייפעל פון א היבשע צייט בעפאָר דיא אנגענומענע צייט־רעכנונג, איז געשריעבען פון א סעקטאנט, וועלכער איז פיינדליך הן צו די צ ד ו ק י ם און הן צו די פ ר ו ש י ם. דאָרטען ווערט גערעדט פון א נייעם געזעצגעבער, וואס האט דעם אידישען פאָלק געלערנט דיא אמת׳ע וועג און האט מיט זיי געשלאָסען א נייעם בונד (ברית חדשה). דער נאמען פון געזעצגעבער ווערט ניט אנגעגעבען, ער ווערט אנגערופען „כוכב“ (שטערן).*) דאָרטען ווערט אויך גערעדט פון א „מו־ה צדק“, א גערעכטער לעהרער, וואס דאַרף נאָך אנקומען. דיע־

*) אויך יעזוס ווערט אין מאנכע שטעלען אנגערופען שטערן. ווען ער איז געבאָרען געוואָרען, דערצעהלט דיא לעגענדע, האבען דיא מאגיקער געזעהן א שטערן, וועלכער „האט זיך געשטעלט איבער דעם אָרט, וואו דאס קינד איז געווען“. (מאטהעאוס, 2).

זער געזעצגעבער איז, לויט יענעם דאָקומענט, ערשיענען דריי הונדערט און נייינציג יאהר נאכ'ן ערשטען חורבן.

זיין געבורטס־אָרט איז געווען א קליינע שטעדטעלע נצרת אין דעם פּאלעסטינישען פּראָווינץ גליל. אויך דאס איז אבער ניט אין גאנצען זיכער. עס זיינען דאָ מיינונגען, אַז די ערשטע קריסטען האבען זיך גערופען נוצרים ניט אויף דעם נאמען פון דער שטעדטעל, אין וועלכער דער גרינדער פון זייער רעליגיאָן איז געבאָרען געוואָרען, נאר אַז דיזער נאָמען האָט זיך גענומען פון דעם העברעאישען וואָרט „נצר“ (א צווייג), ווייל זיי האבען געגלויבט, אַז ער איז עס „דער צווייג“ פון דעם שטאָם דוד, וועגען וועמען דיא נביאים האבען גערעדט אַלס דעם משיח. אנדערע דיינקען, אַז דאס איז א קאָרומפּירונג פון דעם וואָרט „נזירים“ (אסקעטען), ווייל זיי האבען געפיהרט אַן אסקעטישען לעבען. דיא מעשה, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען אין בית־לחם איז אויסגעטראַכט געוואָרען שפּעטער, כדי עס זאָל זיך פּאסען צו א נביאות, וואס האט פאראויסגעזאָגט, אַז משיח וועט קומען פון בית־לחם.

זיין פאטער, וועמעס נאמען עס איז געווען יוסף, איז געווען אַן עהרליכער בעל־מלאכה, וואס האט זיך אבגעגעבען מיט סטאָלעריי. דיא מעשה, אַז יעזוס איז געבאָרען געוואָרען פון אַן אונבעפלעקטע „יונג־פרוי“ דורך דעם רוח־הקודש, איז ערפונדען געוואָרען שפּעטער. סיי ביי דיא אַלטע גריכען און סיי ביי דיא רוימער איז געווען איינגעגלויבט, אַז זייערע גרויסע מענשען זיינען געבאָרען געוואָרען מיט דער הילף פון דיא געטער. אזעלכע מעשיות ווערט פון דיא גריכען דערצעהלט וועגען פּיטהאגאָראס, פּלאטאָן, אַלעקסאנדער דער גרויסער, און פון דיא רוימער אויף אויגוסטוס און אנדערע זייערע העלדען. עס איז דארום העכסט וואהרשיינליך, אַז דיא היידנישע קריסטען האבען אויך וועגען יעזוס'ען דערצעהלט אזא מעשה. דער פאַקט איז, אַז דיא אידישע קריסטען, דיא אביונים

(עביאָניטען), האבען דערפון ניט געוואָלט וויסען און הערען, און זיינען דארום שפּעטער אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער קירכע אלס אפּיקורסים.

דיא לעגענדע, אז ישוע הנוצרי איז געווען אן אונגעזעצליכעם קינד, איז, וואהרשיינליך, אויסגעטראכט געוואָרען פון זיינע געגנער צו בעקעמפּפען דיא בעהויפּטונג פון זיינע היידנישע תלמידים, אז ער איז געבאָרען געוואָרען פון רוח־הקודש. יעדענפאַלס איז דיעזע לעגענדע פון זיין אונגעזעצליכקייט זעהר אַן אַלטע. שוין צ ע ל ז ו ס, וועלכער האט געלעבט אין צווייטען יאהרהונדערט, דערצעהלט, אז ער האט געהערט פון אידען, אז מ ר י ם איז שוואַנגער געוואָרען פון א רוימישען סאָלדאט פּ נ ד י ר א. וויא עס ווייזט אויס, האט שוין דער עוואַנגעליסט מ א ט ה ע א ו ס (מתי) אויך געהערט דערפון. ער דערצעהלט: „מרים איז געווען פערקנס׳ט צו יוסף׳ן. און איידער זיי זיינען צוזאַמענגעקומען, איז זיא געוואָרען שוואַנגער. יוסף איז געווען א צדיק און ער האט איהר ניט געוואָלט פערשעהמען. ער האט זיך מיט איהר דארום געוואָלט שיידען אין דער שטיל. האט זיך צו איהם בעוויעזען א מלאך און האט איהם ערקלערט, אַז זיא טראָגט פון רוח־הקודש, און אז זיא וועט געבאָרען א זוהן, וועמען דו זאָלסט רופען י ש ו ע, וויל ער וועט העלפען זיין פאָלק פון זייערע זינד".*)

דיא מעשה וועגען יעזוס׳עס אונגעזעצליכקייט האט אבער קיין גרונד ניט. עס לייגט זיך ניט אויפ׳ן שכל, אַז י ו ס ף, וועלכער איז געווען אַ פרומער איד, זאָל אונטער אַזעלכע אומשטענדען וויטער מיט איהר לעבען און האָבען מיט איהר נאָך פיער אינגערע זיהן און עטליכע טעכטער.

וועגען זיין פאטער יוסף ווייס מען גאַנץ וועניג. עס איז אבער אינטערעסאַנט, אַז סיי דיא קריסטליכע און סיי דיא אידישע לעגענדען (וואו ער הייסט י ו ח נ ן) דערצעהלען,

*) דערפון איז צו זעהן, אז זאגאר זיין נאמען איז געווען א טענדיציעזער און איז מעגליך אויסגעטראכט געווארען.

דאס ער איז געווען זעהר א פרומער און גאָטספאָרכטיגער מענש. וועגען מ ר י ם ' ע ן גופא דערצעהלט דיא אידי־שע לעגענדע, אז זיא איז געווען א פרומע און עהרליכע פרוי, נאר זיא איז אונשולדיגערהייט פערפיהרט געוואָרען.

וויא מיר האבען שוין אויבען בעמערקט, איז י ו ס ף געוועזען א בעל־מלאכה, א פּראָסטער סטאָליער. אבער דאס בע־ווייזט בשום אופן ניט, אז ער איז ניט געווען קיין געלעהרטער אדער אז ער האט אבגעשטאַמט פון א פּראָסטע פאַמיליע. דאס אידישע פאָלק איז נאָך דאמאלס געווען א פאָלק פון ערד־ארבייטער און בעלי־מלאכות. ארבייט איז בעטראכט געוואָרען פאר א הייליגע זאך און פאר א כבוד. „ליעב דיא ארבייט"; „ווער עס לערנט ניט זיין קינד א מלאכה איז גלייך וויא ע־וואָלט איהם געלערנט רויבעריי". „טהו דיא שמוציגסטע אר־בייט, אבי דו זאָלסט ניט דארפען אנקומען צו פרעמדע", אזעלכע און עהנליכע שפּריכווערטלאך געפינען זיך איבעראל אין דיא אַלטע אידישע ספרים (זעה „דאס לעבען פון דיא אידישע בעלי מלאכות אין דער צייט פון יעזוס", פון פ ר א נ ץ ד ע ל י ט ש). עס ווייזט אויס, אז ביידע, סיי דער פאטער און סיי דיא מוטער, האבען אבגעשטאמט פון יחוס'דיגע פא־מיליען. אויף דעם זיינען מסכים אי דיא אידישע לעגענדע און אי דיא קריסטליכע.

דיא קריסטליכע בעהויפּטונג, אז י ו ס ף האט אבגע־שטאַמט פון דער אַלטער אידישער קעניגליכער פאַמיליע דוד, האט קיין היסטאָרישען גרונד ניט. ז ר ו ב ב ל ב ן ש א ל ת י א ל איז געווען דער לעצטער פון דער דאָזיגער פאַמיליע פון וועמען מען האט געוואוסט, וועהרענד דיא שפּע־טערע אבשטאמונגען זיינען אין גאַנצען אונבעקאַנט. דאס איז אויסגעטראכט געוואָרען, כדי צו בעווייזען, אז יעזוס איז דער פערשפּראָכענער משיח. דיא פעלשונג איז געמאַכט גע־וואָרען אזוי אומגעלומפּערט, אז דיא צוויי עוואַנגעליסטען מ א ט ה ע א ו ס און ל ו ק א ס גיבען צוויי פערשיעדענע יחוס־צעטלען. (זעה מאטהעאוס 1 און לוקאס 2).

דיא עוואנגעליסטען דערצעהלען גאנץ וועניג וועגען דעם לעבען פון יעזוס'עס פאטער. דאס איז אויך זעהר פערשטענדליך: נאכדעם וויא מען האט פון יעזוס'ען געמאכט א גאט'ס זוהן, איז דער ערדישער פאטער געווארען ניט בלויז אן איבעריגע זאך, נאר זאגאר א שעדליכע... דאך ווערט אין לוקאס דערצעהלט, אז זיין פאטער און מוטער האבען יעזוס'ען גענומען מיט זיך אין ירושלים יעדען יאהר ביז זיין צוועלפטען יאהר. דאס בעווייזט, אז יוסף האט נאך געלעבט ווען יעזוס איז אלט געווען צוועלף יאהר. אין איינע פון די ניט־קאנאניזירטע קריסטליכע שריפטען ווערט דערצעהלט, אז יוסף איז געשטארבען, ווען יעזוס איז אלט געווען נייני־צעהן יאהר. נאך'ן פאטער'ס טוידט האט יעזוס וואהרשיינ־ליך זיך אבגעגעבען מיט זיין פאטער'ס ארבייט, און דזשו־כטין מארטיר, וועלכער האט געלעבט אין צווייטען יאהרהונדערט, דערצעהלט, אז נאך אין זיין צייט זיינען גע־ווען געוועהרקצייגע, וועלכע יעזוס זאל האבען געמאכט.

---

## יעזוס'עס קינדער־יאהרען.

סיי וויא סיי, זיין יוגענד האט יעזוס פערבראכט אין א ריינע אטמאספערע פון ארימע, אבער פרומע, א היבשע ביסעל אבערגלויבישע, אידישע בעלי־מלאכות, וועלכע האבען געהאט גענוג אויסצושטעהן פון דער דריקענדער הערשאפט פון דיא רוימער און דעם טיראן הורדוס מיט זייערע אונגעהויערע שטייערען. ניט איינמאל האט ער מסתמא געהערט, וויא זיינע עלטערען, זיינע קרובים און זיינע שכנים קרעכצען אונ־טער דעם שווערען יאך און האפען אויף בעסערע צייטען, אויף א גליקליכערע צוקונפט, ווען משיח וועט קומען און בע־פרייען דעם אידישען פאלק. ניט איינמאל איז איהם אויך אויסגעקומען צו קומען אין בעריהרונג אדער צו הערען וועגען זיינע גליל'ער לאנדסלייט, דיא רעוואלוציאנערען, אונטער דער פיהרונג פון חזקיהו און אנדערע. ער האט אויך מסתמא געוואוסט פון זייער שרעקליכער ענדע. עס איז

אונמעגליך, אז דאס אלעס זאל ניט האבען געלאזען א טיע־פען און שווערען איינדרוק אויף דעם יונגען, צארטען טרוי־מער. ער האט וואהרשיינליך אויך, וויא אלע אנדערע אידי־שע קינדער פון זיין צייט, געהאפט, אז עס וועט באלד נעהמען אן ענדע צו דער „ממשלת זדון" (דיא הערשאפט פון מוטווי־ליגקייט) און עס וועט קומען דיא „מלכות השמים" (דיא הי־מעלשע קעניגרייך).

זיין ערציהונג און בילדונג איז געווען א ריין אידישע, אבער א געניגענדע. פון זיינע שפעטערדיגע דרשות, משלים און שפריכווערטער איז צו זעהן, אז ער איז געווען גאנץ גוט בעקאנט ניט בלויז מיט דער תורה און דיא נביאים, *) נאר אויך מיט דיא שריפטען און לעהרען פון דיא אידישע געלעהר־טע, וואס האבען געלעבט פאר איהם. פון זיין ארט ריידען און דיסקוטירען, פון דיא קשיות, וואס ער שטעלט און דיא תירוצים, וואס ער גיט, איז צו זעהן, אז ער איז געווען וואויל בעקאנט מיט דיא מעטהאדען פון דיא פרושים און שיידעט זיך גאר ניט אונטער פון דיא ערשטע תלמודיסטען. עס איז דא א מערקווירדיגע עהנליכקייט צווישען איהם און דיא על־טערע בעלי־מדרש. נאך אפטער געברויכט ער דיא אויסדרי־קע און דיא געדאנקען פון דיא ניט־קאנאניזירטע אידישע שריפטען, וויא „בן־סורא", „דיא צואה פון די צוועלף שבטים" און דער גלייכען.

דיא קריסטליכע לעגענדע דערצעהלט וואונדער פון זיינע געוואלדיגע לומדות, און ווען איהר לעזט עס, דערמאנט איהר זיך אן דיא מעשיות, וואס ווערען אין דיא אידישע קליינע שטעדטלאך דערצעהלט וועגען „עילוים" און וואונדער־קינ־דער. דיא מעשיות זיינען אזוי עהנליך און אזוי כאראקטע־ריסטיש אידישלעך, אז איהר קענט גאר פערגעסען, אז דאס ווערט דערצעהלט פון א אידישען אינגעל, וואס האט גע־

*) אין א פאאר פלעצער ווערען פון איהם דיא פסוקים שלעכט ציטירט, אבער אין דעם זיינען ניכער שולדיג דיא איבערשרייבער און זיינע תלמידים, וועלכע זיינען על פי רוב געווען גאנץ פראסטע, אונגע־בילדעטע מענשען.

לעבט מיט איבער נײַנצעהן הונדערט יאהר צוריק. עס דוכט זיך אייך, אז דאס ווערט דערצעהלט, להבדיל, וועגען דעם ווילנער גאון צו פון זיין תלמיד ר׳ זעלמעלע. אזוי, צום בײַ־שפּיעל, ווערט דערצעהלט, אז ווען ער איז געגאנגען אויפ׳ן דרייצעהנטען יאהר האבען איהם זיינע עלטערען, וויא עס איז געווען זייער יעהרליכער מנהג, געבראכט אין ירושלים אויף פסח „עולה לרגל״ זיין. נאך יום־טוב האבען זיך זיינע עלטערען צוריקגעקעהרט אהיים. דאס אינגעל אבער האט זיך פון זיי בעהאלטען. קומענדיג צוריק איהם אויפצוזוכען, האָ־בען זיי איהם געפונען זיצענדיג אין טעמפּעל צווישען דיא געלעהרטע, וועמען ער האט געפרעגט אלערליי שווערע קשיות און געגעבען ריכטיגע תירוצים. דיא געלעהרטע האבען זיך גארניט געקענט אבוואונדערען פון זיין גרויסע קענטניס און שארפען פערשטאנד.

אינטערעסאנט איז, אז אויך דיא אידישע לעגענדע און דיא אידישע טראדיציע לייקענט ניט אב דיא געלערנטקייט פון יעזוס׳ען.

וואס עס האט מיט יעזוס׳ען פּאסירט צווישען דעם צוועלפטען יאהר פון זיין לעבען ביז זיין דרייסיגטען, ווען ער איז ארויסגעטראָטען אין זיין עפענטליכער טהעטיגקייט, פריהער אלס בעל שם און בעל דרשן און שפּעטער אלס רע־פאָרמער און משיח, איז אונז אין גאנצען אונבעקאנט. וועגען דעם שווייגט סיי דיא קריסטליכע, סיי דיא אידישע לע־גענדע. דיעזע אכצעהן יאהר פון זיין לעבען זיינען דיא סאמע אינטערעסאנטסטע און וויכטיגסטע, ווייל אין זיי איז פון דעם אינגעל געוואָרען א מענש. אין דיעזע יאהרען האט זיך עס אויסגעארבייט זיין וועלט־אנשויאונג, זיין קוק אויפ׳ן לעבען, אויף דער מענשהייט, אויף גאָט, רעליגיאָן, מאָראל און דער גלייכען.

צוויי זאכען ווייסען מיר אבער מעהר אדער וועניגער זיכער וועגען איהם אין יענער צייט: ערשטענס, אז ער האט ניט געהאט קיין פרוי און צווייטענס, אז ער איז געווען אין

עגיפטען.ביידע, הן דיא קריסטליכע, הן דיא אידישע לעגענ־
דע דערצעהלען וועגען זיין אויפהאלט אין עגיפטען. דיא
קריסטליכע דערצעהלט עס ווען ער איז אלס קינד צוזאמען
מיט זיינע עלטערן אהין אנטלאפען פון הורדוס'ן. דיא
אידישע — ווען ער איז שוין געווען א דערוואקסענער מענש
און איז אהין אנטלאפען מיט זיין רבי'ן יהושע בן פרחיא.
דיא אידישע שיינט צו זיין דיא מעהר היסטארישע אין בעצוג
צו יעזוס'עס עלטער, ווייל זיא ווערט דערצעהלט אהן שום
פניות און טענדענצען, וועהרענד דיא קריסטליכע איז פער־
בונדען מיט ניסים און האט א טענדענץ צו בעווייזען, אז
עס איז מקוים געווארען א פסוק: „פון מצרים האב איך גע־
רופען מיין זוהן".

דאס וואס ער האט ניט געהאט קיין פרוי, קען דיענען
פאר א בעווייז, אז ער איז אריבער צו דעם ארדען פון דיא
עססער, וועלכע האבען ניט געהייראט. אנדערש קען מען
ניט ערקלערען, פארוואס א פרומער אידישער יונגערמאן אין
יענער צייט האט ניט חתונה געהאט. *) ווערענדיג בעקאנט
מיט דעם ארץ־ישראל'דיגען ארדען פון דיא עססער, איז
זעהר מעגליך, אז ער האט זיך אויך געוואלט בעקענען מיט
דעם אידיש־עגיפטישען ארדען פון דיא טהעראפעווי־
טען, וועלכער איז געווען זעהר עהנליך, כמעט דאס זעלבע,
וויא דער עססער־ארדען.

דיעזע ביידע ארדענס האבען זיך ארומגעטראגען מיט
פערשיעדענע געהיימע לעהרען, דיא טהעראפעווטען
נאך מעהר וויא דיא עססער. דיעזע לעהרען זיינען
זעהר עהנליך געווען צו דיא לעהרען פון דיא גנאסטיקער און
דיא שפעטערע מקובלים. יעזוס האט זיך מיט דיעזע לעהרען
בעקענט און דאס האט בייגעטראגען דערצו, וואס ער האט

*) „גאט זיצט אוןווארט", זאגט דער תלמוד, „ביז צוואנציג
יאהר. נאך דיעזען עלטער פלוכט ער דעם יעניגען, וואס האט ניט
חתונה".

זיך שפעטער גענומען בעטראכטען אלס משיח און גאט'ס זוהן. פונקט דאס זעלבע האט פאסירט מיט פיעלע יאהרהונדערטע שפעטער מיט דעם קאבאליסטישען משיח שבתי צבי, וועלכער האט זיך אויף מאנכע פון זיינע בריעף אונטערגע־שריעבען: „אני ה' אלוהיכם שבתאי צבי"—איך בין אייער גאט שבתי צבי.



.6

# יעזוס אלס פרומער איד.

ווען יעזוס איז ארויסגעטראטען אין דער עפענטליכ־קייט איז ער נאך געווען א יונגער מאן פון קרוב דרייסיג יאהר (לוקאס 3, 23). ווען ער איז הינגעריכטעט געווארען איז ער שוין געווען א בעיאהרענטער מענש פון קרוב פופציג יאהר (יאהאנעס 8, 57). לויט דיעזען חשבון קומט אלזא אויס, אז זיין עפענטליכע טהעטיגקייט האט זיך געצויגען אויף א משך פון קנאפע צוואנציג יאהר.

עס שטעלט זיך אבער באלד דיא פראגע, וויא אזוי איז עס מעגליך, אז א מענש זאל קענען אנפיהרען אונגעשטערט אזא געפעהרליכע פראפאגאנדע וויא יעזוס פאר גאנצע צוואנ־ציג יאהר? זיין ערקלעהרען זיך פאר משיח און גאט'ס זוהן איז געווען געפעהרליך ניט בלויז פון דעם אידיש־רעליגיעזען שטאנדפונקט, נאר נאך פיעל מעהר פון דעם רוימישען מלוכה־שטאנדפונקט. דאס האט דאך געהייסען מלוכה־פער־ראטה. וויא קומט עס, אלזא, וואס מען האט איהם הינגע־ריכטעט ערשט ביים צוואנציגסטען יאהר פון זיין טהעטיג־קייט און ניט ביים סאמע אנפאנג? אויב מען זאל אפילו אננעהמען, אז דיא צייט פון יעזוס'עס טהעטיגקייט האט בלויז געדויערט פון זיבען ביז אכט יאהר, וויא דאס וויל הא־בען דער בעקאנטער פארשער דאוויד פריעדריך שטרויס, איז עס נאך אלץ א צו לאנגע צייט פאר אזא מין טהעטיגקייט, וואס האט זעהר לייכט געקענט אויסגע־

טייטשט ווערען אַלס פערדעטהעריש געגען דיא רוימישע מלוכה־אינטערעסען.

דיא פראגע ווערט נאָך הארבער, ווען מען בעטראַכט דיא דאמאלסדיגע פּאָליטישע לאגע פון לאנד. דער רוימישער פּראָקוראטאָר פּ י ל א ט ו ס האָט אין יהודה איינגע־ביהרט אַן אמת'ע שרעקענס־הערשאַפט. א מענשליכער לעבען, ספּעציעל א אידישער, האט ביי איהם געשפּיעלט א גאַנץ קליינע ראָלע. הינריכטונגען, מייסטענס דורך קרייציגונג, איז געווען א טעגליכע ערשיינונג. אלערליי בלומרשט'דיגע פערברעכער, איבערהויפּט אַזעלכע, וואס מען האט געקענט חושד זיין אין רעוואָלוציאָנערע נייגונגען, זיינען הינגעריכ־טעט געוואָרען אָהן שום שהיות. פון מאנכע אזעלכע הינריכטונגען ווערט זאָגאר דערמאָנט אין עוואַנגעליום (לו־קוס 13, 1). ווארום, אַלזאָ, האָט ער יעזוס'ען געלאָזען אין גאַנצען צורוה? דאס קען ניט פערענטפערט ווערען דער־מיט, וואס יעזוס איז געווען אין גליל, ווייל ער איז לכל הדעות אויך געווען אייניגע מאָל אין ירושלים. אגב איז פּילאטוס ניט געווען אַזא שטארקער מקפיד, ווען עס האט זיך געהאַנ־דעלט וועגען הינריכטונגען. דיא יעניגע לייטע „וועמעס בלוט פּילאטוס האָט אויסגעמישט מיט דאָס בלוט פון זייע־רע קרבנות", פון וועלכע לוקוס דערצעהלט, זיינען אויך געווען פון גליל. דערצו דארף מען ניט פערגעסען, אַז דער מעטראַרך הורדוס, וואס האט געהערשט איבער גליל, איז גע־ווען ניט פיעל בעסער פון פּילאַטוס'ן. ער האָט זאָגאר גע־לאָזען הינריכטען יוחנן דעם עססעער (יוחנן דעם טויפער), וועמעס זינד עס איז בעשטאַנען נאר אין דעם, וואס ער האט בימערליך געשטראָפט דעם עולם און זיי אויפגעפאָדערט תשובה צו טהאָן. דערביי, אמת, האט יוחנן אויך ניט גע־שאנעוועט דיא פאמיליע פון הורדוס'ן, אבער ער איז בשום אופן ניט געווען אזא פערברעכער אין פּאָליטישען זינן, וויא יעזוס. ער האט זיך ניט ערקלערט פאר משיח.

דיא פראגע בלייבט, אלזאָ, וויא אַזוי איז עס מעג־

ליך געוועזן, אז יעזוס זאָל קענען אונגעשטערט אנפיהרען זיין פּראָפּאגאנדע גאנצע צוואנציג, צי אפילו אכט יאהר? מען דארף דאָך ניט פערגעסען, אז דאס איז ניט געוועזן קיין אונ־טעראירדישע אגיטאציע, וויא דאס ווערט, למשל, אנגע־פיהרט אין רוסלאנד. יעזוס פלעגט דאָך, לויט וויא דיא עוואנגעליסטען דערצעהלען, דרש'ענען גאנץ אָפען אין דיא שוהלען און אין דיא בתי־מדרשים פון דיא אַלע שטעדט און שטעדטלאך, דערצו אויך אויפ'ן מארק, אויפ'ן פעלד, אין דער וויסטעניש און ביים ים.

בעטראכט איהר אבער גענויער און מיט א קריטישען בליק דיא קריסטליכע קוועלען וועגען יעזוס'עס לעבען און זיינע לעהרען, ווערט דיא פראגע באלד פערענטפערט. ס'איז אמת, אז דיא אַלע מעשיות וועגען זיין לעבען און וועגען זיי־נע לעהרען זיינען אויסגעמישט און צוזאמענגעפּלאָנטערט אָהן א שום אָרדנונג און אָהן אירגענד וועלכען כראָנאָלאָגישען סדר, אזוי אז מען קען ניט וויסען, וואס עס האט פּאסירט פריהער און וואס שפּעטער, אבער דאס שטערט דאָך ניט צו זעהן, אז יעזוס'עס קוק אויפ'ן אידישען פאָלק און אויף דיא אידישע תורה האָט זיך פאָלשטענדיג געביטען, אז ער האט וועגען דעם געהאט צוויי מיינונגען, וועלכע האבען זיך איינע דיא אנדערע גענצליך סותר געוועזן. דאס קען אבער ערקלערט ווערען נאר דורך דעם, וואס זיין טהעטיגקייט און אויך זיינע לעהרען דארפען איינגעטהיילט ווערען אין צוויי הויפּט־פּעריאָדען: אין א פאר־משיח'שע און אין א משיח'שע.

אין דער ערשטער פּעריאָדע, וועלכע האט געדויערט א רייהע פון יאהרען, איז יעזוס בלויז געוועזן א מאָראַל־פּרעדי־גער און וואונדער־היילער, אויף פּשוט'ע אידיש וועט עס הייסען א מגיד און א בעל שם. געגען אזא טהעטיגקייט האט קיינער גאר ניט געהאט וואס אנצואווענדען. אזעלכע וואנדע־רענדע מגידים און וואונדער־היילער זיינען אין יענער צייט ניט געוועזן קיין נייעס. אזעלכע, צום ביישפּיעל, זיינען גע־

ווען יוחנן מיט זיינע תלמידים; אזעלכע זיינען געווען פיעלע אנדערע „חברים" פון דעם עססעער־אָרדען; אזעלכע זיינען געווען דיא יעניגע, צו וועמען עס האט בעלאנגט דער וואונדער־היילער, פון וועמען לוקוס דערצעהלט (לוקאס 9, 50) און אזעלכע זיינען אויך געווען יעזוס און זיינע תלמידים. דאס איז געווען א פאלשטענדיג געזעצליכע טהעטיגקייט.

יעזוס האט אין דיעזער צייט נאָך ניט געקענט ערוועקען געגען זיך דעם צאָרן פון דיא מאכט־האבער וויא זיין רבי יוחנן, ווייל ער האט אויסגעמידען פאָליטישע פראגען. ער האט ניט אנגעגריפען דיא הערשער מיט אזוי פיעל וואוטה און צאָרן, וויא דאס האט געטהאָן יוחנן. ווען מען האט איהם געשטעלט דיא פראגע, צו דארף מען צאָהלען שטייערן צום קיסר (פון רוים), האט ער געגעבען זיין בעריהמטען ענטפער: „גיב דעם קיסר וואס דעם קיסר'ס איז און צו גאָט וואָס איז גאָט'ס" (מאטהעאוס 22, 21). יעזוס איז געווען בכלל מילדער און מעהר געגויגט צו קאָמפּראָמיסען וויא דער פערביסענער, פייער־שפייענדער פאנאטיק יוחנן.

גאנץ אנדערש איז עס אבער געוואָרען אין דיא צווייטע פעריאָדע פון זיין טהעטיגקייט, וועלכע האט געדויערט פון איין יאהר ביז דריי. דאס איז געווען דיא צייט, ווען ער האט באמת אָנגעפאנגען גלויבען, אז ער איז עס דער משיח און גאָט'ס זוהן. וויא אזוי ער איז געקומען צו דיעזען געדאנק איז דערווייל ניט נוגע צום ענין. דאס וועט בעשפּראָכען ווערען אין דיא ווייטערדיגע קאפּיטלען. וויכטיג איז אָבער, אז אזוי שנעל וויא ער האט זיך ערקלערט אלס משיח און גאָט'ס זוהן, האט ער געגען זיך מיט אמאָל ערוועקט דעם צאָרן סיי פון דיא רוימישע הערשער אלס א פּאָליטישער פערברעכער און סיי פון דיא אָפיציעלע פּריסטערליכע פאָר־שטעהער פון יודענטהום אלס א לעסטערער פון גאָט און א גרינדער פון א נייער רעליגיאָן. צו ערקלעהרען זיך פאר א משיח איז בלויז געווען א פּאָליטישער פערברעכען אין דיא אויגען פון דיא רוימער און בלויז ביי זיי, אבער בשום אופן

ניט ביי דיא אידען. עס איז אין ערגעץ ניטאָ קיין דין, אז עס קומט איינעם טוידט, ווען ער ערקלערט זיך פאר א משיח. דאס איז איבערהויפט קיין פערברעכען ניט. צו ערקלעהרען זיך פאר גאָט'ס א זוהן איז, דאגעגען, ביי דיא רוימער ניט געווען קיין פערברעכען, ביי דיא אידען אבער יע. מיט יע־זוס'עם ערקלערען זיך פאר משיח, וואס איז דער־צו גאָט'ס זוהן, האט ער זיך ביידע צדדים גע־מאכט פאר שונאים און ביידע האבען געזוכט פון איהם לויז צו ווערען אזוי שנעל וויא מעגליך.

## יעזוס'עם טהעטיגקייט אין דער פאר־משיח'שער פעריאָדע.

נאכדעם וויא יעזוס האט זיך געלאָזט טובל'ען פון יוחנן דעם עססעער, וויא עס איז געווען דער מנהג ביי יענעם אָר־דען, האט ער זיך אנגעפאנגען צו בעשעפטיגען מיט דער זעלבער ארבייט, וואס זיין רבי. צו איז דער טובל'ען זיך געווען בלויז א מין צערעמאָניע, ווען א „חבר" פון דעם אָר־דען האט געקראגען דיא העכסטע מדרגה, אדער דאס איז אויך געווען א סימבאָל פון ריינינגונג פון זינד, וויא, למשל, „תשליך", איז ניט אין גאַנצען קלאָהר. וויכטיג איז, אז יע־זוס'עם עפענטליכע טהעטיגקייט פאנגט זיך אָן פון יענער צייט.

יעזוס האט אנגעפאנגען שטראָפען דעם עולם, רופען איהם צו תשובה און ווארנען, אז גאָט'ס טאָג איז נאָהענט און אז באלד קימט דאס „הימעלשע קעניגרייך", וואס דאס האט מסתמא געמיינט משיח'ס־צייט. אין דעם איז יעזוס פונקט וויא זיין רבי יוחנן געווען טיעף איבערצייגט. ביידע האבען געגלויבט, אז דיא אלע צרות זיינען עס דיא „משיח'ס־ליידען", אז עס ווּלען קומען נאָך ערגערע צייטען און דאן וועט קומען דער ערלעזער. באלד האבען זיך ארום איהם אנגעקליעבען פיעלע מענשען, וואס האבען זיך געלאָזט

טובל'ען פון איהם און וועמען ער האט געהייסען ווארטען אויף דעם באלדיגען אנקומען פון משיח. ניט איהם אליין און ניט זיינע תלמידים איז דאמאלס איינגעפאלען צו דענ־קען, אז יעזוס גופא איז עס דער משיח.

צווישען דיא תלמידים פון יוחנן און דיא תלמידים פון יעזוס זיינען זאגאר פארגעקומען געוויסע צאנקערייען צוליעב דעם, וויא א שטייגער צווישען דיא חסידים פון צוויי רביים. יוחנן'ס תלמידים האבען זיך געפיהלט גע־קרענקט, וואס זייער חבר, זייער רבי'ס תלמיד, יעזוס, טובל'ט אליין, אויף זיין אייגענעם רעכנונג וואס ער איז, הייסט עס, געווארען פאר זיך אליין א „רבי" און האט אן איי־גענעם „הויף". „רבי", בעקלאגען זיי זיך פאר יוחנן, „אט דער דאזיגער, וואס איז געווען ביי דיר ביין ירדן, אויף וועמען דו האסט עדות געזאגט, טובל'ט איצטער און אלע געהען צו איהם. (יאהאנעס 3, 26).

און כאטש יוחנן איז דאמאלס נאך געווען בעטראכט ביים פאלק אלס דער מעהר הייליגער וויא יעזוס (מארקוס 11, 32—33), האט דער לעצטער דאך געהאט מעהר ערפאלג ביים פראסטען עולם און האט אין א גאנץ קורצע צייט געקרא־גען מעהר אנהייננער און תלמידים, וויא דער ערשטער. דאס קען ערקלערט ווערען דערמיט, וואס זייענדיג א קינד פון אן ארימען בעל־מלאכה און אליין אויך א בעל־מלאכה, האט יעזוס בעסער פערשטאנען דעם לעבען פון דיא מאסען, זייער נשמה, זייערע האפנונגען און שטרעבונגען. ער האט גע־וואוסט און געפיהלט זייערע ליידען און ער האט גלייך וויא זיי פיינט געהאט דיא פערשיעדענע מינים אריסטאקראטען, סיי דיא אריסטאקראטען פון געבורט און סיי דיא געלד־ארי־סטאקראטען. אין יענער צייט איז יעזוס געווען פיעל דעמאָ־קראטישער וויא יוחנן; איהם האט געפעהלט דער שטאלץ פון דעם געלעהרטען. און ווען ער האט גערעדט צו דיא מאסען איז עס געווען מיט ליעבע און ווארימקייט, ניט מיט פעראכטונג און שפאט, ניט מיט כעס און גרימצארן. ער

האט זיך גע'חבר'ט מיט דיא ניעדעריגסטע שיכטען פון דער געזעלשאפט, זאגאר מיט פערברעכער. דאס האט איהם גע־מאכט בעליעבט ביים עולם, כאטש דיא העכערע קלאסען האבען טאקע דערפאר גופא געקוקט אויף איהם מיט פער־דאכט.

אויסער דעם איז יעזוס, וויא עס ווייזט אויס, געוועז א בעסערער רעדנער. ער האט פערשטאנען דיא קונסט וויא אזוי צו דערגרייכען דיא מאסען. זיינע זעטצע זיינען געוועזן שארף, קורץ און צום פונקט. ער האט גאנץ אפט בענוצט א וואויל־בעקאנטען פאלקס־ווערטעל אדער א שארפען עפיגראם און פלעגט איהם אזוי ענדערען, וויא עס האט זיך געפאסט פאר זיין ענין, וויא, צום ביישפיעל: „מען לייגט ניט קיין נייע לאטע אויף אן אלטען בגד"; „געזונדע דארפען קיין דאקטאר ניט", און דער גלייכען. נאך מעהר און נאך אפטער פלעגט זיך יעזוס בענוצען מיט משלים, אום צו בעלייכטען און ערקלעהרען זיינע געדאנקען. אין משלים איז ער געוועזן א מייסטער, וויא איינער פון דיא בעסטע „בעלי־מדרש". דיעזער געברויך פון עפיגראמען, פאלקס־ווערטלאך און משלים איז אימער געוועזן פערשפרייט ביים אידישען פאלק. משלי, קהלת, בן־סירא, דיא תלמודים און איבערהויפט דיא מדרשים זיינען פול מיט משלים און עפיגראמען. „זאל דער משל ניט קליין זיין אין דיינע אויגען", זאגט דער תלמוד. „דורך דעם משל קען א מענש פערשטעהן דיא כונה פון דער תורה. א משל צו א קעניג, וואס האט פערלארען א רענדיל אדער א גוטען פעריל, זוכט ער עס אויף מיט א גראשענע ליכטעל". דער משל איז דיא גראשענע ליכטעל, דורך וועמעס הילף מען קען אויפדעקען א פערלדיגען געדאנק. אויך אין דיעזען הינזיכט איז יעזוס בלויז געוועזן א קינד פון זיין פאלק. און טאקע דערפאר, צוליעב זיין פאלקסטהימליכקייט, האט יעזוס געהאט א שטארקערע ווירקונג אויפ'ן עולם וויא זיין רבי יוחנן.

עס איז אבער געוועזן נאך אן אורזאכע, און פילייכט

דיא וויכטיגסטע, ווארום דיא מאסען האבען זיך בעסער צו־געהערט צו יעזוס'ען, וויא צו יוחנן. דער לעצטער און זיינע תלמידים זיינען געווען אמת'ע אסקעטען, א מין „נזירים". זיי האבען זיך אין גאנצען אבגעזאָגט פון לעבען און פון זיינע פערגניגענס, און האבען געהאלטען אין איין פאסטען און תשובה טהאָן. יוחנן אליין איז ארומגעגאנגען האלב נאַקעט, פלעגט זיך שפייזען מיט ווילדען האָניג און היישעריקען און האט זיך געהאלטען אבגעזונדערט פון מענשען, געפּראוועט „התבודדות". אזא ארט לעבען קען, לויט זיין כאראקטער נאָך, בלויז זיין גוט פאר איינצעלנע מענשען, פאר העכערע נאטורען, פאר דיא מיסטיש־געגויגטע. קיין מאסען־בעווע־גונג קען דערפון ניט ווערען.

פון אנפאנג, אין דיא ערשטע צייט פון זיין טהעטיגקייט, איז יעזוס געווען געטריי צו דיא שטרייגגע לעהרען פון יוחנן. זיינע ערשטע תלמידים פערזאָגט ער: „נעהמט ניט מיט זיך קיין זאך אויסער א שטעקען. קיין ברויט, קיין געלד, אויסער א פּאָר שיך און אָן איין־איינציגע העמד" (מארקוס 6, 8). לעבען זאָלען זיי דערפון, וואס מען וועט זיי געבען, פון נדבות, פון בעטלעריי. גאנץ לאנגזאם און כמעט אונבע־מערקט איז אבער פּארגעקומען א גרויסע ענדערונג אין יע־זוס'עס שטעלונג בנוגע דיעזער פראגע. אין דיא לעצטע צייטען פון זיין טהעטיגקייט געפינען מיר, אז ער ווערט זאָגאר בעשולדיגט אין „פרעסען און זויפען וויין" (מאטהעאוס 11, 19; לוקוס 7, 34)). דאָס און דער פאקט, וואָס צווישען זיינע נאָהענטע און תלמידים האבען זיך אויך געפונען פרויען, א זאך, וואס עס איז געווען אויסדריקליך געגען דיא כללים פון דעם עססעער־אָרדען, בעווייזט, אז יעזוס האט מיט דיעזען אָרדען אין גאנצען אבגעבראָכען. דערמיט האט ער, אמת, געגען זיך ערוועקט דעם כעס פון יוחנן'ס תלמידים, וועלכע האבען איהם געפרעגט: „ווארום טהוען מיר און דיא פרושים פאסטען, וועהרענד דיינע תלמידים פאסטען ניט?" (מאטהעאוס 9, 15). דיא בעציהונגען צווישען איהם

און זיין אמאָליגען רבי זיינען דורך דעם אויך געוואָרען גאַנץ אנגעשטריינגטע (מאטהעאוס 11; לוקאס 7). דערפאר האט ער אבער געוואונען אויף זיין זייט דיא מאסען. דער וואס איז בעקאנט מיט דער אידישער געשיכטע וויים, אז עטוואס עהנליכעס האט פאסירט פיעלע יאהרהונדערטע שפּעטער. דיא אסקעטישע לעהרען פון דיא מיטעל-אלטערליכע קאבאַ־ליסטען און שפּעטער פון ר׳ יצחק לוריא און זיינע תלמידים האבען ניט געפונען קיין באָדען צווישען דיא מאסען, וועה־רענד דיא לעהרען פון דעם „בעש״ט" האָבען זיך זעהר שנעל פערברייט. דער בעש״ט איז אייגענטליך געווען ניט מעהר וויא א תלמיד פון יענע מקובלים, אבער ער האט פון דער קבלה אראָבגענומען איהר „עצבות׳דיגען" פנים און „האט געהייסען פרייליך זיין".

דיא בעציהונגען פון יעזוס׳ן צום אידישען פאָלק, צו דער אידישער תורה, צו דיא אידישע געלעהרטע זיינען אין דער צייט, פון וועלכער מיר ריידען דאָ, געווען דיא בעסטע. ער איז נאָך דאמאלס געווען א גאַנץ פרומער איד און זעהר א שטארקער נאציאָנאליסט, כמעט א פערביסענער שאָווי־ניסט. ער האט בשום אופן ניט געהאט דיא ברייטקייט פון קוק אויף דער וועלט און דער מענשהייט, דעם אינטערנאציאָ־נאליזם, וואס מען געפינט ביי א ישעיה אדער ירמיהו.

ווען א היידנישע פרוי איז איהם נאכגעלאָפען און גע־בעטען ער זאָל היילען איהר טאָכטער, האט ער איהר גאר ניט געענטפערט. ווען זיינע תלמידים זיינען צו איהם צוגעשטאַ־נען, האט ער געזאָגט: „איך בין געשיקט געוואָרען בלויז צו דיא פערלאָרענע שעפּעלעך פון ישראל". און ווען דיא פרוי איז איהם נאכגעלאָפען און געהאלטען אין בעטען אום הילפע, האט ער געזאָגט: „עס איז ניט גוט צו נעהמען דיא ברויט פון דיא קינדער און ווארפען עס פאר דיא הינט" (מאטהעאוס 15, 22—27; מארקוס 7, 27). אויב דאָס איז ניט געווען בלויז א מיטעל אום געפעלען צו ווערען דעם פראָסטען אי־רישען עולם, בעווייזט עס א שרעקליכען ענגהערציגען שאָווי־

ניזם, ווייל נאכ'ן אידישען דין דארף מען יע היילען דיא חולאים פון געטצען־דיענער.

זיינע תלמידים פערזאָגט ער: „אויף דעם וועג צו דיא היידען געהט ניט, און אין א שטאָדט פון דיא שומרונים זאָלט איהר ניט אריינגעהן; געהט בלויז צו דיא פערלאָרענע שאָף פון ישראל" (מאטהעאוס 10, 5—6).

וועגען דער תורה האט ער געזאָגט: „הימעל און ערד וועלען בטל ווערען און קיין יוד, קיין פאסיקעל פון דער תורה וועט ניט בטל ווערען, ביז זיי וועלען אלע ערפילט ווערען". און וויטער: „דארום, ווער עס וועט צושטערען איינע פון דיא קליינע מצוות און וועט דאס זעלבע לערנען צו אנדערע מענשען, דער וועט זיין קליין אין הימעלשען קעניגרייך". דאס שטימט מיט דעם תלמוד'ישען זאץ: „הוה זהיר במצוה קלה כבחמורה" — זיי פאָרזיכטיג מיט א קליינע מצוה וויא מיט א גרויסע. וויעדער: „אויב איהר וועט ניט זיין פרימער אלס דיא „סופרים" און דיא „פרושים", וועט איהר ניט קוי־מען צום הימעלשען קעניגרייך". (מאטהעאוס, 5).

ער אטאקירט דיא אידישע געלעהרטע, דיא „סופרים" און דיא „פרושים", ניט ווייל זייערע לעהרען זיינען פאלשע, נאָר דערפאַר, וואָס זיי טהוען אליין ניט דאָס, וואָס זיי פרעדי־גען פאר אנדערע. און ער זאָגט צום פאָלק: „די סופרים און די פרושים זיצען אויף משה'ס שטוהל. דארום אלץ וואס זיי זאָגען אייך צו היטען, דאס היט און טהוט, אבער וויא זייערע מעשים טהוט ניט, דען זיי זאָגען און טהוען עס ניט". (מאטהעאוס 23; 2—4).

אליין האט ער זיך אויפגעפיהרט וויא א גאנץ פרומער איד. ער האט געטראָגען ציצית, געפאָהרען אין ירושלים אויף דיא ימים טובים, געצאָהלט דעם שטייער פאר דעם טעמפעל, געגאנגען עססען דעם קרבן־פסח. ער איז זאָגאָר ניט געווען געגען קרבנות, און איינעם, וועמען ער האט אויס־געהיילט פון קרעץ, האט ער געהייסען געהן צום פריסטער און ברייננען „דעם קרבן, וואס משה האט פערזאָגט" (מאטהעאוס

8, 4). אויך האט ער זעהר שטארק אבגעהיט דעם שבת און אין איינע פון זיינע דרשות וועגען דיא ליידען פון משיח'ס צייטען, זאָגט ער צו זיינע תלמידים: „און טהוט תפלה, אז איהר זאָלט ניט דארפען לויפען אום ווינטער אָדער אום שבת". (מאטהעאוס 24, 21). ווען זיינע תלמידים האבען געריסען זאנגען אום שבת און מען האט עס איהם אויפגעוואָרפען, האָט ער זיי פערענטפערט אויף א ריין לומדישען שטייגער דערמיט, וואָס דער קעניג דוד מיט זיינע מענשען, ווען זיי זיינען געווען הונגעריג, האבען אויך געטהאָן וואס מען טאָהר ניט און האבען געגעסען פון טעמפעל'ס הייליגע ברויט (מאַ־טהעאוס 12, 3—4). דאס שטימט מיט דעם תלמוד'ישען פרינציפּ, אז „פקוח נפש דוחה שבת" — ווען עס האנדעלט זיך וועגען ערהאלטען דעם לעבען, קוקט מען ניט אויף שבת.

קורץ, אין דער פאַר־משיח'שער פעריאָדע פון זיין טהעָ־טיגקייט איז יעזוס געווען פונקט אזוי פרום און פונקט אזוי אידישלאך וויא אלע אנדערע פרומע אידען פון יענער צייט.



## .7
# דיא נסים פון יעזוס'ען.

וועז אייגענטליך יעזוס האָט זיך עפענטליך ער־קלערט אַלס משיח, קען מען אויף געגוי ניט וויסען. יעדענ־פאַלס האט עס אבער געמוזט זיין שוין א לאנגע צייט שפּע־טער, דאַן ווען ער האט זיך שוין געהאַט ערוואָרבען ביים המון א גרויסען נאמען אַלס הייליגער מענש צוליעב זיין גרוי־סען ערפאָלג אַלס וואונדער־היילער. אָט דיעזער געוואַלדיגער ערפאָלג זיינער אַלס בעל־נס האט עס טאקע געבראַכט דערצו, וואָס פריהער האָט דער גרויסער עולם, שפּעטער זיינע תלמידים און מקורבים און צום לעצטען ער גופא אנגעפאנגען טראַכטען, אַז ער איז ניט קיין געוועהנליכער מענש.

אַז יעזוס האט ווירקליך אויפגעטהאָן אַזעלכע זאַכען, וואס זיינע אונוויסענדע און אבערגלויבישע צייט־גענאָסען האָבען געקענט בעטראַכטען און בעטראַכט אַלס גרויסע וואונדער, אַלס איבערנאַטירליכע געשעהעניסען, וועגען דעם קען גאָר קיין צווייפעל ניט זיין. סיי דיא קריסטליכע, סיי דיא אידישע לעגענדען, סיי דיא שטעלען אין תלמוד זיינען אויף דעם מסכים. דער אונטערשיעד בעשטעהט בלויז אין דעם, וואס דיא קריסטען ערקלעהרען דיעזע וואונדערטהאַטען דורך דעם הייליגען גייסט און דיא אידען — דורך כשוף און צויבעריי.

דער אמת איז, אַז זיי זיינען ביידע אונגערעכט. יעזוס האט אויפגעטהאָן זיינע ניסים ניט דורכ'ן הייליגען גייסט און ניט דורך כשוף. דאס זיינען איבערהויפּט ניט געווען קיין

ניסים, נאר גאנץ נאטירליכע ערשיינונגען, וואס זיינען דאַ־מאלס אבער ניט פערשטאַנען געוואָרען ניט בלויז פון דעם גרויסען עולם, נאר אפילו פון יעזוס'ען גופא אויך ניט. ער גופא, פונקט וויא זיינע תלמידים און דאס פאָלק, וואָלט זיך אליין ניט געקענט ערקלעהרען וויא אזוי דאס האט פאסירט; איהם, פונקט וויא זיי, האט דערצו געפעהלט דער וויסען און ער, פונקט וויא זיי, האט געצויגען איבערנאַטירליכע שליסע פון גאנץ נאַטירליכע געשעהעניסען. עס איז דאמאלס איבער־הויפט געווען א צייט, ווען דער גרענעץ צווישען נאַטירליכעס און איבערנאַטירליכעס איז ניט געווען אַזוי שארף און בולט וויא איצטער. דער בעגריעף „נאַטירליך" ווערט קלעהרער און שאַרפער ערשט מיט דער ענטוויקלונג פון דיא נאַטור־זויסענשאַפטען, וועלכע זיינען אבער דאמאלס נאָך געשטאַנען אויף א גאַנץ ניעדעריגע מדרגה. אזעלכע וואונדער־טהוער און וואונדער־גלויבער זיינען דאמאלס געווען ניט בלויז ביי אידען, נאר אויך ביי דיא גריכען, רוימער און אַנדערע פעלקער און ניט בלויז דער פּראַסטער עולם, נאר אפילו געלעהרטע און פילאָזאָפען האבען אויך אין זיי געגלויבט. דאָ איז גענוג צו דערמאָנען דעם בעריהמטען היידנישען הייליגען און בעל נס אַפּאָלאָניוס פון טיאנא, וועלכער האט זיך גע־מאַכט א גרויסען שם אַלס וואונדער־מענש און פון וועמען עס ווערען דערצעהלט מורא'דיגע חדושים. אויך ווערט פיעל ניסים און וואונדער דערצעהלט פון דעם גריכישען פילאָזאָף פּיטהאגאראס, (צעללער, גריכישע פילאָזאָפיע).

בעטראַכט איהר נעהענטער דיא וואונדער, וואס יעזוס האט אויפגעטהאָן, וועט איהר באַלד געפינען, אַז דיא מעהר־סטע פון זיי זיינען אַזעלכע, וועלכע ווערען אויך היינטיגען טאָג געטהאָן, אָהנע צו בעטראַכטען זיי פאר ניסים. עס געפי־נען זיך, אמת, אייניגע אויסנאַהמען, אבער דיעזע זיינען שפּעטער אויסגעטראַכט געוואָרען פון זיינע תלמידים מיט א טענדענציעזען צוועק, כדי צו בעווייזען, אַז ער איז ניט ווע־ניגער הייליג וויא דיא פאַרצייטיגע הייליגע מענשען. אַזוי,

צום ביישפיעל, איז דער וואונדער, וואס יעזוס האט געשפאַ־ציערט איבערן ים, אויסגעטראכט געוואָרען צו בעווייזען, אַז ער האט אויך געטהאָן דאס זעלבע וואס מ ש ה, וועלכער האט געשפאָלטען פאר דיא אידען דעם ים. דאסזעלבע איז מיט דער מעשה, אַז ער האט לעבעדיג געמאַכט א טוידטע מיידעל, וואס האט געהאַט דעם צוועק צו בעווייזען, אַז ער איז אַזוי גרוים וויא א ל י ה ו ה נ ב י א, וועלכער האט לעבעדיג געמאַכט א טוידטען. דיא אַלע אַנדערע ניסים זיי־נען בעשטאַנען אין היילען פון קראַנקע.

און דיא קראַנקע, וואס ער האט געהיילט זיינען ניט גע־ווען אַזעלכע, וואס האבען געליטען פון לונגען־פעהלער, צי האַרץ־פעהלער, צי נירען־קראַנקהייט וכדומה. אַזעלכע קראַנק־הייטען קענען מיט ניסים אַליין ניט געהאָלפען ווערען, כאָטש דער גלויבען און דער צוטרוי פון קראַנקען צום דאקטאר האט א געוויסע בעדייטונג אפילו אין אַזעלכע ריין־קערפּערליכע קראַנקהייטען. אַלע קראַנקע, וואס יעזוס האט געהיילט, מיט דער איינציגער אויסנאַהמע פון א פאַל, וואו עס ווערט דער־צעהלט, אַז דער פּאַציענט האט געליטען פון פיעבער, בעלאַנ־גען צו דער קלאַסע, וואס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „גרוים־היסטעריע“ און „היסטערישע פּאַליגע“. מיר וועלען דאָ געבען א פּאָר ביישפּיעלע: א פרוי האט זיך איינגערעדט, אַז זיא שוואַנגערט. איהר לייב האלט אַלץ אין איין וואקסען, אבער קיין קינד וועט זיא דערפון ניט האבען. מען גיט איהר אביסעל כלאָראָפאָרם און דער גרויסער לייב פערשווינדעט. ער קומט גלייך צוריק אַזוי שנעל וויא זיא קומט ארוים פון דעם כלאָראָפאָרם. דאס איז א היסטערישע שוואַנגערשאַפט. א מענש האט א שטייפע האַנד, ער קען איהר בשום אופן ניט בויגען; מען גיט איהם אביסעל כלאָראָפאָרם און דיא האַנד איז פריי און בעוועגליך. זיא ווערט ווידער שטייף אַזוי שנעל וויא ער קומט צו זיך. דאס איז א היסטערישער פּאַ־ראַליז. אַזוי זיינען פאַראַן היסטערישע בלינדע, וואס זיינען באמת ניט בלינד; היסטערישע טויבע, וואס זיינען ניט טויב און היסטערישע לאַהמע, וואס זיינען ניט לאַהם. דערצו

קומען דיא פעלע פון „היסטערישע פאליגע", וואו דער פאַ־ציענט פאלט אריין אין א בעוואוסטלאָזען צושטאנד און מאכט דורך א רייהע פון געוויסע משונה'דיגע בעוועגונגען און קאָנ־וואולסיווע גרימאסען; מאנכע פון זיי ריידען און דרש'ענען דאמאלס און ווארפען ארויף א פחד אויף דיא צושויער. אַט דיעזע זיינען עם דיא „גלגולים", דיא „דבוקים" און דיא „בע־זעסענע", פון וועלכע אונזערע באָבעס און זיידעס האבען אונז דערצעהלט און וועלכע דיא „גוטע אידען", דיא „בעלי־שם'ס" און דיא „טאַטערס" פלעגען ארויסטרייבען. וויא אמת'ע אפיקורסים, וועלכע לייקענען אַלץ וואס זיי פערשטע־הען ניט, פלעגען מיר דערפון דאמאָלס לאַכען און אָבלייקענען דיא גאַנצע מעשה, אבער דאס האבען מיר געטהאָן, ווייל מיר זיינען געוועזן אונוויסענד. אַזעלכע קראַנקהייטען זיינען דאָ, כאָטש זיי ווערען פעראורזאכט ניט פון שדים און רוחות, און אַזעלכע קראַנקע קענען ווירקליך גיכער געהיילט ווערען פון א „טאָטער" וויא פון א דאקטאר, ניט ווייל דער טאָטער טהוט מעהר פאר דעם חולה וויא דער דאקטאר, נאר ווייל דער פאַציענט גלויבט מעהר אין טאָטער. צו היילען אַזעלכע קראַנקהייטען מוז מען האבען דעם גאַנצען צוטרוי און דעם טיעפסטען גלויבען פון דעם פאַציענט. וואס מעהר גלויבען ביים פאַציענט אַלץ מעהר מעגליכקייט איהם צו היילען.

אַט דאס זיינען דיא סאָרט פאַציענטען, וועלכע פיללען אָן אלערליי הייליגע קור־פלעצער, וויא לורדס און דער גלייכען און וואו א געוויסער טהייל פון זיי — דיא וואס זיי־נען בלויז היסטעריש קראַנק — ווערען ווירקליך געהיילט; אָט דיעזע פאַציענטען ווערען עם גענעזען פון „קריסטשען סייענס"; אָט דיעזע פאַציענטען ווערען עם געהיילט פון אנ־ריהרען דיא ספאָדניצע פון א בעריהמטע „הייליגע מאַמע"; דיעזע חולאים ווערען עם געהיילט פון גוטע אידען און טאָ־טערס און אַזעלכע זיינען עס געוועזן דיא חולאים, וועלכע יעזוס האָט געהיילט. רק בעזעסענע, רק דבוקים, רק גלגולים, רק מרה־שחורה'ניקעס זיינען געוועזן זיינע פאַציענטען. און ער, פונקט וויא דיא בעל־שם'ס פון דיא לעצטערע צייטען,

פלעגט זיי טרייבען, דיא דבוקים און שדים און בייזע רוחות, מיט א געשריי, מיט א בייזער, מיט א קללה און מאנכעס מאָל אפילו מיט א גוט וואָרט. ער פלעגט זיי פערטרייבען אין אלדע־רוחות, אין איין פאַל אין א סטאַדע חזירים. די גלגולים פלעגען טענה'ן, זיך בעטען רחמים, מאנכעס מאָל זיך שילטען און זידלען, אבער זיי פלעגען געהן. פאר זיין וואָרט האבען זיי געציטערט. און לעזט איהר דיא מעשיות וועגען יעזוס און זיינע ניסים, דערמאָנט עס אייך אָן דיא מעשיות וועגען ר' אליהו בעל־שם, אָן דיא מעשה וועגען דעם דין־תורה מיט דיא שדים אויפ'ן ווילנער שול־הויף, אָן דיא מעשיות פון „קב־הישר" און „נופת־צופים".

דיעזע סאָרטען חולאים פערמעהרען זיך הויפטזעכליך אין שווערע, אונרוהיגע און אויפרעגענדע צייטען. עס זיינען געווען צייטען אין מיטעל־אלטער, ווען דיעזע קראַנקהייטען זיינען געווען עפידעמיש און האבען זיך פערשפרייט מיט דער שנעלקייט פון א מגפה, פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאַנד צו לאַנד. וויפיעל אזעלכע קראַנקע דיא איצטיגע וועלט־מלחמה ועט און האט ארויסגערופען, וועט מען ערשט שפּעטער וויסען. דיא צייט, אין וועלכער יעזוס האט געלעבט, איז געווען איינע פון דיא שווערסטע פאר דעם אידישען פאָלק, און עס איז מעהר ניט וויא נאַטירליך, אז עס האבען זיך דאַן געפונען אזוי פיעל פון דיעזע קראַנקע אין גליל און אין יהודה.

יעזוס האט זיי אלעמען געהיילט מיט גרויס ערפאָלג. און וואס מעהר זיין נאמען איז געוואַקסען אלס היילינער, דעסטאָ מעהר ערפאָלג האט ער געהאַט אלס וואונדער־היילער און וואָס מעהר וואונדער־היילונגען ער האָט געהאַט אויפגעטאָהן דעסטאָ א גרעסערען נאמען אלס היילינער האט ער געקראגען. און אזוי איז עס געגאנגען כסדר: איינס האָט געווירקט אויף דאס אנדערע.*)

*) אינטערעסאַנט איז, וואס אין זיין איינענע שטעדטעל האט יעזוס אין גאַנצען פערלאָרען זיין גבורה און האָט ניט געקענט בעוויזען קיינע

און ווען ער איז געבליעבען מיט זיך אליין און האט זיך געפּרובירט אבגעבען חשבון־הנפש, האט זיך איהם אבער און ווידער געמוזט שטעלען די פראגע: „מיט וועלכע קראפט טהו איך עס? אין וועמעס נאמען טהו איך דיעזע אלע ניסים? פארוואס ווערען דיא בלינדע זעהענדיג, דיא טויבע — הערענ־דיג, דיא לאהמע—געהעדיג און דיא בעזעסענע—געהיילט?" ערקלעהרען עס אדער, לכל הפּחות, זוכען צו ערקלעהרען עס אויף א נאטירליכען וועג, וועגען דעם האט דאמאלס גאר קיין רייד ניט געקענט זיין. דערצו האט איהם, וויא אלע זיינע צייט־גענאָסען, געפעהלט דער וויסען. און ווען זיינע געגנער און מאנכע פון דיא פּרושים, האבען איהם בעשולדיגט, אז ער טהוט עס דורך כשוף, מיט דער הילף פון דיא שדים, האט ער גאנץ לאגיש געענטפערט, אז דאס קען דאך ניט זיין, ווייל דיא שדים וועלען איהם ניט געבען קיין מאכט איבער זיך גופא, אז ער זאל קענען ארויסטרייבען דיא שדים פון דיא קראנקע טאקע מיט דער הילף פון שדים. און אויב ניט דיא שדים, טא ווער־זשע דען? און ער איז דארום געקומען צום שלוס, אז דאס טהוט ער מיט גאָט'ס גייסט און אז ער שטעהט פּאלגליך אין נאָהענטע בעציהונגען מיט גאָט גופא (מא־טהעאוס 12).

אבער פארוואס? פארוואס האט גאָט דוקא איהם אויס־געקליבען? ווער איז ער דען אזעלכער? מיט וואס האט ער זיך אזוי פערדיענט געמאכט? אפשר איז ער עס טאקע דער אויסערוועהלטער, דער משיח? דאס וואָלט געווען א גוטע

---

ניסים. ער האט עס ערקלערט דערמיט, וואס „א נביא ווערט ניט גע־עהרט אין זיין שטאָדט". דער אמת איז, אז דיא מענשען פון זיין שטעדטעל, וואס האבען איהם געקענט אלס סטאליער־אינגעל, האבען אין איהם ניט נעגלויבט, און אהן זייער גלויבען האט ער ניט געקענט מאכען קיין ניסים. אזוי טאקע דערצעהלט דער עוואנגעליום: „זיי האבען זיך געוואונדערט, וויא קומט עס צו איהם, צום סטאליער־יונג, וועמעס ברידער און שוועס־טרע זיצען דא מיט אונז, אזעלכע חכמות? יעזוס האט זיך געוואונדערט אויף זייער ניט־גלויבען". דיא דאזיגע מעשה געפינט זיך אין מארקוס 6, און אין לוקאס 4.

ערקלהרונג, און דיעזער געדאנק האט איהם גענומען פער־פאַלגען.

וואָלט ער געלעבט אין אַן אנדער צייט און אונטער אַנ־דערע אומשטענדען, וואָלט איהם אַזאַ געדאַנק גאר ניט גע־קענט אריינקומען אין מח. האט ער אבער געלעבט אין אַזאַ צייט און אין אַזאַ פּלאַץ, וואס אַלע האבען ערוואַרטעט דעם משיח, ווען אַלע, גרויס און קליין, האבען ערוואַרטעט און גע־האָפט אויף א באַלדיגע ישועה פון זייערע אונערטרעגליכע צרות. דאס גאַנצע פאָלק האט געלעבט אין א מין פיעבערישען צושטאַנד און נאָך מעהר פאר אַלע אַנ טאקע די דאָזיגע חולאים, וואס יעזוס האט געהיילט און אויסגעהיילט. איז דאָך זייער גאַנצער היסטערישער צושטאַנד, זייער גאַנצע קראַנק־הייט געווען בלויז א רעזולטאַט פון דיעזע צרות און דיעזע משיח־ערוואַרטונגען. און זיי, דיא דאָזיגע קראַנקע, זיינען עס טאקע געווען דיא ערשטע, וואס האבען יעזוס'ען פּראָ־קלאַמירט אַלס משיח: „וואס ווילסטו האבען פון אונז, דו הייליגער מענש?" „וואס טרייבסטו אונז, דו דוד'ס זוהן?" „לאָז אונז צורוה, משיח, דער זוהן פון לעבעדיגען גאָט", דאס זיינען מאַנכע פון דיא אויסרופען, וועלכע דיא „גלגולים" און דיא „דבוקים", דיא היסטעריקער, האבען געברויכט, ווען ער פלעגט זיי קומען היילען. און ווען ער האט זיי אויסגעהיילט פלעגען זיי ווערען זיינע אנהייננגער און ארומגעהן דערצעהלען זיינע וואונדער און פערשפּרייטען דעם קלאַנג, אַז ער איז עס דער משיח. ביסלאַכווייז האט דער גאַנצער פּראָסטער עולם אנגעפאַנגען גלויבען, אַז ער איז עס דער משיח. דער פּראָסטער עולם האט, וויא אימער, געליטען מעהר פון אַלעמען און מעהר וויא אַלע אַנדערע זיך גענויטיגט אין א משיח. יעזוס'ן האט דער פּראָסטער עולם שוין פון לאַנג ליעב געקראָגען פאר זיינע ווארימע און הארציגע רעדעס, פאר זיין זידלען און פלור־כען דיא רייכע און ריהמען און בענשען דיא ארימע. און דאָ דערזעהען זיי אַזעלכע וואונדער, און דאָ הערען זיי אַזעלכע עדות וויא דיא „בעזעסענע" (וועלכע זיינען אין יענער צייט

אליין בעטראכט געווארען פאר א מין הייליגע) דערצעהלען, אז ער איז עס טאקע דער משיח! פארוואס זאלען זיי ניט גלויבען? און דאס פראסטע פאלק, דערצעהלט דער וואנגע־ליסט, האט אנגעפאנגען זאגען, אז יעזוס איז עס דער בן־דוד.

דיעזע קלאנגען האבען, פערשטעהט זיך, אויך דערגרייכט דיא אויערען פון יעזוס'ען גופא, און דער גאנצער ענין איז איהם געווארען נאך מעהר הארב, נאך מעהר אונפערשטענד־ליך. דאס, אמת, האט געשטימט מיט זיינע אייגענע גערדאנ־קען וועגען זיך, אבער דיא פראגע איז געוועזן, וויא קומט ער צו זיין דער משיח? ער, דער פראסטער סטאליער, דער זוהן פון א סטאליער? משיח מוז דאך זיין א יחסן, א זוהן פון דער פאמיליע־דוד? יעזוס האט דאך דאמאלס נאך ניט גע־וואוסט פון דעם יחוס־צעטעל, וואס זיינע שפעטערע תלמידים האבען לכבוד איהם פערפאסט; ער האט דאך גאנץ גוט געוואוסט, אז זיין טאטע איז יוסף און אז זיין מאמע איז מרים, וויא קומט ער צו זיין דער משיח?

דיעזע פראגע האט איהם א לאנגע צייט ניט געלאזען רוהען, און אט טרעפען מיר איהם איינמאל פרעגענדיג דיא „פרושים": „וואס דענקט איהר וועגען דעם משיח? וועמעס זוהן איז ער?" און ווען דיא פרושים האבען איהם גענטפערט, אז ער איז דוד'ס זוהן, האט יעזוס אויף אן עכט־רבנישען, האלב־דרש האלב־פלפול־שטייגער בעוויעזען פון א פסוק, אז משיח איז ניט דוד'ס זוהן. לויט יענעם פסוק, וויא יעזוס זוכט עס אויסצו'פשט'לען, ווערט משיח אנגערופען פון דוד'ן „מיין הערר". „און ווען דוד רופט איהם הערר", איז זיך יעזוס מפלפל, „טא וויא אזוי איז ער זיין זוהן?" (מאטהעאוס 22). דא זעהט מען קלאהר, וויא יעזוס זוכט זיך אליין צו פערענטפערען דיא סתירה פון זיין ארימער, ניט־קעניגליכער, אבשטאמונג מיט זיינע משיח'שע חלומות און אמביציעס.

און ווען יוחנן, וועלכער איז אונטערדעסען ארעסטירט געווארען פון הורדוס'ן, האט פון דער תפיסה געשיקט צו יעזוס'ן צוויי פון זיינע תלמידים מיט דער פראגע: „ביסטו

דער, וואס דארף קומען אדער מיר זאָלען ווארטען אויף אַן אנדערען?" האט יעזוס זיך ענטזאגט צו געבען א קלאָהרע תשובה, א דירעקטען ענטפער. ער האט געזאָגט: „געהט און זאָגט צו יוחנן וואס איהר הערט און זעהט. בלינדע זעהען, לאָהמע געהען, קרעציגע ווערען ריין און טויבע הערען" (מאַטהעאוס 11).

איהם האט זעהר שטאַרק אינטערעסירט, וואס דער עולם דענקט וועגען איהם, און ער האט געפרעגט זיינע תלמידים: „וואס זאָגען אויף מיר דיא מענשען, ווער בין איך?" און זיי האבען געענטפערט: מאַנכע זאָגען, אַז דו ביסט יוחנן דער טויפער, אַנדערע, אַז דו ביסט אליהו, נאָך אַנדערע, אַז דו ביסט ירמיהו אדער אַן אַנדער נביא. און ער האט זיי גע־פרעגט, ווער דענקט איהר בין איך? האָט שמעון פעטרוס געזאָגט און געענטפערט, דו ביסט דער משיח, דער זוהן פון לעבעדיגען גאָט". (מאַטהעאוס 16).

שמעון'ס ענטפער איז יעזוס'ן זעהר געפעלען געוואָרען. עס איז איהם מיט אמאָל אלעס געוואָרען קלאָר. שמעון האט ארויסגעזאָגט דאס, וואס ער אליין האט שוין לאַנג געטראַכט, נאָר ער האָט עס מורא געהאט אַרויסצוזאָגען. ס'האָט זיך גע־דארפט געפינען איינער, וואס זאָל האבען גענוג חוצפה אדער נאַרישקייט דאס צו טהאָן. שמעון האט עס געטהאָן. יעזוס האט געדאַנקט און געבענשט שמעון'ען דערפאַר, „ווייל אזא סוד איז צו דיר ענטדעקט געוואָרען פון קיין מענשען נאר פון מיין פאטער אין הימעל".

אויך אין דיעזען הינזיכט איז דאָ א גרויסע עהנליכקייט צווישען יעזוס'ן און שבתי צבי. אויך שבתי צבי האט זיך א לאַנגע צייט ארומגעטראָגען מיט משיח־חלומות און אויך ער האט ניט געוואגט זיי עפענטליך ארויסצוזאָגען ביז זיין תלמיד אברהם היכיני האט עס בעשטעטיגט. שמעון פעטרוס איז דער אברהם היכיני פון יעזוס'ן...

## 8.

# יעזוס אלס משיח.

ניט מיט א גרינגען הארצען און ניט אהן צווייפעל אין זיינע אייגענע כחות האט זיך י ע ז ו ס ענדליך עפענטליך ערקלערט אלס דער משיח. ניט אזוי לייכט איז עס איהם אנ־געקומען. ער האט געמוזט פריהער דורכפיהרען א שווערען אינגערליכען קאמפף מיט זיך גופא; ער האט געמוזט אי־בערקומען און בעזייטיגען זיין אייגענע אונזיכערהייט, זיינע אייגענע ספקות, איידער ער האט זיך בעשלאסען אויף דיזען געוואגטען שריט. יעזוס האט געמוזט פריהער בייששטעהן דיא נסיונות פון דעם ש ט ן, וויא דער עוואנגעליסט דריקט זיך אויס. דער שטן, דער ווארם פון צווייפעל, וועלכער האט איהם געזוכט אבצוהאלטען דערפון, בעווייזענדיג איהם, וויא שוואך און קליין ער איז. „אויב דוא ביזט גאט'ס זוהן, זאג אז פון דיא שטיינער זאל ברויט ווערען"; אויב דוא ביסט גאט'ס זוהן, שפרינג אראב פון דעם דאך פון דעם טעמפעל. האט צו איהם דער שטן גע'טענה'ט (מאטהעאוס, 4).

אומזיסט האט זיך יעזוס געבעטען ביי זיינע תלמידים, אז זיי זאלען עס האלטען בסוד און קיינעם ניט דערצעהלען, דאס ער איז דער משיח (מאטהעאוס 16), ווייל זיין צייט זיך צו ענטפלעקען איז נאך ניט געקומען; אומזיסט האט ער אלץ געזוכט אבצולייגען יענעם פאטאלען טאג אויף שפע־טער און שפעטער. יעזוס האט גאנץ גוט געוואוסט וואס ער

האט צו ערווארטען, אז ער שטעלט זיין לעבען אין קאן. אבער העלפען האט ער מעהר ניט געקענט: דיא ערקלעה־רונג האט געמוזט קומען פריהער צי שפעטער, אויב ער זאל ניט בלייבען פאלש צו זיך אליין און א ליגנער און א פער־פיהרער אין דיא אויגען פון זיינע תלמידים.

און עס איז געשעהן—ער האט ריזיקירט! פון יענעם טאג אן האט זיך אנגעפאנגען דיא טראגעדיע פון זיין לעבען.

און יעזוס'עס טראגעדיע איז בעשטאנען ניט בלויז אין דעם, וואס ער האט זיך געשטעלט אין זעהר א געפעהרליכע לאגע, וואס ער איז דורך אזא משיח־ערקלעהרונג געווארען א מלוכה־פערדעטהער און א פיינד פון דער הערשענדער מאכט, פון דער רוימישער פונקט וויא פון דער אידישער, און צוליעב וואס ער האט טאקע ענדליך בעצאהלט מיט זיין לעבען. ניט דאס אליין איז געוועזען זיין טראגעדיע. פיעל מעהר איז זיא בעשטאנען אין דעם, וואס ער האט זיך אונ־טערנומען אן אונמעגליכע ארבייט, אן ארבייט וואס פאסט אפשר פאר א גאט, אבער ניט פאר א מענשען, אפילו ניט פאר א גרויסען מענשען. אלס משיח האט ער פריהער פאר אלץ געדארפט בעפרייען זיין פאלק און זיין לאנד ניט בלויז פון דער רוימישער אויבערהערשאפט, נאר אויך פון דיא פרעמדע און פערהאסטע הורדוס־פאמיליע; ער אליין האט זיך געדארפט זעטצען אויף דוד'ס טראהן און זיין דער איי־בינער, גערעכטער הערשער. דאס אבער האט ניט געקענט געטאהן ווערען מיט'ן ריידען אליין, „מיט'ן ווינד פון זיין מויל". דערצו האט מען געדארפט האבען אן ארמעע, און א גרעסערע און א מעכטיגערע וויא די רוימישע איז געוועזען. יעזוס האט אפנים ניט געוואוסט פון נאפאלעאן'ס ווערטעל, אז „גאט איז שטענדיג מיט דיא גרעסערע ארמעען..."

כל זמן יעזוס איז געוועזען א פשוט'ער בעל־דרשן און בעל־שם, האט דער עולם זיך בענוגענט מיט זיינע דרשות און מיט זיינע וואונדער־היילונגען. דאס איז געוועזן גענוג

איהם צו פערשאפען א נאמען פאר א גרויסען און הייליגען מענשען, אפילו פאר משיח גופא. קוים אבער האט ער זיך ארויסגעגעבען פאר משיח'ן, פאר דעם ערלייזער, האט מען אנגעפאנגען שטעלען צו איהם גרעסערע פאדערונגען, וויא שעהנע דרשות און שדים־טרייבעריי. מען האט געפאדערט טהאטען, מען האט געפאדערט אן ערלייזונג, מען האט גע־פאדערט א צייכען פון הימעל. „און דיא פרושים מיט דיא צדוקים האבען זיך צו איהם דערנעהענטערט, און האבען איהם געפרובירט און איהם געבעטען זיי צו צייגען א צייכען פון דעם הימעל“ (מאטהעאוס 16). ער האט זיי שטארק אויסגעזידעלט, אבער קיין צייכען פון הימעל האט ער נאַ־טירליך ניט געקענט געבען...

און ניט בלויז די פרושים און דיא צדוקים, נאר אויך דאס פראסטע פאלק איז געווארען אונרוהיג און אונ־געדולדיג. אפילו מאנכע פון זיינע סאמע נעהענטסטע תלמידים האבען ערווארטעט און געפאדערט, אז ער זאל בע־פרייען דעם אידישען פאלק פון דיא רוימער און זאל אומ־קעהרען דיא מלוכה צו דיא אידען: „דארום האבען דיא פערזאמעלטע איהם געפרעגט אזוי צו זאגען: הערר, וועסטו יעצט אומקעהרען דיא מלוכה צו ישראל?“ (אפאסטאלען 1, 6), דאס זאל האבען געוועזען פאסירט נאכדעם, וויא יעזוס איז שוין געקרייציגט געווארען. דאס הייסט אלזא, אז אפילו נאך זיין טויט האבען דיא תלמידים ערווארטעט, אז ער זאל באלד צוריקקומען און אומקעהרען די מלוכה צו די אידען. נאך דייטליכער איז עס צו זעהן פון פאלגענדען אויסצוג: „און זיי האבען איהם דערצעהלט וועגען ישוע הנוצרי, וועלכער איז געוועזען א נביא און א העלד אין טהאט און אין ווארט פאר גאט און פאר'ן פאלק. און אז דיא עלטסטע פון דיא כוהנים און אונזערע האררען האבען איהם אי־בערגעגעבען צום געריכט פון טויט און האבען איהם געקריי־ציגט. און מיר האבען געהאפט, אז ער וועט

אויסלייזען דעם פאָלק ישראל". (לוקום 24. 19).

„אומקעהרען דיא מלוכה צו דיא אידען", דאָס איז גע־וועזען אין פאָלק'ס פאָרשטעלונג דיא ערשטע בעדינגונג פון משיח'ן. און ווען מען האָט יעזוס'ען געפרעגט, צי מען דאַרף צאָהלען שטייערען דיא רוימער, איז עס געווען אַ גאַנץ ערנ־סטע, פּראַקטישע פראַגע, אָהן שום הינטער געדאַנקען. דאָס פאָלק האָט שוין מעהר קיין כוחות ניט געהאַט צו צאָהלען אַזעלכע שווערע שטייערן. אויב יעזוס איז ווירקליך משיח דאַרף מען דאָך לכל הפחות ניט צאָהלען קיין שטייערען צו דיא רוימער. יעזוס האָט אויף דעם געגעבען אַן אויסוויי־בענדען ענטפער. וואָס דען האָט ער דען געקענט טאָהן? אָבער דער עולם איז געבליבען אונצופריעדען.

האָט יעזוס געמאַכט אַ פּערזוך צו אָרגאַניזירען אַן אַרמעע געגען דיא רוימער? איין אייביגע שטעלע געפינט זיך, וואָס מען קען אויסטייטשען, אַז ער האָט עס געטאָהן: „ווער עס האָט ניט קיין שווערד, זאָל פערקויפען זיין בגד און קויפען איינעם" (לוקוס 22, 36), ראַטה ער זיינע תלמידים. אָבער אַזוי שנעל ווי מען האָט איהם געזאָגט, אַז עס געפינען זיך צוויי שווערדען, האָט ער זיך בערוהיגט און האָט געזאָגט, אַז מעהר דאַרף מען ניט. מען קען דערפון לייכט ארויסזעהן, אַז דיא גאַנצע מעשה איז דאָ צופּלאָנטערט געוואָרען פון דעם שרייבער. עס לייגט זיך קוים אויפן שכל, אַז מיט די דאָזיגע צוויי שווערדען האָט עס יעזוס געוואָלט אומשטירצען דיא רוימישע הערשאַפט. איבריגענס, אין אַ צווייטע שטעלע (מאַטהעאוס, 26) ווערט דיא מעשה דערצעהלט אין אַן אַנ־דער נוסח. דאָרטען זאָגט יעזוס אויסדריקליך: „קעהר אום דיין שווערד אויף זיין אָרט, ווארום אַלע וואָס האַלטען אַ שווערד, וועלען דורכ'ן שווערד פערלאָרען געהן".

פאַר דעם מענשען, וואָס איז בעקאַנט מיט דעם אַלגע־מיינעם כאַראַקטער פון יעזוס'עס לעהרען און פון זיין טהע־טיגקייט, מיט זיין פּריידיגען ניט צו שטעלען זיך געגען

שלעכטס, זיין לעהרע אויסצושטעלען דיא צווייטע באק ווען מען פאטשט אייך אין איינע, זיין עצה צו געבען דעם קיסר וואס דעם קיסר קומט און דערגלייכען, פאר אזא איינעם איז קלאהר, אז פאר יעזוס'ען האט זיך גיכער געפאסט דיא צווייטע עצה. עס לייגט זיך אויפן שכל, אז יענע קריעגע־רישע עצה צו פערקויפען דעם בגד און קויפען א שווערד איז געגעבען געווארען פון אן אנדער משיח (פיעלייכט איז עס געווען דער עגיפטישער משיח, וועמען מיר האבען דערמאנט אין דיא פריהערדיגע קאפיטלען) און אז דער עוואנגעליסטי־שער שרייבער האט דא פשוט געמאכט א טעות און עס פער־שריעבען אויף יעזוס'ן, פערבייטענדיג דיא נעמען. מעגליך, אז מאנכע פון זיינע תלמידים האבען איהם געוואלט בעאיינפלו־סען אין דיזער ריכטונג. עס איז אויך מעגליך, אז א געוויסע צייט האט זיך יעזוס ווירקליך ארומגעטראגען מיט רעוואלוציא־נערע פלענער, אבער דאס האט יעדענפאלס געדויערט א גאנץ קורצע צייט.

יעזוס איז ניט געווען קיין מלחמה־מענש און ניט קיין געוואלטזאמער רעוואלוציאנער, וויא א שטייגער י ה ו ד ה ה ג ל י ל י. מלחמה און רעוואלוציאן זיינען געווען געגען זיין טעמפעראמענט און אין גאנצען געגען זיין ערציהונג. ער איז געווען א שטילער, רוהיגער, פריעדליכער טרוימער. זיין ער־ציהונג האט ער געקראגען אין די קרייזען פון די ע ס ס ע ע ר און די ט ה ע ר א פ ע ו ו ט ע ן, וועלכע האבען זיך מעהר אבגע־געבען מיט די גייסטיגע פערפאלקאמענונג פון דעם איינצעל־נעם וויא מיט דיא צרות פון כלל. דארטען האט ער זיך אויך בעקאנט מיט זייערע געהיימע לעהרען, מיט דיא זאגענאנטע „מעשה בראשית" און „מעשה מרכבה", וואס איז בעשטאנען פון א געמישעכץ פון דיא ניי־פיטהאגארישע און דיא ניי־פלאטאנישע לעהרען אריינגעטייטשט אין דעם יודענטהום. וויא איינער פון דיא דאזיגע מקובלים־חברים איז ער געלעגען אין גאנצען אין דיא „עולמות העליונים", אין דיא העכערע ספערען. א מיסטיקער און א פאנטעזיאר, האט ער זיך גע־

לעבט אין זיינע חלומות און האָט גערעדט וועגען אַ „גאָט'ס קעניגרייך", ניט וויסענדיג, ניט קענענדיג און ניט בעגריי־פענדיג דעם אמת'ען, ווירקליכען, רעאלען לעבען פון זיין פאָלק; ער האָט ניט געוואוסט דיא שרעקליך - טרויעריגע ווירקליכקייט, דיא שווידערליכע לאגע פון זיין פאָטערלאנד. זיין פאָלק און זיין לאנד האָבען זיך געגויטהיגט אין באַל־דיגע, ממשות'דיגע הילפע, ניט אין פאנטאסטישע חלומות, ניט אין פערשפּרעכונגען וועגען אַ קומענדיגע וועלט, וועגען אַ „מלכות־שמים".

דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספערשטענדניס צווישען יע־זוסען און דעם פאָלק, צווישען יעזוסען און זיינע תלמידים. זיי האָבען זיך איינע דיא אנדערע ניט פערשטאנען. זיי האָ־בען אייגענטליך געברויכט דיא זעלבע שפּראַך, דעם זעלבען אויסדרוק, דעם וואָרט „משיח", אָבער ער איז פון זיי פער־שיעדען פערשטאנען געוואָרען. דאָס פאָלק האָט פערלאנגט אַן אמת'ען משיח, אַן ערלייזער פון זיינע ערדישע צרות; יעזוס האָט גערעדט פון אַ גייסטיגען, פאנטאסטישען, מיס־טישען משיח. דער זעלבער וואָרט מיט אַן אנדער מיינונג. דער רבי איז ניט פערשטאנען געוואָרען פון זיינע תלמידים, און אין דעם איז בעשטאנען זיין אמת'ע טראגעדיע, אַ גרע־סערע אפילו ווי זיין היגריכטונג גופא. ער האָט געפאָדערט גלויבען; דאָס פאָלק האָט פערלאנגט טהאטען.

דיעזע מיספערשטענדניס קען ערקלעהרען דיא זאָנדער־בארע טהאטזאכע, וואָס דער זעלבער פעבעל, וואָס האָט מיט אַ קורצע צייט צוריק יעזוס'ען עמפפאנגען מיט קעניגליכער עהרע, מיט יובעל און שמחה, וואָס האָט איהם זיין וועג אויס־געשאָטען מיט בלומען און דיא קליידער פערשפּרייט אונטער זיינע פיס אַלס טעפּיכען, וואָס האָט איהם פּראָקלאמירט אַלס דעם זוהן פון דוד און האָט מיט בעגייסטערונג אויסגערופען: „הילף צו דעם זוהן פון דוד! געבענשט זאָל זיין דער, וואָס קומט אין גאָט'ס נאָמען! הילף פון דיא הימלען! (מאטהע־אוס 21), דער זעלבער פעבעל האָט מיט אַ קורצע צייט שפּע־

טער געברומט מיט רציחה: „קרייציגט איהם, קרייציגט איהם!“ (מאטהעאוס 27; מארקים 15; לוקוס 23; יוחנן 19), און האט ניט געוואלט וויסען פון זיין בעפריי־אונג. דיעזע מיספערשטענדניס איז מסתמא אויך געווען דיא אורזאכע, וואס אפילו זיינע תלמידים, צווישען זיי אויך דער „פעלז“ פעטרוס, האבען איהם פערראטהען און פערלאזען אין זיינע לעצטע שווערע טעג.

דער עולם האט זיך געפונען ביטער ענטוישט אין זיינע טיעפסטע און הערצליכסטע האפפנונגען און ערווארטונגען; ער האט זיך געפיהלט בעליידיגט, בעשווינדעלט און אבגע־נארט. דער עולם, דאס גרויסעס קינד, האט ניט געפרעגט קיין שאלות, ער האט צובראכען אהן רחמנות דיא דאזיגע שפיעל־צאצקע, וואס ער האט ניט לאנג צוריק געקושט. דער עולם האט מיט אמאל דערזעהן, אז דיעזער ערלייזער, אויף וועמעס הילף ער האט אזוי פיעל געהאפט, איז אליין א שוואכער, ארעמער, אונגליקליכער מענש, וואס קען ווערען ארעסטירט און הינגעריכטעט וויא א פשוט׳ער שטערבליכער. אנשטאט צו בעשולדיגען זיך גופא אין נארישקייט און לייכט־גלויביגקייט, האט דער עולם אויסגעלאזען זיין כעס און צארן אויף דעם אונגליקליכען. און ווען יעזוס איז שוין געווען צוגעשלאגען צום קרייץ לײדענדיג דיא שמערצען פון א לאנגזאמען מארטירער־טויט, האט דער ווילדער פעבעל געהאט זיין ראכע און האט פון איהם געשפאטעט: „דו האסט גע־האלפען אנדערע, העלף זיך איצטער אליין. קריך נאר אראב פון קרייץ, דו משיח, דו קעניג פון אידען, קריך אראב אויב דוא קענסט און מיר וועלען אין דיר גלויבען“, (מאטהעאוס 27). דאס איז געווען ווילד און ברוטאל, אבער בעסער האט מען ניט געקענט ערווארטען פון דעם ענטוישטען און פער־ביטערטען פעבעל. וואס האט יעזוסען מעהר וועה געטאהן, דיא יסורים פון דעם טויט צי דער שפאט פון דיא ארומיגע? דאמאלס האט יעזוס אויסגערופען: „גאט, מיין גאט, ווארום האסטו מיר פערלאזען?“

יע, עס איז געווען א מיספערשטענדניס. דער עולם האט ערווארט מעהר וויפיעל יעזוס האט געקענט געבען; ער האט ערווארטעט דאס, וואס ער האט אייגענטליך גאר ניט פערשפראכען.

דיעזע האלטונג פון עולם, דיעזער צווייפלען אין איהם, דיעזע פארדערונג ער זאל עטוואס טאהן, האט אין יעזוס'ען ארויסגערופען אן אויפגערייצטקייט, א בייזקייט און א פערביטערונג. אנשטאט דער מילדער, גוטמוטהיגער, פריעדליכער מענש, וואס פריידיגט ליעבע און פערגעבונג, רחמנות צו דיא ארימע און האס צו דיא רייכע, איז ער געווארען אן אויפגערעגטער, בייזער, אונטאלעראנטער מענש, וואס שילט, פלוכט און זידעלט מיט גאל און גיפט. עס איז גאר אן אנדער יעזוס, אין וועמען מען קען קוים דערקענען דעם פריהערדיגען.

אויף דיא שטעדטלעך, וועלכע האבען זיך ניט אזוי ווארם אבגערופען אויף זיינע וואונדער, בייזערט ער זיך און שילט: „וועה איז דיר כ ו ר ז י ן; וועה איז דיר ב י ת־צ י ד ה... און דו כ פ ר־נ ח ו ם (קאפערנאום) וואס ביסט דערהויבען געווארען צום הימעל*), וועסט צום אבגרונד ערניעדריגט ווערען“ (מאטהעאוס 11).

דיא שטעדטלעך, וועלכע וועלען ניט גוט בעהאנדלען זיינע תלמידים, ווארנט ער, אז זיי וועלען אבשניידען ערגער וויא סדום (מאטהעאוס 10).

פאר דיא וואס גלויבען אין איהם ניט, האט ער אנגעגרייט „א ברענענדען קאלך־אויווען, וואו עס וועלען זיין יאמערען און ציין־קריצענעס“. (מאטהעאוס 13).

דיא וואס פאדערען פון איהם א בעווייז, אז ער איז משיח, זידלעט ער און רופט זיי „א דור פון שלעכטע און אויסגעלאסענע“ (מאטהעאוס 17).

---

*) דארטען האט ער זיך א לאנגע צייט אויפגעהאלטען און זיא איז געווען זיינע א מין הויפט־שטאדט. דערפאר מיינט ער, אז זיא איז דערהויבען געווארען צום הימעל.

זיינע תלמידים גופא בעשולדיגט ער אבער און וויעדער, אז זיי פעהלט אמונה.

און ניט בלויז מענשען, נאר זאגאר אונשולדיגע בוימער פערשילט ער: „און עס איז געווען אין דער פריה, ווען ער האט זיך אומגעקעהרט אין שטאדט אריין, האט איהם גע־הונגערט. האט ער געזעהען א פייגענבוים אויפ'ן וועג און איז צו איהם צוגעגאנגען און ער האט אויף איהם גאר ניט געפונען אויסער בלעטער. האט ער איהם געזאגט: עס זאל אויף דיר אויביג קיין פרוכט ניט זיין. און דער פייגענבוים איז באלד פערדארט געווארען. (מאטהעאוס 21).

„שלאנגען קינדער" און „היפאקריטען", דאס זיינען די ליעבע ווערטער, מיט וועלכע ער בעטיטולט אלע זיינע פרינ־ציפיעלע געגנער. אזא מין אונטאלעראנץ איז שווער צו געפי־נען. אין דיזען הינזיכט איז אפילו מאהאמעד מי יודע וויא העכער פאר איהם.

אויך זיינע מיינונגען וועגען דער תורה און דעם אידי־שען פאלק האבען זיך אין גאנצען אומגעביטען:

פריהער האט ער געזאגט, אז דיא תורה וועט קיינמאל ניט בטל ווערען; איצטער זאגט ער: „דיא תורה איז נאר גילטיג געווען ביז יוחנן" (מאטהעאוס 11).

פריהער האט ער געזאגט, אז ער איז בלויז געשיקט גע־ווארען צו דיא קינדער, צו דיא פערלארענע שעפעלעך פון ישראל; איצטער זאגט ער: „און איך זאג אייך, פיעלע ויעלען קומען פון מזרח און מערב און וועלען זיטצען ביים טיש צוזאמען מיט אברהם, יצחק און יעקב אין הימעלשען קעניגרייך, און דיא קינדער פון דער קעניגרייך וועלען ארויסגעשליידערט ווערען אין פינסטערען אויסען; דארטען וועט זיין יאמערען און ציין־קריצענעס". (מאטהע־אוס 8).

דער עולם האט זיך ענטוישט אין זיין משיח, אבער דער משיח האט זיך אויך ענטוישט אין זיין עולם. דיעזע געגענזייטיגע ענטוישונג האט עס געפיהרט צו דיא גוואל־

דיגע ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם געמיטהס צושטאַנד פון יעזוס. אין דער זעלבער צייט איז דאָס אויך געווען די אורזאַכע, וואָס י ע ז ו ס האָט זיך אָנגעפאַנגען אָבּ־ צוגעבען מיט זיך גופא, צו קאָנצענטרירען זיך אין זיך, צו אנאַליזירען זיין אייגענעם וועזען. דאָס האָט איהם געפיהרט צו אָנפאַנגען גלויבען, אז ער איז גאָט'ס זוהן.



## 9.

# יעזוס אַלס גאָט'ס זוהן.

עס איז בלויז שווער געוועזען דער אנפאנג, דער ערשטער טריט; ווייטער איז שוין אַלעס געגאַנגען לייכט. עס איז א פיעל גרעסערער שפרונג פון א פשוט'ען בעל־דרשן און בעל־שם צו א משיח, צו דעם אויסערוועהלטען פון גאָט, וואס דארף אויסלייזען דעם אידישען פאָלק און דיא גאנצע מענשהייט, איידער דער אריבערגאנג פון משיח צום בעגריעף פון גאָט'ס זוהן. דער לעצטער אריבערגאנג איז געוועזען א לאָגישער שלוס פון דער פריהערדיגער בעהויפטונג.

קוים האט זיך יעזוס ערקלערט אַלס משיח, קוים איז ער גופא געוואָרען אין דעם שטארק איבערצייגט, האט זיך איהם געמוזט שטעלען דיא פראגע, וואס פאר א מין משיח ער איז. איז ער א נאטירליכער, וועלטליכער משיח, וואס דארף אומקעהרען דיא מלוכה צום אידישען פאָלק, וויא דאס פאָלק און דאס רוב פון זיינע תלמידים האבען אין אנפאנג געמיינט, אדער איז ער עפּעס אן אנדער מין משיח? אויב ער זאָל אפילו פון אנפאנג זיך האבען געהאט ארומגעטראָגען מיט געדאנקען וועגען זיך וויא פון א וועלטליכען משיח, וואס האט דיא פשוט'ע אויפגאבע צו בעפרייען דעם אידישען פאָלק פון דעם רוימישען יאָך, האט ער עס אבער באלד געמוזט אויפגעבען. ער האט באלד געמוזט איינזעהן

דיא אונמעגליכקייט דערפון. ער האט ניט געקענט זעהן פאר זיך קיין וועג, וויא אזוי דיעזע ערלייזונג פארצוברייני־גען; עס האט איהם פשוט געפעהלט דערצו דיא נויטיגע מאכט. דא איז אבער געווען נאך אן אורזאכע, וואס האט איהם ניט דערלאזען צו טראכטען וועגען זיך אלס א וועלטלי־כען משיח, און דאס איז געווען זיין אבשטאמונג, וואס ער האט געוואוסט, אז ער שטאמט ניט פון דער פאמיליע דוד. דיא נאטירליכע ריכ־טונג פון דעם משיח־גלויבען, לויט וועלכע משיח איז בלויז א גערעכטער קעניג און הערשער, האט געלערנט, אז דיעזער משיח מוז זיין דוקא פון דוד׳ס פאמיליע. דיא מיסטישע ריכ־טונג פון דעם משיח־גלויבען, דאגעגען, האט זיך ניט געקימערט וועגען זיין אבשטאמונג. ער מעג זיין ניט פון דער דוד־פאמיליע; ער איז א „בן־דוד“ בלויז אין גייסטיגען זינן.

ער איז, אלזא, ניט קיין וועלטליכער משיח. אבער ער איז דאך פארט משיח, אין דעם האט ער דאך מעהר שוין ניט געצווייפעלט; ער מוז דארום זיין א גייסטיגער משיח. זיין יחוס איז א גרעסערער, וויא דוד׳ס זוהן; ער איז דער מענשען־קינד, גאט׳ס זוהן, גאט׳ס שטעל־פערטרע־טער. זיין אויפגאבע איז ניט בלויז צו בעפרייען דיא אידען פון זייערע וועלטליכע צרות, אויסלייזען דעם אידישען פאלק פון גלות און „שעבוד־מלכות“; ער האט א העכערע מיסיא, א גרעסערע שליחות; ער דארף בעפרייען דעם אידישען פאלק און דורך איהם דיא גאנצע מענשהייט פון דיא זינד, פון דער טומאה, פון דעם שטן, פון דער „סטרא־אחרא“, וויא דיא מקובלים דריקען זיך אויס. דיא זינד ליעגט וויא א שווע־רע לאסט אויף דער גאנצער מענשהייט, וועלכע בלאנדזשעט צוליעב דעם ארום אין דער פינסטערניס און קען זיך ניט בעהעפטען מיט דיא קוואלען פון דיא אויבערשטע ליכט. דיא מענשהייט דארף אויסגעלייזט ווערען פון דיעזען צושטאנד־

און ער איז עס דער ערלייזער פון דער מענשהייט; דורך איהם קריעגט זיא איהר „תקון“.

און דיעזער געדאנק איז ניט געווען קיין נייער. דיעזען געדאנק האט יעזוס געבארגט פון דיא אידישע מיסטיקער, פון דיא „אפאקריפישע שריפטען*)“, פון דיא עססעער און טהעראפעווטען, מיט וועלכע ער איז געווען בעקאנט. ניי איז נאר געווען דאס, וואס ער איז געווען דער ערשטער, וועניגסטענס ביי אידען, וועלכער האט געהאט דיא חוצפה דאס אויסצוטייטשען אויף זיך. דער ערשטער, אבער ניט דער לעצטער. נאך איהם זיינען געקומען אנדערע משיחים, וועלכע, ווערענדיג בעאיינפלוסט פון כמעט דיא זעלבע לעהרען און בעגריפען, זיינען געקומען צו דיא זעלבע שליסע. דער פראמינענטסטער פון זיי אלעמען איז געווען שבתי־צבי, וועלכער האט געהאט ביי זיין לעבען א גרעסערען ערפאלג אלס משיח, וויא יעזוס ביי זיין לעבען. אויך שבתי־צבי איז געקומען צום געדאנק, אז ער איז א פערקערפערונג פון א געטליכער אויסשטראהלונג און געוויסערמא־

*) שוין אין „חנוך“ ווערט משיח אנגערופען דער „מענשען־קינד“ און ער ווערט געשילדערט וויא א געטליכער וועזען פון מענשליכען גע־שטאלט, וואס האט געלעבט איידער דיא וועלט איז בעשאפען געווארען און זיצט לעבען כסא הכבוד.

אין דיא „צואה פון דיא עשרת השבטים“, איבערהויפט אין דיא צואה פון לוי, ווערט גערעדט פון משיח'ן אלס פון א גייסטיגען וועזען. ער וועט בעפרייען דיא מענשהייט פון זינד און שמידען דעם שטן אין קייטען. ער וועט אויפעפענען דיא פערמאכטע טהירען פון גן־עדן, צו־ברעכען דעם „חרב־המתהפכת“, דעם שווערד, וואס היט דעם אריינגאנג, און דיא צדיקים וועלען געניסען פון „דעם לעבענס־בוים“. אינטערעסאנט איז, וואס דיעזער משיח איז ניט קיין בן־דוד.

עס איז אמת, אז דיעזע אלע שריפטען זיינען שפעטער געפעלשט געווארען פון דיא ערשטע קריסטליכע שרייבער, כדי עס זאל זיך בעסער פאסען צו זייער אמונה. עס איז אבער אהן צווייפעל, אז אזא משיח־ריכטונג איז ביי אידען געווען. שפורען פון דיעזער ריכטונג געפינען זיך נאך אין תלמוד, וואו משיח'ס נאמען ווערט גערעכענט אלס איינער פון דיא זיבען זאכען, וואס זיינען בעשאפען געווארען איידער דיא וועלט. (נדרים ל"ט; סנהדרין צ"ט).

סען אליין א גאָט. אויך שבתי־צבי האט זיך גערופען גאָט׳ס זוהן.

וואס איז אַזעלכעס „גאָט׳ס זוהן“? האט יעזוס ווירקליך געמיינט, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען פון א יונג־פרוי אָהן דער הילף פון א ערדישען פאטער, דורכ׳ן הייליגען גייסט? האט ער ווירקליך געמיינט, אז ער איז גאָט׳ס א פיזישער זוהן? זיכער נים. ער האט גוט געוואוסט, אַז זיין טאַטע איז יוסף דער סטאָליער און אַז זיין מאַמע איז א געוועהנליכע אידישע פרוי, און ער האט עס קיינמאָל נים אבגעלייקענט. דיעזער בעגריעף פון גאָט׳ס זוהן, פון א פיזישען זוהן, איז אין גאַנצען פרעמד דעם גייסט פון דעם יודענטהום, און יעזוס האט קיינמאָל און בשום אופן נים גע־קענט האבען אַזאַ פאָרשטעלונג וועגען גאָט. ביי דיא ארומיגע פעלקער, אויך ביי דיא גריכען און דיא רוימער, האט עס גע־קענט מעגליך זיין. זייערע געטער האבען געהאט אי פרויען און אי קינדער, און האבען אפילו געפיהרט ליעבעס־אינטריגען צווישען זיך. גאר אין דיא אַלטע צייטען איז דאס אפשר אויך מעגליך געווען ביי דיא אידען. אבער נאָך לאַנג, לאַנג איידער יעזוס איז געבאָרען געוואָרען, האט זיך שוין ביים אידישען פאָלק אויסגעאַרבייט דער ריינער מאָנאָטהעאיזם. דער אידישער בעגריעף וועגען גאָט איז שוין דאמאלס געווען, אַז ער איז אַן איין־איינציגער, אַלוועלטליכער, דורכאויס־גייסטיגער. א גאָט וואס האט קיין געשטאַלט און קיין אויסזעהן, וואס „אַלע הימלען זיינען פאר איהם צו קליין און א פשיטא שוין דיעזער טעמפעל“. אויב דאס גרויסע רוב פון פאָלק האט זיך אפשר נאָך פאָרגעשטעלט א מענשען־עהנליכען גאָט, האבען עס אבער בשום אופן נים דיא געבילדעטע און דיא געלעהרטע, צווישען וועלכע יעזוס מוז אריינגערעכענט ווערען.

„גאָט׳ס זוהן“ דאַרף דארום פערשטאַנען ווערען אין א גייסטיגען זינן, טראָץ דעם, וואס יעזוס׳עס שפּעטערע געצען־דיענערישע תלמידים האבען עס שלעכט פערשטאַנען און פערגרעבט. און גענומען האט זיך דיעזער געדאַנק נים פון א

ניעדעריגען און גראָבען בעגריעף פון גאָט, נאר דוקא פון אן ערעלען און העכערען בעגריעף. דאס קען אויבערפלעכליך אויסווייזען אונמעגליך, א מין פאראדאָקס, אבער עס איז דאָך אמת. דער בעגריעף פון גאָט ביי דיא אידישע מיסטיקער, וועלכע זיינען אָהן צווייפעל בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיא עגיפטישע, פערזישע און גריכישע פילאָזאָפישע סיסטעמען, איז געוועזן אזא, וואס האט זיך גאנץ גוט געקענט צופאסען צום שפינאָזישען פאנטהעאיזם און אפילו צום מאָדערנעם וויסענשאפטליכען מאָנאָיזם. גאָט איז דאס ערהאבענ־סטע פון אלע ערהאבענע, דאס העכסטע פון אלע הויכע, דאס גרעסטע פון אלע גרויסע; דאס קליגסטע פון אלע קלוגהייטען. ער איז אלץ: דער אנפאנג און דיא ענדע פון אלץ. ער איז עקזיסטענץ, דאס געוועזענע, דאס איצטיגע, דאס צוקונפטיגע. ער איז דער אָרט פון דער וועלט; אלעס ליעגט אין איהם, אלעס קומט ארויס פון איהם און ער איז אין אלעס. ער איז פריהער פאר אלע אנפאנגען און דיא ענדע פון אלע ענדען. ער איז איינער, אבער ניט בלויז איינער אין זיין מין, נאר אן אבסאָלוטע איינהייט: קיין אנדער זאך וויא ער איז ניטאָ. דיא אונענדליכע וועלטען זיינען בלויז אן ערשיי־נינג פון איהם. ער איז דאס אונבעגרייפליכע, דאס אונפער־שטענדליכע; דער מענשליכער שכל קען איהם ניט תופס זיין. ער אליין קען נאר בעצייכענט ווערען מיט דעם אויס־דרוק „אין־סוף", אונענדליכקייט, אדער „אין", ניטאָ, וויא דיא מקובלים דריקען זיך אויס.

אזא בעגריעף פון גאָט קען זיך זיין אין אנקלאנג מיט'ן מענשליכען שכל, אבער ער שטימט ניט מיט דאס מענשליכע האַרץ. אזא גאָט איז צו אייז־קאלט, צו ווייט פאר דעם מענ־שען. דער מענש דאַרף האבען א גאָט, צו וועמען ער זאָל קע־נען דיענען; א גאָט, מיט וועמען ער קען שטעהן אין נאָהענ־טע פערבינדונגען; א גאָט, פאר וועמען מען זאָל קענען אויסגיסען דאס האַרץ, זיך אויסוויינען, פארציהען, פיעשצען, בעטען הילפע. ער דאַרף דאס האבען, פונקט וויא א שוואַ־

כעס, הילפלאָזעס קינד מוז האבען א גוטע, ליעבענדע מוטער. דער מענש האט זיך דארום בעשאפען א פערמיטלער צווישען איהם און גאָט. דער פערמיטלער איז אויך א געטליכעס וועזען, אבער ער שטעהט שוין ניט אזוי הויך וויא דיא „ערשטע סבה". צו דיעזען פערמיטלער קען מען שוין דיענען; מען קען איהם שוין בעטען. ער איז עס אויך דער „שרו של עולם". דער פאקטישער הערר פון דער וועלט.

דער פערמיטלער איז אבער אויך נויטיג געווען צוליעב אן אנדער אורזאכע: דיא פראגע האט זיך געשטעלט: וויא אזוי האט פון דאס אונענדליכע געקענט ארויסקומען דאס ענדליכע? וויא האט געקענט פון דעם פאָלקאָמענעם ארויס דאס אונפאָלקאָמענע? פון דאס אייביג־גוטע און קלוגע, וויא קען ארויסקומען שלעכטס און נארישקייט? וויא האט געקענט פון דאס ריין־גייסטיגע ארויסקומען דיא גראָבע מאַ־טעריעלע וועלט? דיעזע אלע פראגען זיינען פערענטפערט געוואָרען דורך דעם פערמיטלער. וועגען דעם וועזען פון ז'עם פערמיטלער וויעדער זיינען אויסגעארבייט געוואָרען גאנצע סיסטעמען. ער זאָל עס זיין דיא ערשטע „אויס־שטראהלונג" פון גאָט גופא; אבער ער איז נאָך אלץ צו עדעל, אז אונזער מאטעריעלע וועלט זאָל קענען ארויסקומען פון איהם דירעקט. פון איהם, פון דיא ערשטע אויסשטראהלונג, זיינען פריהער ארויסגעקומען נאָך אנדערע אויסשטראהלונ־גען, און אזוי איז עס געגאנגען כסדר פון העכערען צום ניעדע־ריגערען, פון עדלערען צום גרעבערען, ביז עס איז געקומען צו אונזער וועלט. דאס איז געווען א מין עוואָלוציע, ענט־וויקלונגס־טהעאָריע, נאר אין א פערקעהרטען סדר.

דאס איז געווען בקצור דער געדאנקען־גאנג פון יענע אלע מיסטיקער, סיי פון דיא אידישע און סיי פון דיא ניט־אידישע. איהר געפינט דיזען געדאנקען־גאנג ביי די בראה־מינען, בודהיסטען, אין דיא אלטע עגיפטישע מיסטעריען, ביי דיא ניי־פיטהאגאראייער, ניי־פלאטאָניקער און דער גלייבען. דיא אידישע מיסטיקער הא־

בען בלויז געהאט א בעזונדערע שווערינקייט, וואס זיי האבען געמוזט דיעזע אלע משונה'דיגע געדאנקען, דיעזע פערמאסקירטע פיעל־געטעריי, ארייננקוועטשען און אריינ'פשט'לען אין דער תורה, וועלכע לערנט אויסדריקליך בלויז איין גאָט, א ריינעם מאָנאָטהעאיזם.

דער נאמען פון דיעזען פערמיטלער איז געווען פערשיעדען, דיא אידישע מיסטיקער האבען איהם בעצייכענט אלס דער „שרו של עולם“ (הערר פון דער וועלט), „מטטרון“, „בר־נש“ (מענשען־קינד), „אדם־קדמאה“. מאנכע, וויא דיא מקובלים פון דער שבתי־צבי'ס שוהלע, האבען זאָגאר בעהויפמעט, אז דאס איז „י ה ו ה“ גופא, דאס הייסט, אז דער אידישער גאָט איז נאר א פערמיטלער פון דעם „אין־סוף“. בייא דיא ניט־אידישע און דיא אידיש־גריכישע ניי־פלאטאניקער און ניי־פיטאגאָרייער האָט ער געהייסען „דאָס וואָרט“, „דיא חכמה“, „דיא צאָהל“ און אויך „גאָט'ס זוהן“.

דאָ איז ניט דער פּלאַץ זיך צו פערברייטען וועגען דיעזען ענין. פאר אונזער געגענשטאנד איז דיא אויבען־געגעבענע קורצע ערקלעהרונג גענוג. יעזוס האט אונטער דעם אויסדרוק „גאָט'ס זוהן“ פערשטאנען ניט א פיזיאָלאָגישען זוהן, וואס איז געבאָרען געוואָרען פון גאָט'ס א ווייב, נאר אין א גייסטיגען זינן. דיא אויסדריקע „מענשען־קינד“ און „גאָט'ס זוהן“ האט בייא איהם געמיינט דאס זעלבע, וואס דער „לאגאס“ האט געמיינט בייא דיא גריכישע מיסטיקער און וואס דער „בר־נש“ בייא דיא אלטע אידישע מיסטיקער און דער „אדם־קדמאה“ בייא דיא מקובלים.

דער פערטער עוואנגעליסט, י ו ח נ ן, פאנגט אָן זיין ערצעהלונג וועגען יעזוס'עס לעבען מיט דיא פאָלגענדע ווערטער: „פון אנפאנג איז געוועזן דאס וואָרט, און דאס וואָרט איז געוועזן ביי גאָט, און גאָט איז געוועזן דאס וואָרט. ער איז פון אנפאנג געוועזן מיט גאָט און אלץ איז דורך איהם געוואָרען און אָהן איהם וואָלט גאר ניט געוואָרען... און דאס וואָרט איז געוואָרען פלייש און האט צווישען אונז גערוהט און

מיר האבען געזעהן זיין הערליכקייט". דאָ ווערט יעזוס גע־שילדערט אַלס דער פערקערפּערטער „וואָרט", דער „לאָגאָס". דער זעלבער יוחנן רעדט פיעל מאָל אויך וועגען יעזוס'ן אַלס „דער זוהן פון גאָט". דערפון איז גאנץ קלאָהר, אז דער בעגריעף „גאָט'ס זוהן" און דער בעגריעף „וואָרט" איז ביי יוחנן איינער און דערזעלבער. דערביי איז כדאי צו בעמערקען, אז גראדע דיעזער יוחנן, וועלכער רופט יעזוס'ען שטענדיג גאָט'ס זוהן, גראדע ער דערמאָנט אַ וואָרט ניט וועגען זיין איבערנאַטירליכער געבורט. פערקעהרט, ער דערצעהלט, אז דיא אידען האָ־בען געזאָגט: „ער איז דאָך ישוע, דער זוהן פון יוסף". אום צו זיין דער פערקערפּערטער „לאָגאָס" איז ניט נויטיג צו זיין גאָט'ס א פיזיאָלאָגישער זוהן. עס איז אמת, דיא מאָדערנע קריטיקער זיינען מיט דער מיינונג, אז דיעזער יוחנן איז עס ניט דער בעליעבטעסטער תלמיד פון יעזוס'ען, נאָר אַן אנדע־רער, וואס האט געלעבט פיעל שפּעטער און איז געווען גוט בעקאנט מיט דער אַלעקסאנדרישער פילאָזאָפיע. דיעזע בע־הויפּטונג קען אבער ניט בעוויזען ווערן. עס קען זיך פונקט אזוי גוט לייגען אויפ'ן שכל, אז יוחנן דער תלמיד פון יעזוס'ען איז געווען בעקאנט מיט דיעזע געהיימע לעהרען, וויא אַן אנדער שפּעטערער יוחנן. עס קען גראדע זיין, אז דיעזער יוחנן איז געווען דער אינטעליגענטסטער פון יעזוס'עס תלמידים און האט אם בעסטען פערשטאַנען דיא כונה פון זיין רבי'ן.

וויא דיא מעשה זאָל ניט זיין, פאר'ן גרויסען עולם איז דיעזער אויסדרוק געווען אין גאנצען אונפערשטענדליך, א שרעקליכע לעסטערונג פון גאָט. דער אויסדרוק „גאָט'ס זוהן" אין גייסטיגען זינן איז נאָר געווען בעקאנט ביי א הייפעלע מיסטיקער, וועלכע האבען זייערע לעהרען דערצי־געהאלטען אין געהיים. עס איז געווען פערדרעכענט פאר אן עבירה צו דרש'ענען וועגען דיעזע ענינים אין דער עפענט־ליכקייט. יעזוס איז געווען דער ערשטער אידישער מיסטיקער, וועלכער האט דיעזע געהיימע לעהרען ארויסגעטראָגען אויפ'ן

גאָם, זיי געפּריידיגט פאר'ן פּראָסטען פאָלק, און דער בעגריעף איז דורך דעם פערגרעבט געוואָרען. ניט נאר דאס פאָלק, נאר אפילו א טהייל פון זיינע תלמידים האבען איהם ניט פערשטאנען. זיי האבען עס פערטייטשט אין דעם פשוט'ען זינן פון וואָרט. דיא אידען האבען זיך, נאטירליך, דערפון אבגעטרייסעלט אלס א גאָט'ס־לעסטערונג און א גלויבען אין פיעל־געטעריי. דיא ערשטע היידנישע קריסטען האבען עס אויך פערשטאנען אין דעם זעלבען פשוט'ען זינן, אבער פאר זיי איז אין דעם ניט געלעגען קיין שום אבשטויסענדעס...

קוים איז יעזוס געקומען צו דיעזען משונה'דיגען געדאנק, אז ער איז עס דער גאָט'ס זוהן, דער פערקערפּערטער „וואָרט“, גאָט'ס חכמה אין א מענשליכען געשטאלט, האט זיך זיין גאנצער וועזען געביטען. ער האט פון זיך אראָבגעוואָרפען אירגענד וועלכע בעשיידענהייט און האט גענומען ריידען אין א טאָן און אין א שפּראך, וואס קיין מענש האט נאך ביז איהם און אויך נאך איהם, אויסער אפשר שבתי־צבי און מאנכע חסידישע רביים, ניט געברויכט. ער האט ניט גערעדט וויא דיא נביאים, אין נאמען פון גאָט; ער האט גערעדט פון זיך, פון זיין אייגענעם נאמען, וויא ער וואָלט אליין געוועזען א גאָט. ער האלט זיך נאר אין ריהמען און הויבען און לויבען. „איך בין דאס ליכט פון דער וועלט“; „איך בין דער ערלייזער פון דער מענשהייט“; „איך בין גאָט'ס זוהן“; „איך און דער פאטער איז איינס“; „איך בין דאס ברויט פון לעבען“; „איך בין דער מן פון הימעל“; „ווער עס גלויבט אין מיר, דער ווערט ערלייזט“. „איך בין דאס לעבעדיגע ברויט פון הימעל, ווער עס עסט מיר, וועט אייביג לעבען“; „איך בין דער וועג, דיא וואהרהייט און דאס לעבען“; „קיינער קען ניט קומען צום פאטער, סיידען דורך מיר“; „מיר איז געגעבען דיא מאכט אין הימעל און אויף דער ערד“; „איך בין געוועזען איידער דיא וועלט איז בעשאפען געוואָרען“; „איך בין גרעסער פאר אלעמען“; „יוחנן דער טויפער איז דער גרעסטער צווישען מענשען, אבער דער קלענסטער אין גאָט'ס קעניגרייך

איז גרעסער פאר איהם"; „צווישען אייך געפינט זיך איינער, וואס איז גרעסער פון י ו נ ה (דעם נביא) און גרעסער פון ש ל מ ה". אזעלכע און עהנליכע פסוקים קען מען געפינען אין דיא הונדערטער. זיי געפינען זיך אויך אין דיא איבעריגע עוואנגעליומס, אבער אם מעהרסטען אין יוחנן.

אזא שפראך און אזא טאן, אזא אונערטרעגליכע זעלבסט־בעריהמעריי, האט, אויסער ביי דיא עטליכע פערקאכטע תלמידים, געמוזט ארויסרופען ערשטוינען, פערדרוס און בייזקייט. „זעה נאר, ער איז דאך עס ישוע דער זוהן פון יוסף, וועמעס פאטער און מוטער מיר קענען, וויא זאגט ער, אז ער איז אראב פון הימעל?" (יאהאנעס 6). א טהייל האבען אויף איהם מיטלייד געהאט, זאגענדיג, אז „ער איז בעזעסען פון א שד און א משוגענער*) און אז עס איז איהם ניטא וואס צו הערען" (יאהאנעס 10). אנדערע ווידער זיינען געווארען בייז און זיי האבען איהם פערווארפען מיט שטיינער, פארוואס ער מאכט זיך צום גאט (יאהאנעס 10). זאגאר „פיעלע פון זיינע תלמידים האבען זיך פון דאמאלס אן פון איהם צוריקגעצויגען, און זיינען מעהר מיט איהם ניט געגאנגען" (יאהאנעס 6).

יעזוס האט מיט „גאט'ס זוהן" געמיינט דיא פערקערפערטע חכמה פון גאט. ער רעדט וועגען איהם מיט דיא

---

*) איז דיעזען הינזיכט זיינען זיי געווען מיט דער זעלבער מיינונג, וואס מאנכע מאדערנע פסיכיאטרען, וויא, צום ביישפיעל, דאקטאר ד ז ש ו ל י ו ס ס ו ר י און ד ר. ו ו י ל ל י א ם ה י ר ש, וועלכע בעהויפטען, אז יעזוס האט געליטען פון אזא מין קראנקהייט, אזא מין משוגעת, וואס איז בעקאנט מיט דעם נאמען „פאראנאיא". זיי געפינען אין דיא דאזיגע און עהנליכע אויסדריקע כאראקטעריסטישע סימפטאמען פון דער קראנקהייט. דיעזע הערען פסיכיאטרען פערגעסען בלויז, אז יעזוס האט געלעבט מיט אריבער נייגצעהן הונדערט יאהר צוריק, אין א שרעקליך־אונרוהיגער צייט, פערטיעפט אין אלע געהיימע לעהרען. מיר היינט קענען וועגען איהם ניט אורטהיילען פון אונזער קוק. וואס פאר אונז איז משוגע, איז אין יענער צייט און אין יענע קרייזען געווען גאנץ קלאהר.

זעלבע אויסדריקע און ווערטער, וואס ווערען געברויכט אין „משלי“ און אין „בן־סירא“ וועגען דער חכמה. דיא אלע שבחים נעהמט ער ניט פאר זיך, נאר פאר גאט׳ס חכמה. דער איינציגער פעהלער איז, וואס ער נעהמט זיך פאר גאט׳ס חכמה...



.10

# דיא לעהרען פון יעזוס'ען.

פיעלע פון דיא קריסטליכע געלעהרטע און פארשער, וואס גלויבען שוין מעהר ניט אין דער געטליכקייט פון יעזוס'ן, ווערען אבער דערפאר זעהר שטארק בעגייסטערט פון זיינע מאראלע לעהרען, פון זיין עטהיק; זיי געפינען, אז דיעזע לעהרען זיינען אזוי הויך און ערהאבען, אז נאר אן איבער־מענש האט געקענט עטוואס אזעלכעס פרעדיגען. זיי דיינקען, אז אויב יעזוס איז ניט געטליך אין דעם ענגערען זינן פון דיעזען ווארט, איז ער לכל הפחות געטליך אין דעם מענשלי־כען, איבערגעטראגענעם זינן פון דיעזען ווארט; אז אויב ער איז ניט א גאט־געווארענער מענש, איז ער, לכל הפחות, א מענש־געווארענער גאט. זיי מיינען, אז ער שטעהט מעהר וויא מיט א קאפ העכער פון אלע אנדערע מאראל־פרעדיגער און רעליגיאנס־גרינדער; אז ער איז לגבי זיי אלעמען וויא א גאט לגבי מענשען.

דיעזע מיינונג ביי קריסטליכע געלעהרטע איז פער־שטענדליך און פערצייהליך. טהייל נעהמט זיך דערפון, וואס זיי זיינען ניט גענוי בעקאנט מיט דיא קוועלען, פון וועלכע יעזוס האט געשעפט זיינע לעהרען און הויפטזעכליך דערפאר, וואס מענשען, וועלכע האבען איינגעזויגען דעם קריסטענטהום מיט זייערע מוטער'ס מילך און האבען פערבראכט זייערע קינדער־יאהרען אין דער קריסטליכער טראדיציע, קענען זיך

דערפון ניט אין גאנצען בעפרייען אפילו דאן, ווען זיי זיינען שוין מעהר נ י ט קיין גלויביגע. דערמיט קען אויך ער־קלערט ווערען, וואס זאגאר אזעלכע געלעהרטע, וויא ד ע־ ל י ט ש, ר ע נ א ן, ש י ר ע ר, ה א ר נ א ק און פיעלע אנדערע, וואס זיינען ווילענדיג־ניט־ווילענדיג געצוואונגען מודה צו זיין, אז דיא מאראל־לעהרען פון יעזוס'ן זייגען עם דיא מאראל־לעהרען פון דעם יודענטהום, ווענדען אן אלע מיטלען וויא אזוי זיך ארויסצודרעהען פון דיעזער גאנץ אונ־אנגענעהמער לאגע פאר זיי. אויב אבער אזא קוק אויף יעזוס'ן איז פערשטענדליך ביי דיא קריסטליכע געלעהרטע, איז עס גאנץ אונפערשטענדליך, ווען מאנכע אידישע שרייבער פאלען אויך אריין אין דעם זעלבען טעות און ווערען שטארק נתפעל פון יעזוס'ען און זיינע לעהרען, אזוי וויא דיעזע לעהרען וואל־טען ווירקליך געוועזען נייע.

שוין אבגעזעהן דערפון, וואס דיעזע אלע מאראל־לעה־רען זיינען אין תוך גענומען אלמענשליך און זיי געפינען זיך אין אזא אדער אין אן אנדער פארם אין אלע רעליגיאנען און אין אלע סיסטעמען פון מאראל, אפילו אין דיא געצענדיענע־רישע; שוין אבגעזעהן דערפון, זיינען אבער דיא לעהרען פון יעזוס'ן אין גאנצען איבערגענומען געווארען, אין פיעלע שטעלען זאגאר פשוט ק א פ י ר ט געווארען, פון דעם יודענטהום.

דיעזע לעהרען קענען אם בעסטען איינגעטהיילט ווערען אין צוויי הויפט־טהיילען: 1) דיא בעציהונגען צווישען גאט און מענשען און 2) דיא בעציהונגען צווישען מענש און מענש.

1) צווישען גאט און מענשען. דיא בע־ציהונגען פון גאט צום מענשען זיינען וויא פון א פאטער צו א קינד. גאט איז אונזער פאטער אין הימעל (מאנכעס מאל ווערען זיי אין עוואנגעליום אויך פערגליכען וויא פון א העררר צו א שקלאף). דיעזער בעגריעף איז אן אלט־העברעאישער און, לויט דעם ענגלישען געלעהרטען ר א ב ע ר ט ס א ן ס מ י ט ה אין זיין ווערק „סעמיטישע רעליגיאנען“, זאגאר

אן אלט־סעמיטישער. דער וואָרט „אב" אין העברעאיש מיינט ניט בלויז פאטער אין פיזישען זינן, נאר ער מיינט אויך „עלטסטער", „הערשער" און „הויפּט". דיעזער בעגריף שטאמט פון דער צייט, ווען דיא מענשליכע געזעלשאַפט איז נאָך געווען אין דעם פּאַטריארכאַלישען צושטאנד, ווען מענשען האָבען געלעבט אין פאמיליען און דער פאטער איז געווען דער עלטסטער, דער הערשער און דער הויפּט פון דער פאמיליע. ער האט געהאט צו זאָגען איבער'ן לעבען און טוידט פון יעדען איינעם מיטגליעד פון דער פאמיליע, דאס הייסט, פון דער גאנצער דאמאָלסדיגער געזעלשאפט. אין דיעזען זינן איז גאָט דער פאָטער, דער הערשער, פון דער פאמיליע.

שפּעטער, אין דער וויטערער ענטוויקלונג פון דער מענשליכער געזעלשאפט, האָבען זיך די פאמיליען פערצווייגט און פערגרעסערט און געבילדעט מיט זיך גאנצע שטאמען; נאָך שפּעטער זיינען פון די שטאמען געוואָרען גאנצע פעלקער. דער הערשער פון דער פאמיליע איז דאן געוואָרען דער הערשער פון דעם גאנצען שטאם און שפּעטער אויך דער הערשער פון פאָלק. דער הערשער פון פאָלק איז דאמאלס געוואָרען א „מלך", א קעניג. דער גאָטעס־בעגריף איז צוזאמען דערמיט געוואקסען פון א פאמיליען־גאָט צו א נאציאָנאלען גאָט. ער האט אויך געקראגען דעם טיטול „מלך". מאנכע סעמיטישע שטאמען האבען טאקע זייערע געטער גערופען „מלך" (דאס איז עס דער מאָלאָך) און „בעל", וואס מיינט אויך הערשער.

דיזער בעגריף ווענגען גאָט אלס פאָטער שטאמט נאָך פון יענע אלטע צייטען. די אלטע העברעער האָבען אויך אזוי געגלויבט, אָבער אין דעם תנ"ך, אפילו אין זיינע עלטסטע טיילען, איז דיזער בעגריף שוין א גאנץ עדעלער, א גייסטיגער. „אין דער ביבעל איז ישראל גאָט'ס זוהן, און גאָט איז דער פאָטער, וואס האט איהם בעשאפען, אבער נ י ט ד ו ר ך א פּ י ז י ש ע ן פּ ר א צ ע ס. ישראל איז גאָט'ס זוהן דורך גאָט'ס גנאדע. און כאָטש מען קען זאָגען: „איהר זייט דיא קינדער פון גאָט", מיינט עס אבער בלויז ד י א ג א נ צ ע

נ א צ י א ן. דער איינצעלנער האט ניט קיין רעכט זיך צו רופען גאָט׳ס א זוהן. אין דיא היידנישע רעליגיאָנען ווערט גאָט בעטראכט אלס א פיזישער פאטער" (סעמיטישע רעלי־גיאָנען, ראבערטסאָן סמיטה).

דיא ביבעל איז פול מיט אויסדריקע, וואס ריידען פון אידישען פאָלק אלס גאָט׳ס זוהן. מ ש ה קומט צו פרעה׳ן און זאָגט אין גאָט׳ס נאמען: „ישראל איז מיין עלטסטער זוהן, שיק ארויס מיין זוהן מיר צו דיענען" (שמות ד׳, כ"ג, כ"ד). „קינדער זייט איהר צו גאָט, אייער גאָט (דברים י"ד, א). „ער איז דאָך דיין פאטער" (דברים ל"ב, ו׳). „דו גאָט ביסט דאָך אונזער פאטער" (ישעיה ס"ג). „פון מצרים האב איך גערופען מיין זוהן" (הושע י"א). מען האט געקענט ברייננ־גען פיעלע אזעלכע ביישפיעלע, אבער דיעזע וועניגע זיינען גענוג צו בעווייזען, אז דער געדאנק, דאָס דיא בעציהונגען צווישען גאָט און מענשען זיינען וויא פון א פאטער צו א קינד, איז ביי אידען א גאנץ אלטער. ס׳איז אמת, אז פון אָנפאנג האָט זיך עס בעצויגען בלויז אויף׳ן אידישען פאָלק, אבער שפעטער, ווען דער בעגריעף פון אן אל־וועלטליכען גאָט איז געוואָרען רייף ביים אידישען פאָלק, האט ער זיך אויך בע־צויגען אויף דער גאנצער מענשהייט: „מיר האבען דאָך אלע איין פאטער, איין גאָט האט אונז בעשאפען, ווארום זאָל א מאָן זיין ברודער שלעכטעס טהאָן". אז גאָט איז א פאטער, זיינען דיא מענשען צווישען זיך ברידער און דארפען דארום איינע דיא אנדערע בעהאנדלען וויא ברידער—דאס איז דער גאנצער זינן פון גאָט׳ס פאטערשאפט. דאס קריסטענטהום האט אין דיעזען הינזיכט קיין נייעס ניט אויפגעטהאָן, אויסער אפשר וואס דיעזער בעגריעף איז דורך דיא היידנישע קריסטען פערגרעבט געוואָרען. ביי זיי איז יעזוס געוואָרען א פיזישער גאָט׳ס זוהן...

ליעבע צו גאָט ווערט ביי יעזוס׳ען בעטראכט אלס דיא גרעסטע מצוה און דערביי ברייננגט ער דעם פסוק פון חומש: „און דו זאָלסט ליעב האבען גאָט דיין גאָט מיט דיין גאנצען

הארצען, מיט דיין גאנצע נשמה און מיט דיין גאנצען פערמעגען". דיזער פסוק, וואס יעזוס ציטירט איז ניט דער איינציגער, עס געפינען זיך נאך פילע אזעלכע פסוקים, סיי אין חומש און סיי ביי דיא נביאים, וואס ריידען פון ליעבע צו גאט. אז ליעבע צו גאט מיינט ליעבע צו דיא מענשען, האט דאס יודענטהום שארפער ארויסגעבראכט וויא יעזוס און זיינע תלמידים. אויף דעם פסוק: „ליעב צו האבען גאט אייער גאט, צו געהן אין אלע זיינע וועגען און זיך צו בעהעפטען אין איהם" (דברים י"א, כ"ב) זאגט דער תלמוד: „וויא איז עס מעגליך זיך צו בעהעפטען אין איהם? נאר מעןדארף זיך בעהעפטען אין זיינע מדות: „אזוי וויא ער איז בארמהערציג, אזוי זאלט איהר זיין בארמהערציג; אזוו וויא ער איז לייטזעליג, אזוי זאלט איהר זיין לייטזעליג". ווען יעזוס זאגט: „זייט פאלקאמען וויא אייער פאטער אין הימעל איז פאלקאמען", איז עס אויך ניט מעהר וויא דער פסוק „זייט הייליג, ווארום איך אייער גאט בין הייליג".

מאנכער קען זאגען, אז דער אידישער גאט איז א גאט פון ראכע, וועהרענד דער גאט פון יעזוס'ען איז א גאט פון ליעבע. דער אמת איז, אז יעזוס'עס גאט איז פיעל ראכעזיכטיגער, וויא דער אידישער צו דיא, וואס געהען ניט אין זיינע וועגען. פאר דיא וואס גלויבען ניט אין יעזוס'ען איז אנגעגרייט א ברענענדיגער פייער, וואו זיי וועלען אייביג ברענען, וועהרענד דער תלמוד פערשפרעכט עולם־הבא צו פרומע ניט־אידען (חסידי אומות־העולם). דער גאט פון דער תורה נעהמט ראכע פאר שלעכטס פון דריטען און פערטען דור. דיא נביאים ירמיה און יחזקאל לייקענען עס שוין ענטשיעדען אב און בעהויפטען, אז „יעדער ליידט בלויז פאר זיינע זינד". יעזוס, דאגעגען, סטראשעט זיינע צייט־גענאסען וואס ווילען איהם ניט אנערקענען, מיט דיא דאזיגע ווערטער: „כדי עס זאל געפאדערט ווערען פון דיזען דור דאס בלוט פון אלע נביאים, וואס איז פערגאסען געווארען זינט דיא וועלט איז געגרינדעט גע־

וואָרען. פון דאס בלוט פון הבל ביז דאס בלוט פון זכריה" (לוקוס 11, 50, 51). דאס הייסט, אז זיין, יעזוס'עס דור, וועט ליידען פאר דיא זינד פון מעהרערע דורות פון פריער. איבריגענס, דאָס קריסטענטום איז אין גאנצען געגרינדעט אויף דעם גלויבען, אז דיא גאַנצע מענשהייט איז פעראונרייניגט געוואָרען און האט געדאַרפט ליידען פאר דיא זינד פון „אדם הראשון". דיא גאַנצע וועלט, אלזאָ, ליידעט פאר דיא זינד פון איין מענשען.

יעזוס האט ניט בעקעמפפט קיין קרבנות, יעדענפאַלס ניט אין אָנפאנג פון זיין טהעטיגקייט. ער שיקט דעם אויסגעהיילטען קרעציגען ברייננגען דעם קרבן אין בית־המקדש. ער אַליין עסט דעם קרבן־פסח. אמת, דאָ און דאָרטען איז ער געגען קרבנות, אָבער דאָס צו בעווייזען ברייננגט ער וויעדער פסוקים פון תנ"ך. אויב מען זאָל אורטהיילען פון דיא אנערקענטע עוואַנגעליומס, איז יעזוס ווייט ניט אזוי שטארק ארויסגעטראָטען געגען קרבנות וויא א ישעיה אדער א ירמיה. דער לעצטער לייקענט אין גאַנצען אָב, אז גאָט האָט ווען געהייסען ברענגען קרבנות: „וואָרים איך האב ניט גערעדט מיט אייערע עלטערען און איך האב זיי ניט פערזאָגט, ווען איך האב זיי ארויסגעצויגען פון מצרים וועגען קרבנות (ירמיה ז' כ"ב.) אין זיין קוק אויף קרבנות האָט יעזוס זיך וועניג אונטערשיידעט פון דיא אידישע סעקטע עססעער. איבריגענס, זיינע שפּעטערע תלמידים האבען איהם גופא בעטראַכט אַלס א קרבן, טאקע אן אמת'ער קרבן, פאר דיא זינד פון דעם ערשטען מענשען. לויט דעם קומט גאר אויס, אז גאָט האט גאר געדאַרפט האבען א מענשליכען קרבן, און ניט סתם א פשוט'ן מענשען, נאר דערצו זיין אייגענעם זוהן... וואס מען זאָל ניט זאָגען וועגען דיא קרבנות ביים אידישען פאָלק, איין זאך איז זיכער, אז מענשליכע קרבנות איז שוין לאַנג צוריק אויפגעגעבען געוואָרען. דאס בעווייזט אם בעסטען דיא לעגענדע ווע־

גען **אברהם** און זיין זוהן **יצחק**, וואו דער מלאך פון הימעל האט אברהם'ען דערפון אבגעהאלטען און האט איהם אנשטאט דעם אנגעצייגט אויף א באראן.

יעזוס האט אויך ניט בעקעמפפט דעם פאסטען. ווען דיא תלמידים פון **יוחנן** האבען איהם געפרעגט: „וואַרום טהוען מיר און דיא פרושים פיעל פאסטען, ווערענד דיינע תלמידים פאסטען ניט?“ האט ער געענטפערט: „דיא איינגעלאדענע געסט צו דער חופה קענען ניט טרויערען, ווען דער חתן איז מיט זיי. ווען דער חתן וועט פון זיי אוועקגענומען ווערען, דאן וועלען זיי פאסטען“. אין אן אנדער פלאץ ווארנט ער זיינע תלמידים, אז זיי זאלען זיך ניט בעריהמען מיט זייער פאסטען (מאטהעאוס, 6). געגען דעם פאסטען גופא אבער, געגען דעם פרינציפ פון פאסטען, האט יעזוס גאר ניט געהאט וואס אויסצוזעצען. ער האט זיך ניט דערהויבען צום געדאנק, אז גאט דארף איבערהויפט קיין פאסטען ניט, אז גאט האט ניט קיין הנאה, ווען א מענש פייניגט זיך, אז פאסטען האט א זינן נאר דאן, ווען ער איז בעגלייט מיט גוטע מעשים און גערעכטיגקייט. און דאך, האט זיך שוין געפונען ביי אידען פיעל פריהער פאר יעזוס'ען א מענש, וואס האט דיעזען געדאנק אזוי שארף און קלאהר אויסגעדריקט. אט וואס **ישעיה** זאגט וועגען פאסטען: „איז דען דאס דער תענית וואס איך בעגעהר, אז א מענש זאל זיך פייניגען? איינבויגען דעם קאפ וויא א וואסער־שטעקעל און אין זאק און אין אש זיך אויסבעטען — איז דען דאס דער תענית וואס גאט פערלאנגט? ניין, אט דאס איז דער תענית, וואס איך ווינש: מאך לויז דיא בענדער פון פערברעכען, וויקעל פערנאנדער דעם קנויל פון אונרעכט. שיק ארוים פריי דיא אונטערדריקטע און יעדען יאך צוברעך. גיב דעם הונגעריגען דיין ברויט, דעם פערוואגעלטען ארעמאן נעהם אריין ביי זיך אין הויז; דו זעהסט א נאקעטען, בעקלייד איהם און פון דיין אייגען לייב זאלסטו זיך ניט פערבארגען“ (ישעיה נ"ח). זאגאר צווישען דיא שפעטערע תלמודיסטען האט זיך געפונען

איינער, וואס איז ארוים מיט דער בעהויפטונג, „אז דער וואס פאסט בעגעהט א זינד“.

יעזוס האט ניט געהאט אזעלכע „ראדיקאלע“ געדאנקען. ער איז געווען א קינד פון זיין צייט, א צייט פון נאציאנאלען אונטערגאנג און צופאלען. דיא שרעקענס־צייט, וואס דאס אידישע פאלק האט דאמאלס דורכגעלעבט איז וויא א שווערע לאסט געפאלען אויף דיא געמיטהער פון גאר פיעלע, וועלכע האבען אין זייער פערצווייפלונג זיך אין גאנצען אבגעזאגט פון דיעזער וועלט און געווארט אויף יענער וועלט. יעזוס איז געווען איינער פון זיי און ער האט דארום אלץ גערעדט וועגען דיא קומענדע וועלט, וועגען „עולם־הבא“, וועגען „גאט׳ס קעניגרייך“. ער איז געשטאנען אויפ׳ן זעלבען שטאנדפונקט פון יענע תלמודיסטען, אז „דיא וועלט איז נאר א פארהויז לגבי דיא קומענדע וועלט; פערפערטיג זיך אין פארהויז, כדי דו זאלסט קענען אריינקומען אין פאלאסט“. א גרויסע טהייל פון זיינע בעריהמטע משלים דריקען אויס דיעזען געדאנק, וויא צום ביישפיעל, דער משל מיט דיא צעהן יונגפרויען (מאטהעאוס 25).

יעזוס האלט זעהר פיעל פון תשובה טהאן און פון דיא אונענדליכע בארמהארציגקייט פון גאט, וועלכער איז אימער גרייט צו פערגעבען דעם זינדיגען. אויף דעם האט ער זיין בעריהמטען משל וועגען דעם זינדיגען זוהן, וועלכער ווערט פון פיעלע בעטראכט אלס דאס גרעסטע און דאס שעהנסטע, וואס יעזוס האט ווען געזאגט. מיר וועלען דא איבערגעבען דעם משל בקצור: „געווען א מאן, האט געהאט צוויי זיהן. דער אינגערער האט גענומען ביים פאטער זיין חלק ירושה און איז אוועקגעפאהרען אין א ווייטע לאנד. אויפ׳ן וועג האט ער פערהולטעוועט זיין פערמעגען. און ווען גאר זיין געלד איז אויסגעגאנגען, איז געווען א הונגער אין לאנד. האט ער זיך געמוזט פערדינגען צו פיטערען חזירים. ער האט זיך געוואלט זעטיגען מיט דיא באקסארען, וואס דיא חזירים עסען, האט מען איהם ניט געלאזען. דאן האט ער זיך דערמאנט, אז ביי

זיין פאטער זיינען דא אזוי פיעל ארבייטער, וועלכע האבען גענוג צו עסען און ער מוז הונגערען. ער האט בעשלאסען צו געהן צו זיין פאטער און איהם צו זאגען: איך האב גע־זינדיגט פאר'ן הימעל און פאר דיר. איך בין ניט ווערטה צו רופען זיך דיין זוהן, מאך מיר פאר איינעם פון דיינע געדונ־גענע. ער איז נעגאנגען צום פאטער, און וויא נאר דער פא־טער האט איהם דערזעהן, האט ער אויף איהם רחמנות געקרא־גען, איהם געפאלען אויפ'ן האלז און געקושט. דער פאטער האט געהייסען ברייגגען דעם בעסטען בגד, אנגעטהאן איהם א רינג אויפ'ן פינגער און שיך אויף דיא פיס. ער האט אויך געהייסען שלאכטען דעם פעטסטען קאלב. לאמיר עסען און פרעהליך זיין, ווארום דיעזער זוהן מיינער איז געוועזן טוידט און איז לעבעדיג געווארען. ווען דער עלטערער זוהן איז גע־קומען פון פעלד און האט געזעהן, וואס פאר א וועזען דער פאטער מאכט מיט'ן ברודער, האט עס איהם פערדראסען. פטייטש, האט דער עלטערער ברודער גע'טענה'ט, איך האב דיר אזוי לאנג געדיענט טריי און האב קיינמאל ניט איבערגע־טראטען דיין פערבאט, און דו האסט מיר קיינמאל ניט געגע־בען אפילו א ציעגעלע זיך צו פרעהען מיט מיינע פריינד. און איצטער, אז עס איז געקומען דיעזער זוהן דיינער, וואס האט פערהולטעוועט זיין פערמעגען, האסטו פאר איהם גע־לאזט שלאכטען דיא פעטסטע קאלב. דער פאטער האט גע־ענטפערט: „מיין זוהן, דו ביסט תמיד מיט מיר, אלץ וואס איז מיינע איז דיינע. מיר דארפען זיך פרעהען, וואס דיעזער ברודער דיינער איז טוידט געוועזן און איז לעבעדיג געווארען, פערלארען און איז געפונען געווארען" (לוקס 15).

דער נמשל פון דיעזען משל איז, אז גאט וויל און ער פרעהט זיך, ווען דער רשע טהוט תשובה. דיעזער געדאנק איז ארויסגעזאגט געווארען פיעל פריהער פון יעזוס'ן. שוין דיא נביאים האלטען שטענדיג אין איין רופען דעם אידישען פאלק צו תשובה: „קעהרט זיך אום, פערווילדעטע קינדער", רופט ירמיה. „איך וויל ניט דעם טוידט פון דעם, וואס דארף

שטארבען, טהוט תשובה און לעבט", זאגט יחזקאל. „קעהר זיך אום ישראל צו דיין גאט, ווארום דו ביסט געשטרויכעלט געוואָרען אין דיינע זינד", זאגט הושע. אזעלכע ביישפיעלע קען מען ברייננען אין דיא הונדערטער. ישעיה געהט נאך ווייטער, גאט ווערט פערגעבען דיא זינד אפילו אהן תשובה: „איך, איך וועל פערמעקען דיינע פערברעכען פון מיינט־וועגען און דיינע זינד וועל איך ניט געדיינקען". „זוכט גאט ווען ער איז צו געפינען, רופט איהם ווען ער איז נאהענט. זאל דער שלעכטער פערלאזען זיין וועג און דער אונגערעכטער זיינע געדאנקען. זאל ער זיך אומקעהרען צו יהוה און ער וועט זיך דערבארימען אויף איהם, און צו אונזער גאט, וועלכער פערצייהעט פיעל".

דער תלמוד און דיא מדרשים זיינען פול וועגען דיא גרויסקייט און וויכטיגקייט פון תשובה. דער בעל תשובה איז זאגאר גרעסער פאר דעם צדיק — דאס איז דער זעלבער גע־געדאנק אין יעזוס'עס משל, וואו דער שלעכטער זוהן קריגט די פעטסטע קאלב. איבריגענס, דער משל גופא מיט קליינע ענ־דערונגען געפינט זיך אין מדרש: א גרויסער שרה האט אמאל געהאט א זוהן, וועלכער איז אראב פון וועג און האט זיך אנגעפאנגען חבר'ן מיט אן אויסוואורף, ווען ער האט אנגערופען מיין העדר און מיין פאטער. דער פאטער האט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער געוואָרען בייז אויפ'ן זוהן און האט איהם ניט געוואלט זעהן. אין א געווויסער צייט ארום איז דער זוהן קראנק געוואָרען. ער האט געבעטען, אז מען זאל שיקען רופען זיין פאטער איהם צו זעהן. איז מען געקו־מען זאגען דעם פאטער. דער פאטער האט גלייך רחמנות געקראגען אויפ'ן זוהן און איז צו איהם געגאנגען (שמות רבה, מ"ו). דארטען געפינט זיך נאך א משל, וועגען דיא זיהן פון א ריכטער, וואס האבען זיך בעהעפט מיט שלעכטע מענ־שען און ווען דער פאטער איז ענדליך אלץ מוחל. נאך א משל ווערט איבערגעגעבען פון רבי מאיר: געוועזן אמאל א פרינץ, וואס האט אנגעפאנגען פיהרען אן אונאנ־

שטענדיגען לעבען און זיך חבר'ן מיט אלע אויסוואורפען. דער קעניג שיקט צו איהם א שליח מיט דער בקשה: מיין זוהן, האב חרטה און בעסער אוים דיינע וועגען. דער זוהן ענטפערט דורך דעם שליח: „פאטער, איך שעהם זיך, איך האב אזוי פיעל געזינדיגט געגען דיר, אז איך שעהם זיך צו ווייזען מיין פנים". דער פאטער שיקט דאן צוריק דעם שליח: „קינד מיינער, פאר'ן פאטער שעהמסטו זיך, בין איך דען ניט דיין פאטער?"

* * *

דיא לעהרען פון יעזוס'ן בנוגע דיא בעציהונגען צווישען גאט און מענשען זיינען דיא לעהרען פון דעם יודענטהום פון זיין צייט. אונז בלייבט צו זעהן, וויא שטעהט עס מיט דיא בעציהונגען צווישען מענש און מענשען.

---

2) צווישען מענש און מענשען. דיא צווייטע גרויסע מצוה, לויט יעזוס, איז: „דוא זאלסט ליעב האבען דיין חבר וויא זיך זעלבסט". אויף דיעזע צוויי מצוות, ליעבע צו גאט און ליעבע צו מענשען, הייענגט אב דיא גאנצע תורה און דיא נביאים" (מאטהעאוס 22). אין א צווייטען פלאטץ: „דערום אלץ וואס איהר ווילט, אז מענשען זאלען אייך טאהן, טהוט איהר אויך זיי, דען דאס איז דיא תורה און דיא נביאים" (מאטהעאוס 7, 12).

אויך דא האט יעזוס גאר קיין נייעס ניט געזאגט. ער גופא ברייננגט טאקע דארטען דעם פסוק פון דער תורה „ואהבת לרעך כמוך" — און דו זאלסט ליעב האבען דיין חבר וויא זיך זעלבסט. אבער דאס איז ניט דער איינציגער פסוק אין דער תורה. עס געפינט זיך א צווייטער פסוק, וואו דיעזער געדאנק ווערט נאך שארפער אויסגעדריקט: „אזוי וויא א בירגער פון אייך זאל אייך זיין דער פרעמדער, וואס וואהנט מיט אייך; דוא זאלסט איהם ליעב האבען וויא זיך". מען דארף אלזא ליעב האבען וויא זיך זעלבסט ניט בלויז דעם חבר, ווי דאס ווילען אויסטייטשען

דעם ערשטען פסוק דיא קריסטליכע געלעהרטע, וועלכע ווי־לען דוקא האבען, אז יעזוס איז געווען דער ערשטער וואס האט געפריידיגט ליעבע צו אלעמען, נאר אויך דעם פרעמדען.

דיא בעהויפטונגען, אז ליעבע צו דיא מענשען איז דיא גאנצע תורה, איז געווען אן אלטער כלל ביי דיא אידען. דער בעריהמטער „גאלדענער כלל" פון יעזוס'ען איז פריהער פארמולירט געווארען פון הלל'ען אין דיא פאל־גענדע ווערטער: „וואס דוא ווילסט ניט, אז מען זאל דיר מאהן, זאלסטו ניט טאהן יענעם, דאס איז די גאנצע תורה" דיעזער כלל געפינט זיך אין נאך אן עלטערע קוועלע — (טוביה 4, 15).

„דוא זאלסט ליעב האבען דיין חבר וויא זיך זעלבסט, דאס איז דער גרויסער כלל אין דער תורה", זאגט רבי עקיבא. „אז דער מענש איז בעשאפען געווארען אין גע־שטאלט פון גאט (און דארף דארום בעהאנדעלט ווערען וויא גאט) איז א גרעסערער כלל", זאגט בן־עזאי. אזעלכע מאראל־שפריכע קען מען געפינען אין דיא הונדערטער אין די תלמודים און אין דיא מדרשים. דאס זיינען געווען אלגעמיין בעקאנטע און אלגעמיין אנגענומענע לעהרען מיט וועלכע יעזוס האט זיך בענוצט, פונקט וויא עס האבען געטהאן דיא אידישע געלעהרטע פאר און נאך איהם. יעזוס האט דא גאר ניט אויפגעטהאן, קיין נייען ווארט ניט געזאגט, וויינינגסטענס ניט פאר דיא אידען. פאר זיי זיינען זיי ניט ניי געווען.

עס איז אמת אין איין פלאטץ ווערט געבראכט אין יע־זוס'עס נאמען: „איהר האט געהערט, אז עס איז געזאגט געווארען, און דוא זאלסט ליעבען דיין חבר און פיינט האבען דיין שונא" (מאטהעאוס 43,5), אבער יעזוס האט דאס קיינ־מאל ניט געקענט זאגען, ווייל אזא פסוק געפינט זיך ניט אין ערגעץ, ניט אין דער תורה און ניט אין דיא נביאים; דאס איז א פשוטע פעלשונג פון דיא שפעטערדיגע

עוואנגעליסטישע שרייבער. דער אמת איז, אז דיא תורה זאגט אויסדריקליך, אז מען טאר קיין ראכע ניט נעהמען; אז מען טאר ניט טראגען אויף אימיצען א שנאה; אז דעם שונא'ס בהמות פערבלאנדזשען דארף מען זיי ברייגגען צו זייער בעל־הבית; אז דעם שונא'ס עזעל פאלט אונטער זיין משא, מוז מען איהם העלפען. זיין לעהרע: „טהוט גוטס צו אייערע פיינד און בעט פאר אייערע בעליידיגער און פערפאלגער" (מאטעאוס 44,5) איז גענומען ווארט אין ווארט פון די „צואה פון דיא צוועלף שבטים": „אויב איינער וויל דיר טהאן שלעכטס, טהו איהם גוטס, און בעט פאר איהם, אז ער זאל נצול ווערען פון א זינד" (דיא צואה פון יוסף 2, 18).

דיא אנוועגדונג, אז דיא אידען האבען שעהן געפריידיגט, אבער שלעכט געהאנדעלט, קען אפשר זיין בערעכטיגט, אבער וועגען דעם ווערט דא ניט גערעדט. דיא קריסטען דארפען אי־בערהויפט זיין דיא לעצטע צו קומען מיט אזעלכע טענות. זיי זיינען אין דיעזער הינזיכט פיעל גרעסערע זינדער, וויא דיא אידען. פון י ע ז ו ס' ע ס מאראל־לעהרען, פון דיא א י ד י ש ע מאראל־לעהרען, איז ביי זיי געבליבען נאר פוסטע פראזען, וואס האבען אין גאנצען פערלארען זייער ווערטה און אינהאלט. דאס לעבען, צי דער אידישער, צי דער קריסטליכער, ווערט איבערהויפט ניט געפיהרט פון שעהנע דרשות און זיסע מאראל־לעהרען. עס זיינען דא עקאנא־מישע, פאליטישע, נאציאנאלע און אלערליי אנדערע עלעמענ־טען, וואס בעשטימען דיא מענשליכע אויפפיהרונג, אין א בעשטימטער צייט. וויכטיג פאר אונז איז דא ניט וויא דיא אידען האבען זיך דאמאלס אויפגעפיהרט אין זייער פראק־טישען לעבען, צי זיי האבען אבגעהיט זייערע שעהנע מאראל־לעהרען אדער ניט. וויכטיג איז בלויז, אז דיעזע לעהרען זיינען געווען אידישע און אז פאר דיא אידען האט יעזוס קיין נייעס ניט געזאגט.

און, לעזט מען אויפמערקזאם דיא עוואנגעליען, מוז מען איבערראשט ווערען פון דיא מערקווירדיגע עהנליכקייט, וואס

עס עקזיסטירט צווישען זייערע לעהרען און דיא לעהרען פון דיא אידישע געלעהרטע. זיי זיינען עהנליך ניט בלויז לויט דעם אינהאלט, נור אויך לויט דיא אויסדריקע. אין דיא עוואנגעליומס געפינען זיך הונדערטע פאלקס־ווערטלאך און עפיגראמען, וואס זיינען צו־ווארפען און צושפרייט אין דיא אפאקריפען, תלמודים און מדרשים. זיי קומען כמעט מיט דיא זעלבע ווערטער. דיא קליינע ענדערונגען נעהמען זיך דערפון וואס אין עוואנגעליום זיינען זיי איבערזעטצונגען, ווערענד דיא אידישע זיינען דיא אריגינעלע.

| עוואנגעלישע. | אידישע. |
| --- | --- |
| זעליג זיינען דיא בעשיידענע דען זיי וועלען ערבען דיא ערד (מאטהעאוס 5, 5). | ...דיא בעשיידענע וועלען ערבען דיא ערד (תהילים ל"ז, כ"א). |
| זעליג זיינען דיא רחמנים, מען וועט אויך זיי רחמנות האבען (מאטהעאוס 5, 7). | דער וואס האט רחמנות אויף אנדערע האט מען פון הימעל אויף איהם רחמנות (שבת קנ"א). |
| ווארום זעהסטו דעם שפענדעל אין דיין ברודער'ס אויג און זעהסט ניט דעם באלקען אין דיינע אייגענע אויגען (מאטהעאוס 7). | ער זאגט איהם נעהם ארויס דעם שפענדעל פון דיין אויג, קען ער איהם ענטפערען, נעהם ארויס דעם באלקען פון דיין אויג (בבא בתרא ט"ו). |
| פערורטהיילט ניט, כדי מען זאל אייך ניט אורטהיילען; וויא איהר משפט אנדערע, אזוי וועט מען אייך משפט'ן (מאטהעאוס 7). | וויא איינער אורטהיילט דעם אנדערען אזוי אורטהיילט מען איהם (סוטה ה'). דער וואס אורטהיילט זיין חבר צום גוטען אורטהיילט מען איהם צום גוטען (שבת קכ"ז). |
| אויב איהר וועט פערגעבען די מענשען זייערע זינד, וועט אייער פאטער אין הימעל אייך פערגעבען (מאטהעאוס 6). | דער וואס לאזט איבער דאס זייניגע, יענעם ווערט פערגעבען אלע זיינע זינד (יומא כ"ג). |
| דער שבת איז געשאפען פאר'ן מענשען, ניט דער מענש פאר'ן שבת (מארקוס, 2). | דער שבת איז געגעבען צו אייך, ניט איהר צום שבת (מכלתא, כי תשא). |
| ווען דו גיסט צדקה, זאל דיין לינקע האנד ניט וויסען וואס דיין רעכטע טהוט (מאטהעאוס, 6). | דער וואס גיט צדקה דארף ניט וויסען צו וועמען; דער נעהמער דארף ניט וויסען פון וועמען (בבא בתרא י'). דער וואס גיט צדקה פערבארגענערהייט איז גרעסער ווי משה רבינו (בבא בתרא ט„). |

| עוואנגעלישע. | אידישע. |
| --- | --- |
| דער וואס רופט זיין ברודער „ריקא“ איז א רשע; דער וואס רופט איהם נאר, פאלט אריין אין פייער פון גיהנם (מאטהעאוס 5, 25). | עס איז בעסער פאר א מענשען זיך אריינצואווארפען אין קאלך־אויוועז, איידער צו בעליידיגען זיין חבר עפענטליך. (בבא מציעא נ"ט). דער וואס פערשעהמט זיין חבר עפענטליך איז גלייך וויא ער וואלט פערגאסען זיין בלוט (בבא מציעא נ"ה). דער וואס פאטשט זיין חבר אין באק איז גלייך וויא ער וואלט פאטשען דיא שכינה. דער וואס הויבט א האנד אויף זיין חבר איז א רשע (סנהדרין נ"ח). |
| זעליג זיינען דיא שלום־מאכער, ווארום זיי ווערען אנגערופען גאט'ס קינדער (מאטהעאוס 5). | דיא וואס ליעבען שלום ווערען אנגערופען גאט'ס קינדער (ספרי, ראה). גרויס איז דער שלום, ווייל גאט'ס נאמען איז שלום (ספרא, בחוקותי). |
| דער וואס דערהויבט זיך וועט דערניעדריגט ווערען; דער וואס דערניעדריגט זיך וועט דערהויבען ווערען (לוקום 18, 15). | דער וואס דערניעדריגט זיך וועט איהם גאט דערהויבען; דער וואס דערהויבט זיך, וועט איהם גאט דערניעדריגען (עירובין י"ג). |
| דיינע ווערטער וועלען דיר רעכטפערטיגען; דיינע ווערטער וועלען דיר בעשולדיגען (מאטהעאום 12). | דיינע טהאטען וועלען דיר דער־נעהענטערען; דיינע טהאטען וועלען דיר דערווייטערען (עדיות). |
| דערקענסט דעם בוים אן זיינע פרוכט (מאטהעאוס 12). | אונזערע פרוכט זאגען אויף אונז עדות (ברכות ט"ז). |
| זאל אייער ווארט זיין יא, יא; ניין, ניין (מאטהעאוס, 5). | זאל דיין „יא“ זיין עהרליך און דיין „ניין“ עהרליך (בבא מציעא מ"ט). |
| אומזיסט האט איהר נעקראגען, אומזיסט זאלט איהר געבען (מאטהעאוס, 10). | אזוי וויא איך האב נעגעבען אומזיסט, אזוי זאלט איהר געבען אומזיסט (בכורות, כ"ט). |
| ס'איז גענוג דיא צרה אין איהר טאג (מאטהעאוס 6). | ס'איז גענוג דיא צרה אין איהר צייט (ברכות ט'). |
| קוקט אויף דיא פויגעל פון הימעל; זיי זייען ניט, און שניידען ניט, און קלייבען ניט אין שפייכלערס, און אייער פאטער אין הימעל שפייזט זיי; איהר זייט דאך טהייערער פאר זיי (מאטהעאוס, 6, 26). | צו האסטו ווען געזעהן א חיה אדער א פויגעל, וואס איז א בעל־מלאכה, און דאך ווערען זיי גע־שפייזט אהן צער. זיי זיינען דאך נאר בעשאפען געווארען מיך צו בעדיענען. איך, וואס בין בעשאפען געווארען צו דיענען מיין בעשע־פער, דארף אודאי געשפייזט ווע־רען אהן צער (קידושין פ"ג). |

| עוואנגעלישע. | אידישע. |
| --- | --- |
| זאמעלט ניט קיין אוצרות אויף דער וועלט, וואו דער היישריק קען עס פערדארבען און פון וואנען גנבים קענען עס אוועק גנב'ענען. זאמעלט אייערע אוצרות אין הימעל, וואו ניט דער היישריק און ניט דיא גנבים קענען דערגרייכען (מאטהעאוס 6). | מיינע עלטערען האבען געזאמעלט אונטען; איך—אויבען. מיינע עלטערען, וואו א מענשליכע האנד קען גרייכען; איך—וואו קיין מענשליכע האנד קען ניט גרייכען (בבא בתרא י"א). |
| אויב דיין רעכטע אויג שטרויכעלט דיר, רייס איהר ארויס און ווארף איהר אוועק פון דיר, דען עס איז בעסער פאר דיר, אז איינער פון דיינע גליעדער זאל פערלארען געהן איידער דיין גאנצער גוף זאל געווארפען ווערען אין גיהנם (מאטהעאוס 5). | דער שטן האט זיך פערשטעלט פאר א שעהנע פרוי, מתיא בן חרש האט אויסגעשטאכען זיינע אויגען מיט אנגעברענטע אייזענס, כדי ער זאל ניט געשטרויכעלט ווערען (תנה"ס, חקת). |
| ער (יעזוס) האט געזעהן וויא אן ארימע אלמנה האט אהין (אין דעם אוצר פון טעמפעל) אריינגעווארפען צוויי פרוטות. ער האט געזאגט, אין אמת'ן זאג איך אייך, אז זיא האט געגעבען מעהר פאר אלעמען. זיי אלע האבען געגעבען זייערע נדבות פון דאס וואס זיי האבען געהאט איבעריג און זיא האט אוועקגעגעבען איהר גאנצען פערמעגען (לוקוס, 21, 2, 3, 4). | אן ארימע פרוי האט געבראכט א הייפעלע מעהל פאר א קרבן. האט דער כהן איהר בעליידיגט: זעהט נאר, וואס זיא האט דא געבראכט? וואס איז דאס פאר א קרבן? האט מען זיך צו איהם בעוויזען אין חלום און מען האט איהם געזאגט: „בעליידיג איהר ניט, ס'איז געגליכען וויא זיא וואלט איהר גאנצען לעבען אוועקגעגעבען (ויק"ר, פ' ג'). |
| דען וואו צוויי אדער דריי קומען צוזאמען אין מיין נאמען, דארטען בין איך דא אין זייער מיטען (מאטהעאוס 18, 20). | צוויי וואס זיצען און בעשעפטיגען זיך מיט דער תורה, רוהט די שכינה צווישען זיי (אבות). |

אזעלכע בייש‍פיעלע האט מען געקענט ברייגען אין דיא הונדערטער, אבער דיא ווענינע זיינען גענוג צו בעווייזען דיא עהנליכקייט פון דיא שפריכווערטער סיי לויט'ן אינהאלט און סיי לויט דעם סטיל.

דיא מאראלע לעהרען פון יעזוס'ן זיינען געווען אידישע, כאטש אין מאנכע פלעצער טראגען זיי א געוויסע פראלעטארישע פארבונג. יעזוס אליין איז געווען אן ארבייטער און זיינע סימפאטהיען זיינען נאטירליכערווייזע געווען מיט דיא ארימע, מיט דיא קלאסע, וואס מען וואלט היינט גערופען „לומפען־פראלעטאריער". עס איז ביי איהם ניט געווען קיין קלאהרער קלאסען־בעוואוסטזיין, נאר א נא־

טירליכער קלאסען־ג ע פ י ה ל. דער האס צו דיא רייכע האט ניט אבגעשטאמט דערפון, ווייל זיי זיינען בעטראכט געווארען אלס אויסבייטער, ווייל זייערע „פערדיענסטען“ זיינען ניט עהרליך און כשר; עס איז פשוט געווען דער נאטירליכער האס פון דעם ארימען צום פערמעגליכען. יעזוס האט אויך ניט געזוכט קיינע מיטלען, וויא אזוי אבצושאפען דיעזע אונגערעכטע פערנאנדערטהיילונג פון דיא וועלט'ס רייכטהימער. דיעזע וועלט האט ביי איהם איבערהויפט ניט געשפיעלט קיין ראלע. ער איז געווען פעסט איבער־צייגט, אז דיעזע וועלט וועט באלד אונטערגעהן און אז עס לוינט זיך ניט אבצוגעבען מיט אזעלכע קלייניגקייטען. דאס איז טאקע דיא אורזאכע, ווארום ער האט זיך מיט דער ארביי־טער־פראגע איבערהויפט ניט בעשעפטיגט, וועהרענד אין תלמוד געפינט זיך זעהר פיעל וועגען דעם. נאטירליך זיינען דיא תלמוד'יסטען ניט געווען קיין סאציאליסטען, קיינער וועט עס פון זיי ניט ערווארטען, אבער זיי האבען דאך גע־וואוסט פון אן ארבייטער־פראגע און האבען איהר געפרובירט לייזען אויף זייער וועג. זיי, דיא תלמוד'יסטען, האבען גע־וואוסט וויא אבצושעצען דיא ווערטה און דיא בעדייטונג פון דער ארבייט. „דער וואס לעבט פון איינענע ארבייט איז גרעסער פאר א פרומאק“. „דער וואס לערנט ניט זיין קינד קיין מלאכה, לערנט איהם פאר א רויבער“: „ליעב דיא אר־בייט און האב פיינט דיא רבנות“, און נאך פיעלע עהנליכע שפריכע. יעזוס דאנגען פערזאגט ניט זיינע תלמידים, אז זיי זאלען ארבייטען, ווייל ארבייט איז הייליג אדער גרויס. ער ראטה זיי בעסער, אז זיי זאלען בעטלען און שנארען. דערמיט וואס זיי טראגען זיין יאך, ווערען זיי פריי פון דעם יאך פון פרנסה. דאס, אגב, שטימט אויך מיט דיא רבנישע לעהרע, אז „דער וואס נעהמט אויף זיך דעם יאך פון דער תורה, ווערט פריי פון דעם יאך פון „דרך ארץ“ (וועלטליכען יאך). מיט דיא רייכע רעכענט זיך אב יעזוס אויף זיין שטיי־גער: ער לאזט זיי ניט אריין אין זיין „הימעלשען קעניגרייך“,

ער נעהמט ביי זיי צו זייער „עולם הבא". „ער איז לייכטער פאר א קעמיל דורכצוגעהן דורכ'ן לעכיל פון א נאָדעל, איי־דער א רייכער זאָל אריינקומען אין הימעלשען קעניגרייך".

אָבער אין די שנאה צו די רייכע איז יעזוס בשום אופן ניט געווען ניי און דער ערשטער. אויך אין דיעזען הינזיכט שטעהט ער פיעל ניעדעריגער פון דיא נביאים, וועלכע האבען געהאט אַ בעסערע און קלעהרערע פערשטענדניס וועגען דיא קלאַסען־אונטערשיידע. דיא נביאים ריידען מיט האס און צאָרן געגען דיא רייכע, וועלכע ווערען בעטראַכט פאר רויבער, פאר מענשען, וועלכע געניסען דערפון, וואס עס בעלאַנגט ניט צו זיי. „וועה צו דיא, וועלכע רוקען א הויז צו א הויז, דערנעהענטערען א פעלד צו א פעלד ביז עס איז מעהר קיין פלאַץ ניטאָ, און איהר בלייבט אליין זיצען אין לאַנד (ישעיה ה' ח'). „הערט זיך איין, איהר שלינגער פון דיא ארימע און פערדערבער פון דיא נויטהבעדירפטיגע" (עמוס ח' ד'). „אזוי וויא א שטייג איז פול מיט פויגלען, אזוי זיינען זייערע הייזער פול מיט פאַלשקייט; ד ע ר פ א ר זיינען זיי גרויס געוואָרען, רייך געוואָרען" (ירמיה ה' כ"ד).

וואָלט יעזוס געבליעבען בלויז ביי דיעזע לעהרען, וואָלט ער היינט העכסט־וואהרשיינליך פערנומען ביי דיא אידען דעם זעלבען פלאַץ, וואס פיעלע אנדערע אזעלכע „רבי'ס", דרשנים און מאָראַל־פרעדיגער. דאס וואס ער האט געהאַט געוויסע מיינונגס־פערשיעדענהייטען בנוגע מאנכע פון דיא חומרות פון דיא פרושים, אפילו זיין ארויסטרעט געגען דיא טרוקענע צערעמאָניען פון גאָטעס־דיענסט אין טעמפעל, וואָלט בשום איפן ניט געשטערט, אז ער זאָל בעטראַכט ווע־רען אלס איינער פון דיא פיעלע אידישע געלעהרטע. אזעל־כע מיינונג־פערשיעדענהייטען זיינען ביי אידען ניט געווען קיין נייעס. אזעלכע מיינונגס־פערשיעדענהייטען זיינען גע־וועז צווישען דיא „צדוקים" און דיא „פרושים", און צווי־שען דיעזע ביידע און דיא „עססעער". אפילו צווישען דיא פרושים גופא זיינען געווען צוויי ריכטונגען, „ב י ת־

ש מ א י", און „ב י ת ה ל ל". וועלכע האבען זיך אונ־טערשיידעט אין פיעלע ענינים. דאס האט זיי אבער ניט געשטערט זיך צו בעטראכטען אלס קינדער פון איין גאָט, פון איין פאָלק און פון איין לאַנד.

ניט זיינע מאָראַל־לעהרען האבען יעזוס'ן געמאכט אונ־מעגליך פאר'ן אידישען פאָלק, ווייל דאס זיינען דיא אידישע לעהרען, נאר זיינע משיח'שע אמביציעס און איבער־מענש־ליכע פרעטענזיעס.

---

## 3) די משיח'שע לעהרען פון יעזוס.

עס איז שוין בעמערקט געוואָרען אין איינעם פון דיא פריהערדיגע קאפיטלען, אז יעזוס'עס לעבען און טהעטיגקייט דארף איינגעטהיילט ווערען אין צוויי הויפט־פעריאָדען: אין א פאר־משיח'שע, ווען ער האָט נאָך ניט געהאַט קיינע פרע־טענזיעס צו זיין דער משיח, און אין א משיח'שע.

אין דער ערשטער פעריאָדע האָט ער געפּרעדיגט דיא מאָראַלע לעהרען פון דעם דאמאָלסדיגען יודענטהום, גע־ברויכענדיג גאנץ אָפט דיא זעלבע אויסדריקע, ווערטלעך, משלים און געדאנקען וואָס דיא אלע אנדערע דרשנים פון זיין צייט האָבען געברויכט. דיא טהעמעס פון זיינע פּרעדיגען זיינען אויך געווען דיא זעלביגע: ער האָט געזידעלט דיא צבוע'קעס און דיא היפּאָקריטען, דאָס האָבען אויך געטהאָן דיא אַנדערע; ער האָט אָפּגעלאכט פון די איבערטריעבענע פרומקייט, פון אויגען־גלאָצענעס און צו לאַנגען דאַווענען, דאָס האָבען אויך געטהאָן אנדערע; ער האָט געפאָדערט א ריינע הארץ און ליעבע צו גאָט, דאָס האָבען זיי אָלע געטהאָן; ער האָט געפאָדערט ליעבע און פערגעבונג צו מענשען, דאָס האָבען זיי אָלע געטהאָן. ער האָט אין דיעזער הינזיכט קיין נייען געדאנק ניט ארויסגעזאָגט, קיין נייע פאָדערונג ניט

ארויסגעשטעלט. ער איז פיליכט געווען איינער פון דיא פעהיגסטע צווישען יענע דרשנים אבער ניט מעהר.

אין דער צווייטער פעריאָדע דאנעגען האָט יעזוס דערצו אויך געפּרעדיגט אזעלכע געדאנקען און לעהרען, וועלכע זיינען אפשר געווען בעקאנט אין דיא ענגע קרייזען פון דיא אידישע מיסטיקער, אבער וואָס זיינען געווען אין גאנצען פרעמד און אונפערשטענדליך פאר דיא גרויסע מאסען פון דעם אידישען פאָלק; לעהרען וואָס זיינען געווען אין ווידערשפּרוך מיט דעם גייסט פון דעם שוין דאמאָלס אויסגעארבייטען היסטאָרישען יודענטהום. אָט אויף דיא דאָזיגע לעהרען, אָט אויף דיזע משיח־לעהרען (קריסטליכע לעהרען), און ניט אויף די מאָראַלישע לעהרען איז דער מאָדערנער קריסטענטהום בעגרינדעט געוואָרען. אָט דיזע לעהרען זיינען כאראקטעריסטיש פאר דעם קריסטענטהום, און אָט דיזע לעהרען האָבען עס ברייט נעעפענט דיא טהירען פאר דעם אפּאָסטאָל פּ א ו ל (שאול פון טארסוס) און אנדערע זיך אין גאנצען אָבצורייסען פון דעם יודענטהום און מאכען פון יעזוס'עס תורה דאָס, וואס זיא איז איצטער.

עס זיינען פאראנען פיעלע געלעהרטע, סאי אידישע און סאי קריסטליכע, וואָס זיינען מיט דער מיינונג, אז דער קריסטענטהום וויא ער האָט זיך היסטאָריש ענטוויקעלט איז ניט דער רעזולטאט פון י ע ז ו ס'ע ס לעהרען, זאָנדערן פון דיא לעהרען פון פּ א ו ל'ן; אז פּאול איז עס געווען דער פאקטישער גרינדער פון דער קריסטליכער רעליגיאָן. זיי, דיא דאָזיגע געלעהרטע, מיינען, אז ווען דיא וועלט בלייבט ביי יעזוס'ען און זיינע לעהרען, וואָלט דער קריסטענטהום ניט געווען דאָס, וואָס ער איז היינט.

דאָס וועט אבער נאָר דאן זיין אמת, ווען מען זאָל נעהמען אין אנבעטראכט בלויז דיא עטהישע לעהרען פון י ע ז ו ס'ען פון דער פאר־משיח'שער פעריאָדע. קוים אבער זאָל מען אויך נעהמען אין חשבון זיינע לעהרען פון דער צייט, ווען ער האָט זיך שוין אָנגעפאנגען צו בעטראכטען

אלם דער משיח, וועט מען מוזען קומען צו א גאנץ אנדער שלום. דאן וועט ווערען קלאר, אז פ א ו ל׳ס לעהרען זיינען ניט קיין נייע, צוגעטשעפעטע צו יעזוס׳עס תורה, נאר אז זיי זיינען גיכער אן אונפערמיידליכער, לאגישער שלום פון דער דאזיגער תורה. אין יעזוס׳עס לעהרען גופא זיינען שוין געלעגען דיא קערנדלעך פון דער שפעטערער פ א ו ל י נ י ש ע ר לעהרע. פאול האט זיי בלויז ווייטער ענטוויקעלט און האט זיי געזוכט דורכצופיהרען אין דער פראקטיק.

מאנכער קען איינווענדען, אז דיעזע משיח־לעהרען ביי יעזוס׳ען זיינען אריינגעשטעלט געווארען ערשט שפעטער אין די עוואנגעליומס, אונטער דעם איינפלוס פון די פאולי־נישע לעהרען; אז יעזוס אליין האט דערפון ניט געוואוסט און קיינמאל ניט געפרעדיגט עטוואס אזעלכעס. אבער קוים קען געברויכט ווערען אזא מין ארגומענט, קען מען דאך איבערהויפט קיין זאך ניט וויסען וועגען יעזוס׳עס לעהרען; קען מען דאך מיט דעם זעלבען רעכט זאגען, אז זיינע אלע מאראלע פרעדיגען זיינען אויך אריינגעשטעלט געווארען שפעטער. וואס אנבעלאנגט זיינע לעהרען קען גיט זיין קיין האלב־וועג: ענטוועדער מיר אנערקענען יא דיא עוואנגעלישע שריפטען אלס א קוואל פון וואנען צו שעפען אונזערע ידיעות וועגען יעזוס׳עס לעהרען אדער מיר אנערקענען זיי ניט. אויסקלייבען א געוויסען טהייל פון דיזע לעהרען און זיי ערקלעהרען פאר יעזוס׳עס, ווייל זיי זיינען אין אנקלאנג מיט אונזערע היינטיגע בעגריפע און פארשטעלונגען, און פערווארפען אן אנדער טהייל פון זיי אלס שפעטער אריינגעשטעלטע, ווייל זיי שטימען ניט איין מיט אונזער איצטיגען קוק אויף זאכען, הייסט צו זיין ניט וויסענשאפטליך און ניט היסטאריש. דאס פאסט זיך גאנץ גוט פאר יענע קריסטליכע געלעהרטע, וואס ווילען ניט אנדערש מאכען פון יעזוס׳ען א מאדערנעם מענשען. אויב מען וואלט ניט אנדערש וויא געמוזט ארויסווארפען א געוויסען טהייל

פון יעזוס'עס לעהרען אלס שפעטער צוגעשטעלטע, וואלט מען עס גיכער געדארפט טהאן מיט זיינע מאראלע לעהרען. ווארים איין זאך איז קלאר און זיכער, אז אויב יעזוס האט ווירקליך געלעבט, איז פערפאלגט און ענדליך הינגעריכטעט געווארען, האט עס ניט פאסירט צוליעב זיינע מאראלע לעהרען, וועלכע זיינען געווען אלגעמיין בעקאנט, כאטש ניט אין אלגעמיין פראקטיצירט. דאס האט געמוזט זיין דיא שולד פון זיינע משיח'שע לעהרען.

דער אמת איז, אז אין דער צייט ווען יעזוס האט זיך אנגעפאנגען צו בעטראכטען אלס דער משיח, האבען זיינע מאראלישע לעהרען ביי איהם אויפגעהערט צו שפיעלען דיא הויפט־ראלע; זיי האבען פערנומען בלויז דעם צווייטען פלאץ. דער עיקר וואס ער האט דאמאלס געפאדערט איז בעשטאנען אין גלויבען אין איהם און זיך טובל זיין אין זיין נאמען. דער וואס טהוט עס, ווערט ערלייזט; דער וואס ענטזאגט זיך עס צו טהאן איז א פערלארענער אין גיהנום, גאנץ גלייך צי ער איז מאראליש אדער ניט. נור דורך דעם גלויבען אין איהם קען מען קומען אין „גאט'ס קעניגרייך", וועלכע דארף באלד אנקומען. „געהט אין די גאנצע וועלט; פרעדיגט דיא בשורה טובה צו אלע בעשעפעניסען. ווער עס וועט גלויבען און וועט זיך טובל'ען, דער וועט נצול ווערען. ווער עס וועט ניט גלויבען, וועט פערשולדיגט ווערען." (מארקוס 16, 16).

„ווער עס גלויבט אין זוהן האט אייביגעס לעבען; דער האס גלויבט ניט אין זוהן, וועט ניט זעהן קיין לעבען, נאר גאט'ס צארן וועט אויף איהם רוהען (יאהאנעס 3, 35, 36.) עס געפינען זיך מעהרערע אזעלכע און עהנליכע שטעלען אין דיא עוואנגעליומס.

אלץ וואס מען דארף אלזא טהאן אום צו ווערען „זעליג", איז ניט צו זיין גוט, נור צו גלויבען אין איהם. דאס אליין איז גענוג, דורך דעם אליין ווערען איהם אלע זיינע זינד פער־געבען. דאס איז געווען א „שטארקע" בעהויפטונג, אבער

דאס איז נאך געווען ווענעג פאר איהם. י ע ז ו ס איז געווען דער ערשטער ביי אידען, וואס האט געהאט דיא חוצפה צו פערגעבען זינד אויף זיין אייגענעם חשבון.

דיא נביאים און שפעטער דיא תלמודיסטען האבען ניט אויפגעהערט צו פרעדיגען פון תשובה און חרטה אלס א וועג ווי זיך צו בעפרייען פון זינד. דער מענש דארף חרטה האבען אויף דיא זינד וואס ער איז בעגאנגען, בעשליסען ביי זיך ווייטער ניט צו זינדיגען, און דער בארמהערציגער גאט וועט איהם שוין פערגעבען. איז ער בעגאנגען אן עולה געגען זיין מיט־מענשען, דארף ער איהם פריהער מחילה בעטען און איהם בעגיטיגען. איז ער א כראנישער בעל־תשובה, אזעלכער וואס זאגט „ער וועט זינדיגען און תשובה טהאן", יענעם העלפט קיין תשובה ניט. דאס זיינען געווען דיא אידישע לעהרען פון תשובה און זינד־פערגעבונג. בלויז גאט אליין קען פערגעבען זינד, און אפילו מ ש ה ר ב י נ ו בעט ביי גאט, אז ער זאל פערגעבען דיא זינד פון אידישען פאלק. אליין נעהמט ער זיך ניט אונטער צו פערגעבען זינד. יעזוס אבער פערגיט דיא זינד, וויא ער וואלט געווען א גאט. און עס איז קיין חידוש ניט, וואס דיא אידען האבען עס בעטראכט פאר א מין גאט'ס לעסטערונג: „ווען יעזוס האט געזעהן זייער גלויבען, האט ער געזאגט: מיין קינד, דיינע זינד זיינען דיר פערגעבען געווארען. און דארטען זיינען געווען אייניגע פון דיא שרייבער („סופרים"), וואס זיינען דארטען געזעסען, און האבען ביי זיך אין הארצען געטראכט: וואס רעדט דיעזער אזעלכע לעסטערונגען, ווער קען פערגעבען זינד אויסער גאט?" (מארקוס 2). יעזוס האט זיי דאן ערקלערט: „ד א ס ד ע ר ב ן ־ א ד ם ה א ט ד י א מ א כ ט צ ו פ ע ר ג ע ב ע ן ז י נ ד א ו י ף ד ע ר ע ר ד" (מארקוס 2, 10). „און די וואס זיינען מיט איהם געזעסען ביים טיש, האבען ביי זיך אנגעהויבען צו זאגען: ווער איז ער, וואס ער טהוט אויך זינד פערגעבען? און ער האט געזאגט צו דער

פרוי: דיין אמונה האט דיר געהאָלפען, געה געזונד." (לוקוס 7, 49, 50).

אין זיין גרויסמוטה האט ער זיך ניט בענוגענט דערמיט, וואס ער האט זיך אליין גענומען דיא מאכט צו פערגעבען זינד, ער האט דאס אויך איבערגעגעבען זיינע תלמידים. ער פערזיכערט זיי, אז דאס וואס זיי וועלען ערקלערען פאר גוט און גערעכט, וועט אויך אין הימעל פעררעכענט ווערען פאר גוט און גערעכט. צו פעטרוס'ען זאגט ער: „און איך וועל דיר געבען דיא שליסלען פון גאָט'ס קעניגרייך, און וואס דו וועסט פערבאָטען אויף דער ערד וועט פערבאָטען זיין אויפ'ן הימעל, און וואס דו וועסט ערלויבען אויף דער ערד וועט ערלויבט זיין אין הימעל." (מאטהעאוס 16, 19). אבער ניט צו פעטרוס'ען אליין, זאָנדערן אויך צו דיא איבריגע תלמידים זאָגט ער: „ווירקליך, איך זאָג אייך, וואס איהר וועט פערבאָטען אויף דער ערד וועט פערבאָטען זיין אין הימעל, און וואס איהר וועט ערלויבען אויף דער ערד וועט זיין ערלויבט אין הימעל". (מאטהעאוס 18, 18).

און מען קען ניט זאָגען, אז דיא פאָרשטעהער פון דער קירכע זאָלען זיך ניט האבען בענוצט מיט דעם: זיי האבען געמאכט גאנץ פיינע געשעפטען מיט דיזע הימלישע שליסלען... דיא רוימישע פעפסטע האבען געמאכט גאָלדענע געשעפטען פון פערקויפען „תשובה־צעטעלעך" ניט בלויז פאר זינד וואס זייגען שוין בעגאנגען געוואָרען, נאָר אויך פאר זינד וואס וועלען ערשט בעגאנגען ווערען. דאס איז געווען א מין „היתר־עסקא" אויף אלערליי זינד. דער גליקליכער, וועלכער האט זיך פאר גוטע געלד געקענט איינשאפען אזא מין צעטעל איז געווען א זיכער־רער „בן־עולם־הבא" אפילו ווען ער איז בעגאנגען אלערליי פערברעכען, מאָרד, רויב, גנבה און דיא שווידערליכסטע אויס־געלאסענקייט זיינען ניט אויסגעשלאָסען געוואָרען.

נאטירליך קען קיינעם ניט איינפאלען צו בעשולדיגען יעזוס'ען פאר דיא סקאנדאליעזע טאנדטהאטען פון דיא

מיטעלאלטערליכע גלחים. עס איז אָהן צווייפעל, אז יעזוס האָט עס ניט געמיינט, אז ער האָט עס ניט געקענט פאראויס־זעהן, אבער פונקט אזוי איז עס זיכער, אז דאָס זיינען געווען דיא רעזולטאטען פון דיא לעהרען, אז א מענש קען פער־געבען זינד און אז דער עיקר איז גלויבען, ניט טהאטען. „אָן זיינע פרוכט דערקענט מען דעם בוים“...

מיט זיין בעהויפטונג ווידער, „אז דיא תורה איז בעגעבען געוואָרען נאָר ביז יוחנן“, האָט יעזוס מיט איין שטריך אָבגעשאפט דיא תורה.

דאָס מיינט אבער ניט צו זאָגען, אז יעזוס האָט זיך מיט דיעזע לעהרען בעוואוסטזיניג אוועקגעשטעלט אלס פיינד פון דעם אידישען פאָלק און דעם יודענטהום, וויא מאנכע פאָרשער ווילען עס אויסטייטשען. יעזוס איז געווען פעסט איבערצייגט, אז דיא אידען זיינען „דאָס אויס־ערוועהלטע פאָלק“, אז „דיא ישועה קומט פון דיא אידען“, נאָר ער האָט געפרעדיגט אזא יודענטהום וויא ער האָט פער־שטאנען, דעם יודענטהום וואָס ער האָט געלערענט ביי דיא אידישע מיסטיקער.

ביי דיא אידישע מיסטיקער (בעלי הסוד) איז שוין לאנג געווען פערשפרייט דער געדאנק, אז דיא תורה מיט איהרע ערצעהלונגען, מיט איהרע פערזאָגען און פערבאָטען האָט צווייערליי כונות: איינע א פשוט׳ע, אן אָפענע, אזוי וויא עס שטעהט געשריעבען—„נגלה“, וויא דיא מקובלים רופען עס; די צווייטע איז א געהיימע, א פערבאָרגענע—„נסתר“. דיא תורה איז דורכאויס אלעגאָריען און משלים. זאָגאר דער בעריהמטער אידיש־אלעקסאנדרישער פילאָזאָף „פילאָ־דער איד“ האָט אויך אין דעם געגלויבט. דער פשוט׳ער פשט פון דער תורה איז בלויז איהר אויסערליכער בגד; דיא אינערליכע כונה דאנגעגען איז איהר נשמה. מיט דעם אָנקו־מען פון משיח׳ן, אין דעם „לעתיד לבא“, וועט דיא תורה אראָבוואַרפען פון זיך איהר אויסערליכען בגד און אלע וועלען דאמאלס זעהן איהר טיעפע כונה, אלע וועלען בעגרייפען דיא

„סתרי תורה“. י ע ז ו ס, וועלכער האט זיך אויפגעהאלטען א לאנגע צייט צווישען דיא עסעער האט זיך וואהרשיינליך דארטען בעקאנט מיט דיעזען קוק ווענען דער תורה. און אזוי ווי ער האט געגלויבט, אז משיח איז שוין געקומען אין זיין פערזאן, דארף שוין דיא תורה, דיא אויסערליכע כוונה פון איהר, דער „נגלה“-טהייל, ממילא בטל ווערען. סיי ווי סיי, דיעזע בעהויפטונג פון יעזוס'ען האט שפעטער געגעבען פאול'ן די געלעגענהייט דיעזען געדאנק ווייטער און ברייטער צו ענטוויקלען ביז זיינע לאגישע שליסע—דיא גענצליכע אבשאפונג פון דער תורה.

עס פערשטעהט זיך, אז אזא לעהרע וויא דיא אבשאפונג פון דער תורה האט אונטער קיינע אומשטענדען ניט געקענט אנגענומען ווערען פון אידישען פאלק, סיידען אפשר, ווען דאס וואלט געלערנט געווארען פון איינעם, וועלכער וואלט זיך ארויסגעוויזען פאר א ווירקליכען משיח, דאס הייסט, פון איינעם, וועמען די אידען וואלטען געקענט אנערקענען פאר זייער משיח.

פון אזא מין משיח וואלט זיך פריהער פאר אלץ געפאָדערט, אז ער זאל בעפרייען דעם אידישען פאלק פון אונטער דער רוימישער הערשאפט; ער וואלט געדארפט צוזאמענקלייבען דיא „פערשטויסענע און פערוואגעלטע“ פון אלע ברעגעס פון דער וועלט און זיי ברענגען אין ארץ ישראל; ער וואלט געדארפט „אומקעהרען דיא מלוכה צו דיא אידען“ און דאן איינפיהרען א הערשאפט פון גערעכטיגקייט און גאטספארכטיגקייט ניט בלויז פאר דיא אידען נאר פאר דער גאנצער מענשהייט. די גאנצע וועלט האט געדארפט דיענען צו איין גאט און אלע מענשען האבען געדארפט זיין וויא ברידער פון איין טאטען. דיא פעלקער האבען געמוזט לעבען צווישען זיך אין פריעדען, קיינע מלחמות, קיינע בלוט-פערגיסונגען און אזוי ווייטער און אזוי ווייטער, אזוי וויא די נביאים האבען געטרוימט און פערשפראכען—א גאט'ס קעניגרייך אויף ד י ע ז ע ר וועלט. ווען י ע ז ו ס וואלט

דאָן דאָס אַלץ אדער לכל הפחות בלויז א טהייל דערפון געקענט אויפטהאָן, וואָלטען זיך מסתמא דיא דאמאלסדיגע אידען ניט געדונגען מיט איהם וועגען זיינע לעהרען, וועגען זיין ווילען אבשאפען דיא תורה. זיין ערפאָלג און אויפטהועכץ וואָלט געווען דער בעוויז פון זיין אמת'קייט, וואָלט געווען „דער צייכען" וואָס דיא אידען האָבען פון איהם פערלאנגט.

יעזוס האָט דאָס אָבער ניט געקענט טהאָן, פונקט וויא אירגענד וועלכער אנדערער שטערבליכער קען עס ניט טהאָן, און פאר דיא אידען איז געבליבען איין ברירה—צו פערוואַרפען זיינע משיח־לעהרען.

דאָס אידישע פאָלק האָט געפיהלט אינסטינקטיוו, אַז דיא תורה, און טאַקע מיט דיא אלע חומרות און גזרות פון דיא פרושים, איז פאר איהם נויטיג אין דעם קאמפף פאר זיין נאַציאָנאַלען קיום. דיא אַלע גזרות און חומרות, דיא אלע פערשיעדענע צאַמען און אָבצאַמונגען, זיינען ארויסגערופען געוואָרען אין לעבען אין צייטען פון נאַציאָנאַלער געפאהר. דאָס זיינען אַלץ געווען מיטלען, וויא אזוי אָבצוזונדערען דעם פאָלק פון דיא ארומיגע פעלקער, כדי עס זאָל זיך ניט צומישען און אויסמישען מיט זיי, און ענדליך אין גאנצען פערשלונגען ווערען פון זיי. דאָס איז געווען, צום ביישפיעל, דיא אויפגאבע פון דיא בעריהמטע „אַכטצעהן גזרות", וועלכע זיינען געווען ריין פאָליטישע מאַסרעגלען, כאָטש זיי האָבען געטראָגען אַ רעליגיעזען כאַראַקטער. דאָס איז אויך געווען דיא אויפגאבע פון דיא אלע אַנדערע „אבצאמונגען", אָבוואָהל זייער ציעל איז ניט אימער געווען אזוי קלאָר וויא אין דיא דערמאָנטע „אַכטצעהן גזרות". דאָס זיינען גיכער געווען אונבעוואוסטע, אינסטינקטיווע אנשטרענגונגען פון דער אידישער נאַציאָן וויא אַזוי צו ערהאַלטען דעם לעבען, וויא אַזוי צו פערהיטען זיך פון אונטערגאנג.

יעזוס'ען האָט געפעהלט דיעזער נאַציאָנאַלער חוש.

יעזוס, וויא אלע מיסטיקער, האט זיך ניט אבגעגעבען מיט דיא ערלייזונג פון כלל. איהם האט ניט געקימערט זיין פאלק אלס פאלק, אקוראט וויא דיא מענשהייט אלס מענשהייט, אלס כלל, האט איהם ניט אינטערעסירט. ער האט געזוכט דיא ערלייזונג פון דעם איינצעלנעם מענשען; ער איז געווען דער משיח פון יחיד. אין דיעזער הינזיכט איז ער נעשטאנען נעהנטער צו בודהא'ן וויא צו דעם אידישען בעגריף פון משיח.



## .11
## דער פראצעס און דיא הינריכטונג פון יעזוס'ען.

מיר ווייסען זעהר ווייניג בעשטימטעס און היסטאָריש־זיכערעס וועגען דעם ל ע ב ע ן פון יעזוס'ן, אבער נאָך וועניגער ווייסען מיר וועגען זיין ט ו י ד ט. זיין טוידט איז נאָך א גרעסערע געהיימניס וויא זיין לעבען. דיא אַלע בע־ריכטען און ידיעות, וואס מיר האבען וועגען דעם, סיי פון דיא קריסטליכע און סיי פון דיא אידישע קוועלען, האבען קיין שום היסטאָרישען ווערטה ניט. דיא אידישע ערצעהלונג שיידעט זיך אונטער אין אַלע איינצעלהייטען פון דיא קריסט־ליכע ערצעהלונגען, — סיי וועגען דיא צייט, ו ו ע ן דאס האט פּאסירט, סיי וועגען דעם פּלאַץ ו ו א ו דאס האט פּאסירט און סיי אין דער א רט א ו ן ו ו י י זע, וויא אזוי דיא הינריכטונג איז פאָרגעקומען.

אבער ניט בלויז דיא אידישע און דיא קריסטליכע, זאָנ־דערן אויך דיא קריסטליכע ערצעהלונגען צווישען זיך גופא זיינען ניט אייניג אין וויכטיגע איינצעלהייטען. איבער־הויפּט איז דער אונטערשיעד זעהר גרויס צווישען דיא ער־צעהלונג פון י אָ ה א נ ע ס פון איין זייט און דיא ערצעה־לונגען פון מ א ט ה ע א ו ס, מ א ר ק ו ס, און ל ו ־ ק ו ס פון דער אַנדערער זייט. דער איין־איינציגער קע־רענדיל היסטאָרישער אמת, וואס מען קען געפינען אין דיא אַלע קריסטליכע ערצעהלונגען בעשטעהט אין דעם, אז צווי־שען דיא פיעלע הינגעריכטעטע, וועלכע זיינען געקרייציגט

געוואָרען דורך פּ י ל אַ ט ו ס'ן האט זיך מעגליך אויך געפונען י ש ו ע ה נ ו צ ר י, וועמען דיא שפּעטערע קריסטען האבען אנגעפאנגען צו בעטראַכטען אַלס דעם גרינ־דער פון זייער רעליגיאָן.

דיא איינצעלהייטען פון זיין פּראָצעס, און וואס דיא אנקלאַגע איז בעשטאַנען און דער גלייכען, דאס האבען שוין דיא קריסטליכע ערצעהלער, וועלכע האבען געלעבט מיט מעהר וויא הונדערט יאהר שפּעטער, אליין ניט געוואוסט. דאס זיינען אלץ געוועזען בעפּוצונגען פון זייער אייגענער פאַנטאַזיע, כדי עס זאָל ארויסקומען א גאַנצעס בילד, וואס זאָל זיך אם בעסטען פּאַסען פאַר זייערע אגיטאַציאָנס און פּראָפּאַגאַנדע־צוועקען.

דאס מיינט אבער בשום אופן ניט, אז דיא עוואַנגעלי־סטען האבען עס געמהאָן מיט א כיון, אז זיי האבען בעוואוסט־זיניג געזאָגט א ליגען. דאס איז געקומען במילא. דאס האט געמוזט קומען פון דער פאָרשטעלונג, וואס זיי האבען זיך געמאַכט פון יעזוס'עס פּערזאָן און, הויפּטזעכליך, פון זיין טוידט. מען דאַרף ניט פערגעסען, אז דאס גאַנצע קריסטענ־טהום, דיא גאַנצע קריסטליכע אמונה, איז אייגענטליך בע־גרינדעט בלויז אויף יעזוס'עס טוידט. אָהן זיין טוידט, אָהן דעם גלויבען, אז דורך דעם ליידענדען טוידט פון דעם גאָט־געוואָרענעם מענשען איז דיא מענשהייט אויסגעלייזט געוואָ־רען פון איהרע זינד, וואָלט דאס קריסטענטהום דאמאלס ניט געהאַט קיין שום זינן אלס א נ י י ע ר ע ל י ג י אָ ן. אָהן דעם גלויבען, אז מיט זיין מאַרטירער־טוידט האט יעזוס בע־פרייט דיא מענשהייט פון זינד און צוזאמען דערמיט אראָב־גענומען דעם יאָך פון דער תורה, וואָלטען דיא קריסטען בלויז געבליבען א אידישע סעקטע, וויא זיי זיינען עס אין אנ־פאַנג ווירקליך געוועזען. זיי וואָלטען געבילדעט מיט זיך א אידישע סעקטע, וועלכע וואָלט זיך אונטערשיידעט פון דיא אידען נאר אין דעם, וואס זיי וואָלטען געגלויבט, אז משיח איז ש ו י ן ג ע ק ו מ ע ן, אנשטאט וואס ער דאַרף נאָך

ע ר ש ט קומען, און וואָלטען מיט דער צייט אין גאַנצען פערשלונגען געוואָרען אין יודענטהום. יעזוס האט געשפּיעלט א גרעסערע ראָלע מיט זיין טוידט, וויא מיט זיין לעבען. און דיעזע ראָלע וואָלט ער ניט געקענט שפּיעלען, ווען ער וואָלט היינגעריכטעט געוואָרען אַלס פּשוט׳ער שטאַאטס־פערברעכער פון דעם ג ע צ ע נ ד י ע נ ע ר פּילאַטוס. דיא פאָרשטעלונג וועגען יעזוס דעם משיח און גאָט׳ס זוהן האט אין גאַנצען פעריאָגט דעם אמת׳ן יעזוס, דעם מענשען יעזוס, דעם רעפאָרמער יעזוס. אַלס משיח און גאָט׳ס זוהן האָט יעזוס געמוזט פערשטויסט און פעראורטהיילט ווערען דוקא פון דיא אידען, פון וועמען ער האט אבגעשטאַמט און צו וועמען ער איז לכתחילה געשיקט געוואָרען. פאר פּילאַטוס׳ן איז ער דאָך ניט געוועזן קיין גאָט׳ס זוהן און קיין משיח. ניט קענענדיג אבער אבלייקענען אין גאַנצען דיא טהאַטזאַכע, אַז יעזוס איז פּראָצעסירט און היינגעריכטעט געוואָרען פון פּ י ל אַ ט ו ס ׳ ן, האבען זיך דיא עוואַנגעליסטען געמוזט בעגנוגענען דערמיט, וואס זיי האבען יעזוס׳ן געגעבען צוויי פּראָצעסען (לוקוס דערצעהלט זאָגאר פון דריי), איינעם א אידישען פון דיא סנהדרין און איינעם ביי פּ י ל אַ ט ו ס ׳ ן. דיעזער אידישער פּראָצעס איז געווען א לאָגישער שלוס פון דער פאָרשטעלונג וועגען יעזוס, און ווען יעזוס וואָלט אפילו קיינמאָל איבערהויפּט ניט געליטען קיין מאַרטירער־טוידט, וואָלט מען עס געדאַרפט און געמוזט ערפינדען...

דערמיט קען אויך ערקלערט ווערען דיא זאָנדערבאַרע ערשיינונג, וואס דיא קריסטליכע שרייבער ווענדען אָן אַלע זייערע מעגליכקייטען אום ריין צו וואַשען דעם אמת שולדיגען, דעם טיראַן פּ י ל אַ ט ו ס, און וואַרפען ארויף דיא גאַנצע שולד אויף דיא אידען. דיא אידען, דאַס אויסערוועהלטע פאָלק, פון וועמען יעזוס האט אבגעשטאַמט און צו וועמען ער איז געשיקט געוואָרען, האט געמוזט זיין דער איינציגער שולדיגער אין זיין טוידט. וויל נאר דורך דעם קען ערקלעהרט ווערען, ווארום גאָט האט פערלאָזען זיין פאָלק

און זיך געקעהרט צו דיא אומות העולם... אגב, קען זיין, אז אין דעם זיינען געווען אויך ריין־פראקטישע אינטערעסען. דער ריס צווישען דיא אידישע און דיא קריסטליכע געמיינדען איז שוין דאמאלס, ווען דיעזע ווערקע זיינען געשריעבען געוואָרען, געווען שטארק. דיא האָפנונג, אז דאס אידישע פאָלק וועט אננעהמען דעם קריסטענטהום, איז אלץ געוואָרען שוואכער און די שנאה צווישען די אידען און די קריסטען איז געוואָרען אלץ שטארקער. מ'האָט געדארפט זוכען מיטלען ווי אזוי דיא טאָכטער, דיא נייע אמונה, אין גאנצען אבצורייסען פון איהר מוטער, פון דעם יודענטהום. אין דער זעלבער צייט איז אויך געווען נויטיג ניט איינצורייסען מיט דיא רוי־מער, צווישען וועמען עס האבען זיך געפונען פיעל קריסט־ליכע אנהייננער. מען האט דארום בעשולדיגט דיא אידען אלס „גאָט־מערדער“ און געזוכט צו ריין וואשען פילאטוס'ן.

עס פערשטעהט זיך, אז דאס אלץ ווערט דאָ ניט גע־שריעבען מיט דער כונה צו פ ע ר ט ה י י ד י ג ע ן דעם דאמאלסדיגען אידישען פאָלק. דאס אידישע פאָלק דארף קיין שום פערטהיידיגונג ניט. דאס אידישע פאָלק האָט דא־מאלס געהאט א רעכט צו פעראורטהיילען צום טויט און הינצוריכטען יענע אלע פערזאָנען, וועלכע זיינען דאָן לויט דעם געזעץ בעטראכט געוואָרן אלס פערברעכער, וואס פערדי־נען דעם טויט, גאנץ גלייך וואס מיר טראכטען היינט וועגען דעם. מיר מעגען היינט דיינקען, אז יעזוס איז געווען א גאנץ אונשולדיגער מענש; מיר מעגען היינט טראכטען, אז טויט־שטראף איז איבערהויפט ברוטאל, פערברעכעריש און באר־באריש, אבער זיי האבען דאמאלס אנדערש געטראכט. אויב אפילו דיא אידען זיינען שולדיג אין דעם טוידט פון יעזוס'ן, זיינען זיי בשום אופן ניט בעגאנגען קיין גרעסערען פערברע־כען וויא דאס גריכישע פאָלק, וועלכע האט אויף אן עהנליכע אנקלאגע בעשולדיגט און היינגעריכטעט דעם גרויסען פילאָ־זאָף און מאָראליסט ס אָ ק ר א ט ע ס. אויב דיא אידען זיינען אפילו שולדיג אין יעזוס'עס טוידט, זיינען זיי בשום

אופן ניט בעגאנגען קיין גרעסערע עולה, וויא דיא אלע אנ־
דערע, אלטע און נייע פעלקער, וואס האבען פעראורטהיילט
און פעראורטהיילען נאך עד היום צום טוידט טויזענדער און
טויזענדער פון זייערע בעסטע קינדער בלויז דערפאר, וואס
זיי פריידיגען און האנדלען אנדערש וויא דיא אנגענומענע
גלויבענס און מנהגים. די הינריכטונגען פון א ד ז ש א ה ן
ב ר א ו ן, פון דיא שיקאגא'ר אנארכיסטען, פון דיא רוסי־
שע רעוואלוציאנערען און דער גלייכען, זיינען פיעל מעהר
פערברעכעריש און פיעל מעהר אונגעזעצליך, וויא דיא הינ־
ריכטונג פון יעזוס'ן. דיא אידען זיינען דאך ניט שולדיג
אין דעם, וואס א גרויסע טהייל פון דער וועלט האט שפעטער
אנגעפאנגען צו בעטראכטען יעזוס'ן אלס גאט. אין דעם
דעם איז יעזוס אליין אפשר אויך ניט שולדיג...

און אויב דאס אידישע פאלק האט פאר יאהרהונדערטע,
נייך, פאר יאהר־טויזענדע, געהאט אויסצושטעהן אלערליי
משוגה'דיגע רדיפות און פערפאלגונגען צוליעב דעם; אויב
הונדערט־טויזענדע, נייך, מיליאנען, אידישע קינדער זיינען
אויפ'ן שוידערליכסטען און ברוטאלסטען אופן צוליעב דעם
ערמארדעט און געמאטערט געווארען מיט אלערליי ווילדע
ענויים; אויב דאס אידישע פאלק האט נאך עד היום צו
ליידען אונענדליכע צרות און יסורים צוליעב דעם, דאן איז
עס ניט דיא שולד פון אידישען פאלק; עס איז דיא שולד
פון זיינע פייניגער. דאס בעווייזט נאר וויא גראב, ברוטאל,
ווילד, רויה און אונפעראנטווארטליך מענשען קענען ווערען,
ווען זיי ווערען אנגעצונדען פון רעליגיעזען האס און פא־
נאטיזם.

ניט אלס א פערטהיידיגונג ווערט דיעזעס געשריעבען.
דאס אידישע פאלק דארף ניט קיין פערטהיידיגונג, ווייל עס
האט געהאנדעלט אין דיא גרענעצען פון זיין רעכט. אזא
פערטהיידיגונג וואלט אויך געווען נוצלאז. מענשען קענען
ניט זעהן דעם אמת, ווען זיי זיינען פערבלענדעט מיט'ן רע־

ליגיעזען פאנאטיזם. דאסווערט פשוט געשריעבען פון דעם שטאנדפונקט פון דעם היסטארישען אמת.

און פאר דעם היסטארישען אמת האט פאסירט א גליק, וואס די עוואנגעליסטען, הויפטזעכליך מ א ט ה ע א ו ס און מ א ר ק ו ס און טהיילווייז אויך ל ו ק ו ס, זיינען געווען גרויסע פראסטאקעס, פשוט'ע עם־הארצים בנוגע די אידישע געזעצע אין בעצוג צו טוידט־שטראף. זיי האבען דארום געגעבען אזא בילד פון דעם פראצעס, וואס איז כמעט אין אלע איינצעלהייטען געגען און וויעדער דעם אידישען געזעץ, ניט בלויז געגען דעם גייסט, נאר זאגאר געגען דעם בוכשטאב.

מיר וועלען דא בקיצור איבערגעבען די מעשה וועגען יעזוס'עס פראצעס און הינריכטונג לויט מ א ט ה ע א ו ס און מ א ר ק ו ס:

עס איז געווען פסח ביי־נאכט. י ע ז ו ס האט גע־וואוסט, אז זיין צייט איז געקומען, נאר ער האט נאך צום לעצטען מאל געוואלט געניסען פון דעם קרבן־פסח און פרא־ווען דעם סדר צוזאמען מיט זיינע תלמידים. ער האט גע־הייסען זיינע תלמידים געהן אין א בעשטימטען פערבארגע־נעם פלאץ און אלץ אנגרייטען צו דער סעודה, וואס זיי האבען פינקטליך ערפילט. נאכ'ן אבזאגען „הלל“, זיינען זיי געגאנ־גען צום „בארג פון די אוילבערטען“. אונטערדעסען האט זיך יהודה „איש־קריות“, וועלכער איז געווען איינער פון די תלמידים און א מיט־שפייזער, ארויסגע'גנב'עט און האט געבראכט מיט זיך „א גרויסען עולם מיט שווערדען און שטע־קענס, פון די עלטסטע פון די כהנים און די אלטע פון פאלק“, וועלכע האבען יעזוס'ן ארעסטירט.

מען האט יעזוס'ן גלייך אוועקגעפיהרט צום כהן־גדול אין הויז, וואו טאקע באלד, אין דער זעלבער נאכט, האבען זיך צונויפגעקליעבען די כהנים און די סנהדרין און מען האט אנגעפאנגען זיין פראצעס. מען האט געזוכט פאלשע עדות, אבער מען האט ניט געקראגען. ענדליך האבען זיך

דאָך געפונען צוויי עדות, וואס האבען דערצעהלט, אז יעזוס האט געזאָגט: „דאס ער קען צושטערען און צוריק־בויען דעם טעמפּעל אין דריי טעג". דער כהן־גדול האט איהם געפרעגט, וואס ער האט צו זאָגען אויף דעם, אבער יעזוס האט געשוויגען. דאן האָט דער כהן־גדול איהם געפרעגט: „איך בעשווער דיך אין גאָט'ס נאמען, ביזטו עס דער משיח דער זוהן פון גאָט?" האט איהם יעזוס געענטפערט: „דו האָסט עס געזאָגט. אבער איך זאָג אייך, פון איצטער וועט איהר זעהן דעם מענשען־קינד זיצענדיג ביי גאָט און קומענדיג מיט דיא וואָלקענס פון הימעל". דער כהן גדול האט געריסען קריעה, און האט אויסגערופען: „ער איז ווירקליך א גאָט'ס־לעסטערער, וואס דארפט איהר נאָך עדות? וואס איז אייער מיינונג? און זיי האבען געענטפערט און געזאָגט: ער פערדיענט דעם טוידט".

דאס איז אין קורצען דיא מעשה וועגען דעם אידישען פּראָצעס. וויטער ווערט אויך דערצעהלט פון דעם פּראָצעס ביי פּ י ל א ט ו ס ' ן. דאָרט ווערט שוין יעזוס אויסדריקליך בעשולדיגט אין א ריין פּאָליטישען פערברעכען, אז ער בעטראַכט זיך פאר א אידישען קעניג. און ווען פּ י ל א ט ו ס פרעגט איהם: „ביזטו דער אידישער קעניג?" ענטפערט איהם יעזוס: „דו האָסט עס געזאָגט". פּילאטוס געפינט אפילו, אז יעזוס איז אונשולדיג און אז ער איז דערצו א צדיק, אבער פּילאטוס קען זיך ניט העלפען און לאָזט יעזוס'ן קרייציגען געגען זיין, פּילאטוס'עס, אייגענעם ווילען און געגען זיין אייגענעם געוויסען, ווייל אזוי האבען געוואָלט דיא אידען. ארעמער, אונשולדיגער, מילדער פּילאטוס, וויא ער האט עס נעבעך געמוזט ליידען, וואס דיא בייזע אידען האבען איהם געצוואונגען צו קרייציגען אן אונשולדיגען מענשען!...

עס פערשטעהט זיך, אז דיא גאַנצע מעשה וועגען פּילאַטוס'עס פלוצלינגע וויכהערציגקייט וויא אויך זיין מורא פאר דיא אידען, איז היסטאָריש א מיאוס'ער ליגען. מיר האַ־

בען שוין פריהער ערקלערט, ווארום דיא עוואנגעליסטען זיי־נען אזוי מילד צו פילאטוס'ען. דער פאקט אליין, אז מען האט געדארפט האבען א צ ו ו י י ט ע ן רוימישען פראָ־צעס, בעווייזט קלאָהר, אז דער ערשטער אידישער פראָצעס, אויב ער איז איבערהויפט פאָרגעקומען, האט געהאט נאר א טהעאָרעטישע בעדייטונג, אבער ניט קיין פראקטישען ווערטה. עס לייגט זיך אבער קוים אויפ'ן שכל, אז דער כהן־גדול און דיא סנהדרין זאָלען זיך מאכען אזוי לעכערליך און זיך שפיע־לען אין פראָצעסען, ווען זיי האבען גאנץ גוט געוואוסט, אז זיי האָבען קיין יורידיקציאָן ניט, אז זייער פסק איז ניט גילטיג.

אבער לאָמיר דאָ פרובירען אנאליזירען דעם אידישען פראָצעס און זעהן, אויב אזא פראָצעס, וויא עס ווערט בע־שריעבען פון דיא אויבענדערמאָנטע עוואנגעליסטען, האט געקענט פאָרקומען:

„א גרויסער עולם איז געקומען מיט שווערדען און שטעקענס איהם ארעסטירען", — עס איז געווען פסח און אידען האבען, לויט דעם דין, ניט געטאָרט געהן בעוואפענט. אגב, וואס האט דער גרויסער עולם געהאט צו טהאָן מיט'ן ארעסט?

מען האט דיא זעלבע נאכט געמאכט דעם פראָצעס און דיא זעלבע נאכט איהם געפונען שולדיג. דאס איז אבער אונ־מעגליך לויט דעם אידישען דין צוליעב פאָלגענדע טעמים:

1) עס איז געווען יום־טוב און אום יום־טוב אדער אום שבת האט קיין פראָצעס ניט געקענט פאָרקומען. צוליעב דעם איז פערבאָטען געוואָרען אנצופאנגען א פראָצעס וועגען „דיני נפשות" אפילו ערב שבת און ערב יום טוב, אוים מורא טאָ־מער וועט זיך דער פראָצעס פערציהען (סנהדרין ל"ב, משנה).

2) עס איז געווען ביינאכט און ביינאכט האט קיין פראָ־צעס וועגען דיא „דיני נפשות" ניט געטאָרט פאָרקומען. דער פראָצעס האט זיך געמוזט אנפאנגען ביי טאָג און האט זיך גע־קענט ענדיגען דעם זעלבען טאָג בלויז אין פאַל, ווען מען האט דעם בעשולדיגטען בעפרייט. ווען מען האט אבער דעם בע־

שולדיגטען געהאלטען ביים פעראורטהיילען, האט מען דעם פסק־דין געמוזט אבלייגען אויף מאָרגען (סנהדרין ל״ב, משנה). יעזוס'ן האט מען געפונען שולדיג און דער פראָצעס האט דארום געמוזט לכל הפחות דויערן צוויי טעג. עס איז דארום געווען אונמעגליך, אז יעזוס זאָל געפינען ווערען שולדיג אין דיא נאכט פון זיין ארעסט.

וויטער. „מען האט געזוכט פאלשע עדות“. פאלשע עדות זוכט מען ניט ביים פראָצעס, מען בעשטעלט זיי פריהער און מען לערנט זיי אויס וואס צו זאָגען. אויב דאס געריכט איז געווען א געזעצליכער, לייגט זיך ניט אויפ'ן שכל, אז דיא ריכטער זאָלען זוכען פאלשע עדות; אויב דאס געריכט ווידער איז ניט געווען קיין געזעצליכער, האט מען דאָך אין גאנצען געקענט אויסקומען אָהן עדות. דיא־גאנצע מעשה וועגען זוכען פאלשע עדות איז איינע פון דיא געמיינסטע פערלוימדונגען, ווייל דער וואס איז עטוואס בעקאנט מיט דעם פראָצעדור פון א אידישען געריכט, ווייס וויא שטריינג מען פלעגט זיך בעגעהן מיט עדות, איבערהויפט ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א מענשליכען לעבען. מען פלעגט פאר זיי פריהער האלטען פייערדיגע דרשות, וואו מען פלעגט זיי ערקלעהרען דיא בעדייטונג פון א מענשליכען לעבען און וואס פאר א שרעקליכע פעראנטוואָרטליכקייט זיי נעהמען אויף זיך (סנהדרין ל״ז, משנה). א פאלשער עדות פלעגט אין אזעלכע פעלע בעצאָהלען מיט זיין לעבען. דערצו פלעגט מען דיא עדות אונטערוואַרפען אזא שטריינגען קרייץ־פערהער (חקירה ובדיקה) מיט אזעלכע אונוויכטיגע איינצעלהייטען, אז פאלשע עדות זיינען געוואָרען אן אונמעגליכקייט. דיא משנה פסק'ענט בפירוש, אז אפילו ווען אייגער ווערט בעשולדיגט אין געצען־דיענסט, דארף מען דיא עדות שטריינג אונטערזוכען (סנהדרין מ׳). דאס זעלבע וועגען א גאָט'ס לעסטערער (סנהדרין נ״ו).

דיא עדות האבען געזאָגט, אז יעזוס זאָל האָבען געמאכט

דיא בעהויפּטונג, אז ער קען „צושטערען און אויפבויען דעם טעמפּעל אין דריי טעג“. דאס איז אבער ניט געווען קיין פאַלשע עדות, ווייל יעזוס האט עטוואס עהנליכעס געזאָגט (יאָהאנעס 2, 19). ס'איז אמת, יעזוס זאָל אונטער דעם נאָמען „טעמפּעל“ האבען פערשטאַנען זיין אייגענעם גוף, אבער דיא עדות זיינען דאָך ניט שולדיג, וואס ער האט גערעדט „סימבאָליסטיש“.

איבריגענס, דיא בעליידיגונג פון טעמפּעל איז ניט געווען קיין פערברעכען, פאר וועלכען עס קומט דער טוידט. עס ווערט איבערהויפּט אין ערגעץ ניט דערמאָנט אזא פערברעכען. דער פאַקט איז, אז דער נביא ירמיה האט איינציגע מאָל בעליידיגט דעם טעמפּעל און ער איז דאָך געבליעבען ביי אידען דער גרויסער נביא און איבערגעבענער פּאַטריאָט. ירמיה האט דער ערשטער געברויכט אויפ'ן טעמפּעל דעם אויסדרוק „מערת פריצים“, דיא הייהל פון פערברעכער, וועלכען אויך יעזוס זאָל האבען געברויכט ביי אן אנדער געלעגענהייט. ירמיה סטראשעט ניט איינמאָל, אז דער טעמפּעל וועט פערוויסטעט ווערען, פּונקט וויא יעזוס זאָל עס האבען געטהאָן. ירמיה זאָגט: „פערלאָזט זיך ניט אויף דיא פאַלשע רייד, וואס זאָגען אייך גאָט'ס טעמפּעל, גאָט'ס טעמפּעל; גאָט'ס טעמפּעל—דאס זייט איהר!“

דער כהן־גדול האט זיך ניט בעגנוגענט מיט דער אויסזאגונג פון דיא עדות, און האט יעזוס'ן געפרעגט: „ביזטו עס דער משיח, דער זוהן פון גאָט?“ נאכדעם וויא יעזוס האט עס בעשטעטיגט, האט דער כהן־גדול געריסען קריעה און האט אויסגערופען: „ער איז ווירקליך א גאָט'ס לעסטערער, וואס דארפט איהר נאָך עדות?“

אויך דאָ איז דיא גאַנצע מעשה פאַלש. ערשטענס, האט, לויט דעם אידישען דין, דער בעשולדיגטער בלויז געקענט זיך פערטהיידיגען, אבער ניט בעשולדיגען זיך. אויב ער האט זיך ערקלערט שולדיג, האט מען עס ניט אנגענומען, „ווייל מען קען רעכנען, אז ער וויל בעגעהן זעלבסטמאָרד“. צווייטענס,

האבען דיא ריכטער ניט געקענט זיין קיין עדות; נאר גאָט אליין קען זיין עדות און ריכטער צוזאמען. דערצו האָט דער ערקלערן זיך פאר משיח און גאָט'ס זוהן ניט געהייסען „גאָט'ס לעסטערונג" לויט דעם אידישען דין. ווי די ריכטער זאָלען ניט געווען זיין אויפגערעגט פון אזא בעהויפטונג, אבער פעראור־טהיילען איהם צום טויט דערפאר האבען זיי ניט געהאַט קיין געזעצליכען גרונד. א „גאָט'ס לעסטערער" ווערט גערעכענט בלויז אזעלכער, וואס רעדט אויס גאָט'ס נאמען און פלוכט איהם (סנהדרין נ"ה, משנה).

דיעזע קורצע אנאליזע פון דעם אידישען פראָצעס לויט וויא ער ווערט דערצעהלט פון דיא עוואנגעליסטען, בעווייזט קלאָהר, אז ער איז פון אנהויב ביז'ן סוף געוואָרען אויסגע־מראכט, און זעהר שלעכט אויסגעטראכט דערצו. אויסער דעם שטעלען זיך דיא פראגען: צו וואס האט מען יעזוס'ן געדארפט זוכען בייננאכט, ווען ער איז מיט א קורצע צייט צוריק געווען אין טעמפעל און האט זאָגאר דאָרטען אנגע־מאכט א גאַנצען סקאנדאל צוליעב דיא חלפנים? צו וואס וויעדער האט מען געדארפט האבען א פעררעטהער, וועלכער זאָל יעזוס'ן ארויסגעבען מיט א קוש, ווען יעזוס איז געווען אזא וואויל־בעקאנטע פערזענליכקייט, וואס האט געטהאָן זיין ארבייט פראנק און פריי?

* * *

גאנץ אנדערש און פיעל נעהענטער צום מעגליכען הי־סטאָרישען אמת ווערט דיא מעשה פון יעזוס'עס פראָצעס דערצעהלט פון י אָ ה א נ ע ס. אבער אויך דאָ מוז מען זיין זעהר פאָרזיכטיג, כדי צו קענען אונטערשיידען צווישען דעם וואס איז מעגליך אמת און צווישען דעם וואס עס איז שפעטער צוגעלייגט געוואָרען צוליעב רעליגיעזע צוועקען. וויא עס איז שוין פריהער בעמרקט געוואָרען, איז צוליעב רעליגיעזע צוועקען נויטיג געווען, אז דיא אידען זאָלען זיין שולדיג אין יעזוס'עס טוידט. דארום האבען שפעטער דיא

רעדאקטערע*) פון יאהאנעס אויף דיעזע בעשולדיגונג אהין אריינגעשמוגעלט, אבער שוין ניט אלס טהיילנעהמער אין דעם פראצעס, נאר אלס דיא דאזיגע, וואס האבען יעזוס'ען איבערגעגעבען אין פילאטוס'עס הענד און האבען געפאדערט זיין טוידט. דיא אידען אליין האבען ניט געהאט קיין רעכט איהם צו פערורטהיילען צום טוידט (יאהאנעס 32,18).

דיא מעשה, לויט יאהאנעס, וועט אונגעפעהר זיין אזוי: א טהייל פון דיא אידען האבען שוין פון לאנג געטראגען א כעס אויף יעזוס'ן פארוואס ער האט זיך ערקלערט אלס גאט'ס זוהן, וואס זיי האבען בעטראכט פאר א גאט'ס לעסטערונג. זיי האבען וועגען דעם געהאט א וכוח מיט יעזוס'ן, ווען זיי האבען געזאגט: „מיר ווילען דיר ניט פערשטיינען פאר דיינע

*) דער בוך „י א ה א נ ע ס", וויא מיר האבען איהם איצטער איז א פראדוקט פון א שפעטערע רעדאקציע, וואס איז צו זעהן פון זיין ענדע, וואו דיא רעדאקטערע זאגען: „דער תלמיד האט עס אויפגעשריעבען און מיר וויסען דאס זיין עדות איז אמת" (יאהאנעס 21, 4, 2). דער אריגינעלער טעקסט שיינט צו געוועזן זיין געשריעבען אין דיא זעלבע ניי העברעאישע שפראך וואס דיא משנה. דער איבערזעצער אין גריעכישען לאזט אפט דעם העברעאישען ווארט און זעצט איהם נאכדעם איבער אין גריכיש, ווי צום ביישפיעל: „ער האט איהם געזאגט, ר ב י, וואס דאס מיינט מיין הערר" (יאהאנעס 1—38). „מיר האבען געפונען מ ש י ח 'ן, וואס דאס מיינט קריסטאס" (יאהאנעס 1—41). אזעלכע ביישפיעלע געפינען זיך פיעלע. אין מאנכע פלעצער האט דער איבערזעצער ניט גוט פערשטאנען דעם העברעאישען אידיאם און האט איהם איבערזעצט ווערטערליך, וויא צום ביישפיעל, „דער הערשער פון מאהלצייט" (בעל המשתה) (יאהאנעס 2—9) דער ווארט „בעל" ווערט איבערזעצט ווערטערליך — הערשער. אין אייניגע פלעצער געפינט זיך דער אויסדרוק „ט ר א ג ע ן עדות", וואס איז דער העברעאישער אויסדרוק אויף עדות ז א ג ע ן.

נאך אונזער מיינונג, נעגען דער אנגענומענער מיינונג פון דיא מייסטע מאדערנע קריטיקער, איז דער בוך י א ה א נ ע ס דער מעהר אידישסטער פון אלע איבעריגע ביכער אין עוואנגעליאום. ער איז געשריעבען געווארען פון א אידישען מיסטיקער, וואס איז בעקאנט געוועזן מיט דיא אידישע „געהיימע לעהרען" וויא אויך מיט דער אלעקסאנדרישער פילאזאפיע. ער איז פונקט אזוי אידיש, וויא דער שפעטערדיגער ז ו ה ר. ער איז, ווי דער לעצטער, א פראדוקט פון אידישען מיסטיציזם.

דער מחבר ציינט ארויס א גרויסע בקיאות אין דיא עלטערע אידישע ליטעראטור. ער ברענגט גאנצע שטיקער פון „משלי" און „בן־סירא" אנוועדענדיג זיי אויפ'ן „לאגאס", פונקט וויא דיא אידישע דרשנים האבען עס אנגעווענדעט אויף דער „תורה".

דיא שנאה צו אידען און דיא בעשולדיגונגען נעגען אידען זיינען אריינגעשטעלט געווארען פון דיא שפעטערע רעדאקטערע. איבעריגענס, צווישען דיא „בעלי־הסוד" און דיא „בעלי הדרש" איז שטענדיג געוועזן א שנאה. אויך אין ז ו ה ר געפינט מען שטעלען, וואס רייערן מיט שנאה וועגען תלמוד.

גוטע מעשים, נאָר פאר גאָט'ס לעסטערונג, וואס דו מאַכסט זיך פאר א גאָט און דו ביזט בלויז א מענש" (יאָהאַנעס 10, 33). ווי מיר זעהען, רעדט דאָ יאָהאַנעס פון פ ע ר ש ט ו י נ ע ן, וואס דאס איז, לויט דעם אידישען דין. אבער דיזער וועלען פערשטיינען האט בלויז אויסגעדריקט דעם צאָרן פון פאָלק און האט גאר ניט געהאַט צו טהאָן מיט א אידישען געריכט; דער עולם האט איהם געוואָלט פערווארפען מיט שטיינער פאר אזעלכע רייד.

שפעטער, ווען יעזוס האט געקראגען פיעלע אנהייננער דורך זיינע וואונדער און דיא רוימישע מאַכט-האבער האבען זיך גענומען ארומקוקען אויף זיין געפעהרליכע משיח-אגיטאַציע, האבען זיך דיא אידען דערשראָקען. „דיא כהנים און דיא פרושים האבען צונויפגערופען דיא סנהדרין און האבען געזאָגט: „וואס זאָלען מיר טהאָן, דיעזער מענש טהוט פיעלע וואונדער. אויב מיר וועלען איהם אזוי לאָזען, וועלען אין איהם אַלע גלויבען, א ו ן ע ס ו ו ע ל ע ן ק ו מ ע ן ד י א ר ו י מ ע ר א ו ן ו ו ע ל ע ן א ו ו ע ק נ ע ה מ ע ן א ו נ ז ע ר פ אָ ל ק א ו ן א ו נ ז ע ר ל אַ נ ד. דער כהן-גדול האט דאמאלס געזאָגט: עס איז בעסער איינער זאָל שטארבען פאר'ן גאנצען פאָלק" (יאָהאַנעס 11, 41 און ווייטער). דערפון זעהט מען, אז דיא אידישע געלעהרטע האבען יעזוס'ן זאָגאר ניט געהאַלטען פאר קיין פערברעכער. זיי האבען בלויז מורא געהאַט, אז זיין אגיטאַציע וועט געבען דיא רוימער א געלעגענהייט חרוב צו מאַכען דעם לאַנד.

יעזוס איז ארעסטירט געוואָרען פון דיא רוימישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געפיהרט געוואָרען פון דעם פערראַטהער יהודה א י ש-ק ר י ו ת און פון דיא בעדיענער פון כהן-גדול (יאָהאַנעס 18). מען האט יעזוס'ן אוועקגעפיהרט צום איידעם פון כהן-גדול. קיין אידישער פראָצעס איז איבערהויפט ניט פאָרגעקומען, אויסער וואס דער כהן-גדול האט יעזוס'ן געפרעגט וועגען זיין טהעטיגקייט. אויף מאָרגען האט מען איהם געפיהרט צו פילאַטוס'ן, ווער עס איז

געוועזן זיין ריכטער. דיא אידען זיינען זאָגאַר „נ י ט אריין אין געריכטס־הויז, כדי זיי זאָלען ניט טמא ווערען און קענען עסען דעם קרבן פסח" (יאָהאַנעס 18,18).

פילאַטוס האט איהם געפרעגט: „ביזטו דער אידישער קעניג?" יעזוס האט זיך געפּרובירט פערענטפערען און ער־קלעהרען זיין געדאַנק, אז ער האט גאר ניט געהאַט בדעה צו רעבעלירען געגען דער רוימישער הערשאַפט, אז „מיין קעניג־רייך איז ניט פון דיעזער וועלט" (יוחנן 18, 36), אבער דאס איז ניט געוועזן קיין גענינענדע ערקלעהרונג פאר פילאַטוס'ן. פּליאַטוס איז איבערהויפּט ניט געוועזן פעהיג צו פערשטעהן דעם חלוק צווישען א ערדישע און א הימעלשע קעניגרייך; דאס איז געוועזן א ריין אידיש־מיסטישע פארשטעלונג. פּי־לאַטוס האט יעזוס'ן געפונען פאר שולדיג און איהם פעראור־טהיילט צו קרייציגונג. דערביי האט פּילאַטוס געקראָגען א געלעגענהייט זיך אבצורעכענען מיט דיא פערהאַסטע און פעראַכטעטע אידען. ער האט בעפוילען צו בעקליידען יעזוס'ן אין קעניגליכע קליידער, דיא סאָלדאַטען האבען איהם אנגע־טהאָן א קרוין פון דערנער, אויף א טאַפעל האט מען אויפ־געשריעבען אין העברעאיש, גריכיש און רוימיש: „ישוע הנוצרי, דער קעניג פון דיא אידען" (יאָהאַנעס 19). אומ־זיסט האבען דיא אידען געגען דעם פּראָטעסטירט, פּילאַטוס איז געבליעבען ביי דאס זייניגע (יאָהאַנעס, 19). דער טיראַן פּילאַטוס האט ניט בלויז געלאָזען קרייציגען דעם אונשולדי־גען מיסטיקער, נאר ער האט געוואָלט אבשפּאָטען און אויס־לאַכען דעם אידישען פאָלק!

דיא צייט ווען דאס האט פּאַסירט איז ניט געוועזן אום פּסח, וויא דיא אַנדערע עוואַנגעליסטען דערצעהלען, נאר ערב „שבת הגדול" (עס איז אויסגעפאַלען שבת ערב־פּסח). אינ־טערעסאַנט איז דערביי, וואס דער שפּעטערדיגער רעדאַקטאָר און איבערשרייבער פון דעם אָריגינעלען י אָ ה אַ נ ע ס, וועלכער האט ווענינ פערשטאַנען פון אידישקייט, האט ניט

געוואוסט פון דעם אויסדרוק „שבת הגדול" און ער האט דארום דערפון געמאכט: „ווארים עס איז געווען ערב שבת, און גרוים איז געווען יענער שבת" (יאהאנעס 19, 31).

* * *

אבער וויא ווענינ מיר ווייסען וועגען יעזוס'עס טוידט פון דיא קריסטליכע קוועלען, ווייסען מיר נאך ווענינער פון דיא אידישע. דיא ערצעהלונגען אין „מעשה תלוי", „תולדות ישו" און „אותו ואת בנו" האבען קיין היסטארישען ווערטה גים. דאס זיינען זאמלונגען פון נארישע בבא־מעשיות. פון זיי אלע איז אבער קלאהר איין זאך, אז „ישו" איז ניט געקרייציגט געווארען, זאנדערן פערשטייניגט און נאכדעם געהאנגען געווארען. קרייציגען איז געווען א רוימישע מיתה, ווערענד שטייניגען און הייגען איז געווען א אידישע מיתה און איז געווען דיא געזעצליכע אידישע שטראף פאר דעם פערברעכען, אויף וועלכען ער איז בעשולדיגט געווארען. אינטערעסאנט איז, וואס אויך „דיא אפאסטאלען" דערצעהלען, אז יעזוס איז געהאנגען געווארען (אפאסטאלען 5, 30).

דער תלמוד וויים צו דערצעהלען פון א געוויסען „ישו", וועלכער ווערט אין אנדער פלאץ אויך אנגערופען „בן־סטדא", וועלכען מען האט געהאנגען ערב פסח. עס ווערט דערצעהלט: „פערציג טעג איידער ער איז הינגעריכטעט געווארען, האט דער געריכטס־הערהאלד אויסגערופען: ער געהט פערשטייניגט ווערען, ווייל ער האט גע'כשוף'ט, אבגעררעדט איינצעלנע אידען און גאנצע אידישע געמיינדען (הסית והדיח) פון זייער גאט. ווער עס וויים עטוואס אום איהם צו פערטהיידיגען, זאל קומען. האט זיך קיינער ניט געפונען און מען האט איהם אויפגעהאנגען".

פון דיא תלמוד'ישע ערצעהלונגען זיינען קלאהר דיא פאלגענדע דריי פונקטען: 1) אז ישו האט געהאט א ריכטיגען אידישען פראצעס און אז מען האט פערציג טעג פאר זיין אורטהייל געזוכט פאר איהם פערטהיידיגער. 2) אז דיא אנקלאגע איז בעשטאנען „על שכישף הסית והדיח". 3) אז

ער האט דערפאר געקראגען דיא פארגעשריעבענע אידישע בעשטראפונג — פערשטייניגונג און נאכדעם הייגגען. פון אן אנדער פלאץ איז צו זעהן, אז דיא הינריכטונג איז פארגע־בראכט געווארען אום ערב פסח.

דיא פראגע איז אבער, צי איז דער תלמוד׳ישער ישו דער קריסטליכער יעזוס? אין תלמוד ווערט ניט דערמאנט פון א רוימישען פראצעס, האט עס אלזא געמוזט פאסירען פריהער, ווען אידען האבען נאך געהאט דיא רעכט צו משפט׳ן טוידט־אורטהיילע, וואס דאס וואלט געשטימט מיט דיא אנדערע תלמוד׳ישע לעגענדע, אז דיעזער ישו האט גע־לעבט אין דיא צייטען פון קעניג ינאי. אין תלמוד ווערט אויך אנגעגעבען, אז דיא הינריכטונג איז פארגעקומען אין לוד, ניט אין ירושלים, וויא דיא קריסטען דערצעהלען.

דער איינציגער וועג ארויסצודרעהען זיך פון דיעזען פלאנטער איז צו זאגען, אז עס זיינען פארגעקומען צוויי בע־זונדערע פאסירונגע, מיט צוויי פערשיעדענע פערזאנען אין צוויי גאנץ פערשיעדענע צייטען; אז עס זיינען געוועזען צוויי גאנץ פערשיעדענע פראצעסען מיט צוויי פערשיעדענע אור־טהיילע. דיא שפעטערע קריסטליכע שרייבער האבען דיעזע צוויי מעשיות, וועלכע זיינען געוועזען עהנליך, צונויפגעמישט און עס איז ארויסגעקומען איין פערזאן און איין צייט, אבער מיט צוויי פראצעסען. דערביי איז דער אידישער פראצעס איבערגעגעבען געווארען פאלש, ווייל דיא שרייבער זיינען ניט בעקאנט געוועזען מיט׳ן אידישען געזעץ.

אזוי צו אזוי, ווייסען מיר יעדענפאלס זעהר ווייניג בעשטימטעס וועגען דעם פראצעס און דער הינריכטונג פון יעזוס׳ען.



## .12
# דיא ערשטע קריסטליכע געמיינדע.

נאָך ביי זיין לעבען, אין דער לעצטער צייט פון זיין טעטיגקייט, האָט יעזוס שוין געהאַלטען אין פערליערען פיעלע פון זיינע פריהערדיגע תלמידים און אנהענגער. זיינע פרעטענזיעס אויף משיחות, זיין רופען זיך „גאָט׳ס זוהן" אין מאַנכע פון זיינע לעהרען האָבען געווירקט אבשטויסענד אויף דיא מעהר ניכטערע עלעמענטען צווישען זיי. זיין פראצעס און הינריכטונג האָט נאָך מעהר בייגעטראגען דערצו. פאַר פיעלע פון יעזוס׳עס אנהענגער, אפילו פאַר דיא וואס האָבען יע געגלויבט אין זיין משיחות, איז זיין טוידט געוועזן דער שטאַרקסטער בעוויז, אז ער איז געוועזן א פאַלקס־פערפיהרער, א פאַלשער משיח; זיין הינריכטונג האָט זיי געמוזט איבערצייגען אין זייער טעות.

א משיח וואס ווערט הינגעריכטעט; א משיח וואס ליידט א מאַרטירער טוידט און קען זיך אליין ניט העלפען; א משיח, וואס קען ניט „אומקעהרען דיא מלוכה צו ישראל", וואס בעזיצט ניט דיא געטליכע מאכט צו בעפרייען דעם פאָלק פון דער רוימישער טיראנישער הערשאפט און פון דער פערהאסטער הורדוס־פאמיליע, אזא משיח איז געוועזן פרעמד דעם אידישען פאָלק. ניט אויף אזא משיח האָט עס געהאָפט; ניט אזא משיח האָט עס ערוואַרטעט. אמת, דאָ און דאָרטען, הויפטזעכליך צווישען דיא עססער, האָבען זיך גע־

פונען מאנכע מיסטיקער, וואס האבען ווירקליך געהאט אן עהנליכע משיח־פארשטעלונג, אבער דער גרויסער עולם, דיא גרויסע מעהרהייט פון פאלק, האט דערפון ניט געוואוסט און ניט געוואלט וויסען.

אויסער דעם האבען זיך צווישען דיא תלמידים פון יעזוס'ען זיכער געפונען מענשען, וואס האבען ניט געוואלט ריזיקירען, וואס אוים מורא פאר פערפאלגונגען האבען זיי זיך בישלעכוויז אפגערוקט פון דער נייער בעוועגונג. דאס זיינען געוועזען סתם קליינע מענשעלאך, פייגלינגע, וואס האבען איבערהויפט ניט געהאט קיין טיעפע איבערצייגונגען, אזוי וויא א שטיינער דער הייליגער פ ע ט ר ו ס גופא. וועלכער זאל האבען פערראטהען יעזוס'ען דריי מאל אין דעם לעצטען אבענד פון זיין לעבען. און אזוי האט עס פאסירט, וואס פון דיא גאנצע מחנות אנהענגער, וועלכער יעזוס זאל האבען געהאט ביי זיין לעבען, זיינען געבליעבען איבער גאנץ י ה ו ד ה און ג ל י ל וועלכע ניט איז פינף הונדערט פארשוין, וואס האבען אין איהם געגלויבט נאך זיין טוידט. דערפון האט דיא ירושלים'ער געמיינדע געציילט פון הונדערט ביז הונדערט און פופציג מענשען.

עס האט געהאלטען זעהר שמאל מיט דער גאנצער יעזוס־בעוועגונג. עס האט ניט פיעל געפעהלט, אז דיא יונגע קריס־טליכע געמיינדע זאל אין גאנצען פערשווינדען. דאס וואלט זיכער אויך פאסירט, ווען עס וואלט זיך פלוצלונג ניט פער־שפרייט דער קלאנג, אז יעזוס איז צוריק לעבעדיג געווארען און אז ער האט זיך בעוויעזען אין פערשיעדענע ערטער צו פערשיעדענע תלמידים מיט וועמען ער האט זאגאר צוזאמען געגעסען און געטרונקען. ביי דיעזע אלע בעגעגניסען זאל ער האבען געהאט אויפגעפאדערט זיינע תלמידים, אז זיי זא־לען פערשפרייטען זיינע לעהרען.

פון וואנען און ווי אזוי דיעזע לעגענדע וועגען י ע ז ו ס ' ע ס תחית־המתים איז אויסגעוואקסען איז ניט אין גאנצען קלאהר. מאנכע, צווישען זיי זאגאר געלעהרטע,

זיינען מיט דער מיינונג, אז יעזוס איז ניט געשטאָרבען אויפ'ן קרייץ. אין גאַנצען איז ער געווען אויפ'ן קרייץ פון דריי ביז זעקס שטונדען און דאס, מיינען זיי, איז ניט געווען גענוג אום ער זאָל שטאַרבען. מאנכע פון דיא געקרייציגטע פלעגען זיך אבמאַטערען גאַנצע צוויי אדער דריי טעג. דער טוידט דורך קרייציגונג איז געווען א שווערער און א לאנגזאַמער. דער געפייניגטער פלעגט דאס רוב אויסגעהן פון הונגער, דורשט און אַלגעמיינע אבשוואַכונג. דער בלוט-פערלוסט דערביי איז געווען זעהר א קליינער און דאס האט ניט גע-קענט זיין דיא אורזאַכע פון טוידט. יעזוס איז אראָבגענומען געוואָרען פון קרייץ בלויז א פער'חלש'טער און זיין פריינד י ו ס ף פון ר מ ת י ם, וועלכער האט פון פילאטוס'ן געקראגען דיא ערלויבניס צו נעהמען דעם אויגענשיינליך-טוידטען קערפער אום איהם מקבר צו זיין, האט אין איהם ענטדעקט לעבען. ער האט יעזוס'ן דאן געפפלעגט ביז יעזוס איז אין גאַנצען געזונד געוואָרען. דאן זאָל זיך עס יעזוס האבען בעוויעזען צו זיינע תלמידים. אליין איז ער גלייך נאָכדעם פערשוואונדען אוים מורא פאר וייטערע פערפאָל-גונגען און ער האט פערבראכט דיא איבעריגע צייט פון זיין לעבען ערגעץ אין דער פרעמד. דיא אנהיינגער פון דיעזער טהעאָריע בעווייזען דיא מעגליכקייט דערפון דערמיט, וואס דער בעקאַנטער היסטאָריקער י אָ ז ע פ ו ס דערצעהלט פון אן אנדער געקרייציגטען, וועמען מען האט צוריקגעבראכט צום לעבען, אָבוואָהל ער איז געווען אויפ'ן קרייץ א לייננערע צייט וויא יעזוס.

דאס איז אבער בלויז א היסטאָרישע מעגליכקייט, אבער ניט קיין היסטאָרישער פאַקט. עס קען זעהר געמאָלט זיין, אז יעזוס איז ווירקליך ניט געשטאָרבען אויפ'ן קרייץ, אז זיינע פריינד האבען איהם צוריקגעבראכט צום לעבען און איהם געזונד געמאַכט, אבער בעווייזען קען מען עס ניט. אויב עס זיינען ווען עס איז אַזעלכע בעווייזע געווען, האט עס דיא קירכע שפעטער געמוזט זעהן צו פערניכטען. א יעזוס,

וואס איז ניט געשטארבען אויפ'ן קרייץ, א נאטירליך־געזונד־געווארענער יעזוס, וואלט איינגעווארפען דעם גאנצען פונדאמענט פון דער קירכע. אינטערעסאנט איז אבער, וואס אין דיא ערשטע פאאר יאהרהונדערטע פון אונזער צייט־רעכנונג זיינען אזעלכע לעגענדען געווען פערשפרייט ביי מאנכע פון דיא קריסטליכע סעקטען. דיעזע סעקטען זיינען שפעטער פון דער קירכע ערקלערט געווארען אלס אפיקורסים און הערעטיקער. לויט וויא דער רייזענדער ל א נ ג ע דערצעהלט, געפינען זיך נאך איצטער קריסטען אין עגיפטען, וואס בעהויפטען, אז יעזוס איז אנטלאפען פון ירושלים אין עגיפטען און איז דארטען געשטארבען. זיי צייגען זאגאר אן דעם קבר. דערביי איז כדאי צו בעמערקען, אז מ א ה א מ ע ד מאכט דיא בעהויפטונג, דאס יעזוס איז ניט געקרייציגט געווארען, נאר אן אנדערער אויף זיין פלאץ: „און דאס וואס זיי זאגען, אז זיי האבען געטוידעט יעזוס דעם זוהן פון מרים, אשליח פון גאט. ניין, זיי האבען איהם ניט געטוידטעט, זיי האבען איהם ניט געקרייציגט, זיי האבען דאס געטהאן צו איינעם, וואס האט אויסגעוויזען וויא ער" (קאראן, סורא 4, 165). דאס האט מאהאמעד געהערט פון מאנכע קריסטליכע סעקטען. דער הינגעריכטעטער זאל געווען זיין, לויט דער מיינונג פון איין סעקטע, ש מ ע ו ן פון ק ו ר י ן, וועלכער האט געטראגען יעזוס'עם קרייץ; אן אנדער סעקטע וויעדער האט בעהויפטעט, אז דאס איז געווען י ו ד א ס דער פעררעטהער.

דיעזע אלע חקירות זיינען אבער גאר ניט נויטיג אום צו ערקלערען דיא ענטשטעהונג פון דער לעגענדע וועגען יעזוס'עם תחית־המתים. דיא זאך קען פיעל פשוט'ער ערקלערט ווערען דערמיט, וואס דאס איז געווען אן איינפאכע איללוזיע; אז מאנכע פון דיא תלמידים, דיא מעהר אויפגערעגטע און האלב־היסטערישע, האבען ווירקליך געמיינט, אז זיי האבען איהם געזעהן. דיא שטימונג צווישען זיי איז געווען א געדריקטע און א געשפאנטע, אזוי דאס אזא איללוזיע

איז געווען א גאנץ נאטירליכע פסיכישע ערשיינונג אונטער דיא אומשטענדען. דיא לעצטע פאסירונגען מיט יעזוס׳ן, זיין פראצעס און הינריכטונג, האט געטראפען זיינע פער־קאכטע חסידים וויא א דונער. זיי האבען ביז דער לעצטער מינוט נאך אלץ געהאפט, אז דא וועט טרעפען א נס, וועלכער האט זיך אבער ניט געטראפען. הייסט עס, אלזא, אז דאס האט טאקעווירקליך פאסירט? הייסט עס, אלזא, אז ער, דער משיח, דער ערלייזער, איז ווירקליך הינגעריכטעט געווארען און איז אויף אן אמת׳ן טוידט? ניין, דאס איז דאך אונמעג־ליך, דאס קען דאך ניט זיין. ניין, ער איז ניט טוידט; ער איז געשטארבען נאר לפנים וועגען, ער וועט זיך באלד צו־ריק בעווייזען. דאן האבען זיי זיך דערמאנט, אז יעזוס גופא האט זיי ווירקליך עטוואס אזעלכעס פערשפראכען, אז ער האט טאקע גערעדט וועגען זיין צוריקקומען. זיי זיינען בלויז ניט געווען קלאהר ביי זיך, וואס ער האט דערמיט געמיינט, צו וועט ער זיך צוריק בעווייזען אין זיין גייסט אדער אין זיין קערפער. דיעזער צווייפעל איז אבער באלד ענטשיעדען גע־ווארען צו גונסטען פון זיין קערפערליכע ערשיינונג. דיא צוויי פערליעבטע היסטערישע ווייבער, מ ר י ם און מ א ר ט ה א, האבען דערצעהלט, אז צוגעהענדיג לעבען זיין קבר האבען זיי דארטען געזעהן א יונגען מאן געקליידעט אין ווייסען, און אז דאס איז געווען טאקע ער אליין, — וואס דארף מען דען נאך מעהר?

דיא מעשה האט זיך פערשפרייט מיט דיא שנעלקייט פון א בליץ. באלד האבען זיך אלע תלמידים דערפון דערוואוסט, אז יעזוס האט זיך בעוויעזען אין זיין קערפער. עס האבען זיך, נאטירליך, אויך געפונען צווייפלער, פון איינעם אזא־טהאמאס — דערצעהלט דער עוואנגעליום, אבער ביי דיא איבעריגע איז עס געווען זיכער. און קוים האבען יעזוס׳ן איינמאל געזעהן דיא ווייבער, האבען איהם שוין דיא איבע־ריגע תלמידים אויך אנגעפאנגען צו זעהן . . . וואס האבען זיי געקענט העלפען? זיי האבען דאך איהם שוין געמוזט זעהן,

אום ניט צו בלייבען הינטערשטעליג, אז ניט וואָלט עס דאָך געהייסען, דאס זיי זיינען ניט גענוג חשוב און ווירדיג אין דיא אויגען פון דעם הערען...

און קוים איז דיא לעגענדע איינמאָל ענטשטאַנען, האט מען איהר שוין שפּעטער געקענט אזוי בעפּוצען, אז זיא זאָל זיך קענען צופּאסען צו דיא היידנישע לעגענדען וועגען זייערע געשאָכטענע געטער, וואס זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים. אזעלכע לעגענדען וועגען געטער, וואס האבען געליטען, גע־שטאָרבען און צוריק לעבעדיג געוואָרען, זיינען געווען זעהר שטאַרק פערשפּרייט אין דיא אַלטע צייטען ביי אַלע אַלטע פעלקער, ביי דיא עגיפּטער, סיריער, פּערזיער, גריכען און רוימער. אזא לעגענדע איז דערצעהלט געוואָרען וועגען דעם עגיפּטישען גאָט אָ ז י ר י ס; וועגען דעם סירישען גאָט א ד אָ נ י ס, וועמעס פריהצייטיגען טוידט דיא ווייבער פלעגען בעוויינען*); וועגען דעם פּערזישען, און שפּעטער אויך דער רוימישער, זונען־גאָט מ י ט ה ר א. טהיילען פון דיזע אַלע לעגענדען, איבערהויפּט אבער פון דער מיטהרא־לעגענדע, זיינען שפּעטער אריינגענומען געוואָרען אין דער יעזוס־לעגענדע.

דיזע לעגענדע וועגען יעזוס'עס תחית המתים האט אריינגעגעבען נייעס מוטה און נייעס לעבען ביי דיא חברים פון דער קליינער קריסטליכער געמיינדע. זיי האבען זיך שוין מעהר ניט געהאט וואס צו שעהמען מיט זייער הינגעריכטע־טען משיח. יעזוס'עס תחית המתים האָט בעוויזען, אז זיין הינריכטונג האט געמוזט פּאַרקומען, אז אין דעם איז געלע־גען א טיעפער מיין, א בעהאַלטענע כונה און אז אַלעס איז פון פאראויס אזוי בעשטימט געוואָרען. איצטער האבען זיי שוין מיט שטאָלץ געקענט ארומגעהן און פריידיגען דעם גע־

*) דאס איז עס דער „תמוז", וואס ווערט דערמאָנט אין יחזקאל, וועמען דיא אידישע געטצענדיענערישע פרויען פלעגען בעוויינען טאקע אין בית המקדש, און נעגען וועלכע דער נביא שטורמט אזוי שטאַרק.

קרייציגטען משיח, וואס איז צוריק לעבעדיג געוואָרען. „גאָט האט בעשלאָסען דורך דער נארישקייט פון דער בשורה צו רעטען דיא גלויביגע. דען דיא אידען פאָדערען א צייכען און דיא גריכען פערלאנגען אן ערקלעהרונג. מיר אבער פריידיגען דעם געקרייציגטען משיח — א שטרויכלונג פאר דיא אידען און א נארישקייט פאר דיא גריכען", שטאָלצירט פ א ו ל (צו דיא קאָרינטהער, 1, 22, 23, 24). ווירקליך, וואס דארף מען בעווייזע, וואס טויג שכל, ווען דער געקרייציגטער משיח איז לעבעדיג געוואָרען? אפילו דער שרעקעדיגער פעטרוס האט זיך ענדליך אויך אנגעגורטעלט זיינע לענדען און האט געקראגען געגוג מוטה עפענטליך ארויסצוטרעטען און צו פראָפאגאנדירען דעם געקרייציגטען און צוריק לעבעדיג־גע־וואָרענעם משיח. ער זאָל דאס זאָגאר האבען געטהאָן אין בית המקדש גופא (אפאָסטאָלען, 3).

דיעזע אבגעפרישטע קרעפטיגע פראָפאגאנדע האט גע־בראכט דיא געוואונשטע רעזולטאטען, דיא צאָהל פון יעזוס'עס אנהיינגער האט זיך וויעדער גענומען פערמעהרען און עס האט אלץ געהאלטען אין וואקסען. אבער דיא פראָפאגאנדע איז בשום אופן ניט געווען דיא איינציגע אורזאכע, וואס האט צוגעצויגען דעם פראָסטען עולם צו דער יעזוס־געמיינדע. דער קאָמוניסטישער ארט לעבען פון דער דאָזיגער געמיינדע האט אין דעם געשפיעלט זעהר א גרויסע ראָלע. דער ארימער עולם האט זיך דאָרטען געפיהלט בעקוועם, וויא גלייך־בע־רעכטיגטע מיטגליעדער אין אן אייגענע קבצנים־חברה, וואו דער רייכער איז ניט געווען מעהר יחסן פאר דעם ארימען, וואו עס זיינען איבערהויפט קיין רייכע ניט געווען.

דיעזען קאָמוניסטישען ארט לעבען האט דיא ערשטע אידיש־קריסטליכע געמיינדע איבערגענומען פון דיא עססעער, וועגען וועמעס קאָמוניזם אונז איז שוין אויסגעקומען צו ריי־דען אין א פריהערדיגען קאפיטעל. דיא ערשטע אידישע קריסטען זיינען דאָך טאקע הויפטזעכליך רעקרוטירט גע־וואָרען פון דיא עססעער און פון דיא אסקעטישע „נזירים".

ווענעם קוק אויפ'ן לעבען און אויף דער וועלט, ווענעם שטרע־בען צו פערפיינערען בלויז דעם אייגענעם אינערליכען „איך" און ווענעם גלייכגילטיגקייט צום שיקזאל פון זייער נאציאָן איז געווען זעהר עהנליך צו דיא לעהרען פון יעזוס'ן. איי־גענטליך איז דאך יעזוס גופא בלויז געווען איינער פון זיי. צו דיעזע עלעמענטען זיינען באלד אויך צוגעשטאַנען דיא „לומפען־פראָלעטאריער", וועלכע זיינען געווען שטאָלץ אויף זייער ארימקייט און האבען זיך אליין א נאמען געגעבען אביונים (עביאָניטען). דיעזער געמישטער עולם פון עססעער, נזירים און אביונים האט מיט זיך געבילדעט דיא ערשטע יעזוס־געמיינדע. זיי האבען עס געגעבען דעם קריס־טענטהום, דעם אורשפרינגליכען קריסטענטהום, זיין פראָלע־טארישען אויסזעהן, זיינע לעהרען פון ליעבע און פריינד־שאפט, זיין האסס צו דיא רייכע, זיין אסקעטיזם, זיין בעשיי־דענהייט; קורץ, אלע יענע מעלות, מיט וועלכע דאָס קריס־טענטהום שטאָלצירט עד היום און פון וועלכע עס איז שוין לאנג, לאנג קיין שריד ופליט ניט געבליעבען. אזוי שנעלל וויא אויך דיא רייכע האבען אנגעפאנגען בעקעהרט צו ווערען צו דער נייער אמונה, אזוי שנעל וויא דיא קירכע האט פער־זוכט דעם טעם פון רייכקייט און מאכט, האט זיא פון זיך אראָבגעוואָרפען איהר ארימען מאנטעל און האט אָהן שום צערעמאָניעס פערוואָרפען יענע אלע שעהנע לעהרען מיט דעם קאָמוניזם צוזאמען. דיא שטעלען וואָס האָבען אוידריק־ליך געדעדט פון קאָמוניזם (וויא צום ביישפיעל, אין דיא „אפאָסטאָלען", קאפיטעל צוויי און פיער) האט מען גענוכט אויסצוטייטשען און אויסצו'פשט'לען, אז דאס זיינען געווען קאססען פאר צדקה. דיא אידיש־קריסטליכע סעקטען, דיא פאטערס פון דיעזע לעהרען, זיינען מיט דער צייט אין גאנצען ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון דער קירכע אלס אפיקורסים, אלס אזעלכע וואָס זיינען נוטה צום יודענטהום. דיא הויפט־טענה געגען זיי איז געווען, וואס זיי גלויבען ניט אין דער געטליכקייט פון יעזוס'ען.

אָבער דאָס מוז צוגעגעבען ווערען, אז פון איהר שטאַנדפונקט איז דיא קירכע געווען פאָלקאָם גערעכט, וואס זיא האט, למשל, ערקלערט דיא „עביאָניטען“ אלס אפיקורסים. דיא „עביאָניטען“, פונקט וויא דיא גאַנצע ערשטע אידיש־קריסטליכע געמיינדע, האבען נאָך ניט פערגעטערט יעזוס'עס פערזאָן. זיי האבען ניט געוואָלט וויסען פון א דריי־אייניגקייט, אפילו ניט פון א צוויי־אייניגקייט. יעזוס'ען האבען זיי בלויז בעטראַכט אלס א היילינען מענשען און אלס דעם פערשפּראָכענעם משיח.

דיא ערשטע אידיש־קריסטליכע געמיינדע אין ירושלים איז געווען א ריין־אידישע קערפּערשאַפט. דיא ערשטע אידען־קריסטען האבען זיך ניט בלויז געהאלטען פעסט אָן דעם אידישען מאנאטהעאיזם, זאָנדערן אויך אין אלע אנדערע הינזיכטען זיינען זיי געווען וויא דיא אנדערע אידען. זיי האבען פּינקטליך אבגעהיט דיא תורה: זיי האבען געהאלטען דעם אידישען שבת, געהיט דיא אידישע ימים־טובים, האבען ניט געגעסען קיין טרפות און האבען אויסגעמיעדען זיך צו מישען מיט דיא היידען אפילו ווען זיי האבען זיך געטובל'ט און זיך ערקלערט פאר קריסטען, סיידען ווען זיי האבען דערצו אנגענומען דעם גאַנצען יודענטהום און האבען זיך אויך געלאָזט מל זיין. קורץ, זיי האבען זיך אין קיין זאַך ניט אונטערשיידעט פון דיא אידען, אויסער אין דעם גלויבען, אז משיח איז שוין געקומען אין דער פּערזאָן פון יעזוס, וועהרענד דיא אידען האבען געגלויבט, אז משיח דאַרף נאָך ערשט קומען.

באַלד אבער איז פאָרגעקומען א שפּאַלטונג אין דער געמיינדע. עס האבען זיך בעוויעזען צוויי שטרעמונגען: איינע א שטריינג־אידישע אונטער דער פיהרערשאַפט פון דעם אפּאָסטאָל י ע ק ב *), דער ברודער פון יעזוס'ן; דיא

*) וועגען דיעזען יעקב, וועלכער האט אויך געהייסען „דער צדיק“, געפינען זיך זעהר פיעל לעגענדען. ער האט ערשט אנגעפאַנגען גלויבען אין יעזוס'ן נאָך זיין טוידט. אליין איז ער געווען א גרויסער פרומאַק, פלעגט אבשטעהן שטונדען לאַנג אויף זיינע קניע און תפלה טהאָן פאר

צווייטע האט אין גאנצען פערווארפען אידישקייט און דיא אידישע תורה אונטער דער פיהרערשאפט פון דעם אפאסטאל פ א ו ל. דער שרעקעדיגער פ ע ט ר ו ס האט, וויא אי־מער, ניט געהאט קיין פעסטע פרינציפען און האט זיך גע־ווארפען אי אהין אי אהער. פון אנפאנג איז ער געשטאנען מיט יעקב'ן, דאן איז ער אריבער אויף פאול'ס זייט. פאול בעשולדיגט פעטרוס'ן, אז זייענדיג צווישען דיא גוים האט ער געגעסען טרפות און קומענדיג צווישען דיא אידען האט ער געהיט כשרות (צו דיא גאלאטער, 2). אפנים דאס, וואס פאול האט איהם געכאפט ביים האנד עסענדיג טרפות האט פעטרוס'ען געצוואונגען ארויסצוקומען מיט א מעשה וועגען א חלום, אין וועלכען מען האט איהם בעוויזען, אז מען מעג עסען טרפות (אפאסטאלען, 11).

דאס איז געווען דיא ערשטע שפאלטונג אין דער קריסט־ליכער געמיינדע; דאס איז געווען דיא ערשטע פראבע פון דער יעזוס־בעוועגונג זיך אין גאנצען אבצורייסען פון דעם יודענטהום און ווערען א זעלבסטשטענדיגע אמונה.



דיא אידען און אז דער בית המקדש זאל ניט חרוב ווערען. פון דעם זיי־נען ביי איהם דיא קניע הארט געווארען וויא ביי א קעמעל. אין דער צייט פון טריקענעס, פלעגט זיין גענוג, אז ער זאל אויפהויבען דיא הענד צום הימעל און דער רעגען פלעגט קומען. ער איז אונשולדיגערהייט הינגעריכטעט געווארען פון א צדוקי'שען כהן־גדול ע ג ז. דער עולם איז שטארק אויפגערעגט געוועזן דערפון, דערצעהלט יאזעפוס. פאר זיין טוידט האט ער אויסגערופען: „פערגיב זיי, ווייל זיי ווייסען ניט וואס זיי טהוען". זיין גאנצע אויפפיהרונג איז געווען וויא פון א פרומען עססעער.

## .13

# שאול פון טארסוס (סט. פאול) — דער הידנישער שליח.

---

נאך יעזוס'ען איז פאול אהן צווייפעל דיא וויכטיגסטע פערזאן אין דער געשיכטע פון דעם קריסטענטהום. אין מאנכע הינזיכטען איז זיין בעדייטונג נאך גרעסער. וועהרענד יעזוס און דיא אללע לעגענדען וועגען איהם זיינען געווען נויטהיג פאר דער ענטשטעהונג פון דער קריסטליכער רעליגיאן, איז פאול און זיינע לעהרען געווען פון דער גרעסטער בעדייטונג פאר איהר וויטערער ענטוויקלונג. אויב יעזוס איז געווען דער קערנדיל, איז פאול געווען דער בוים; אויב יעזוס איז געווען דער פונקט, איז פאול געווען דיא ליניע. ער האט אנגעצייגט דיא וועג און האט געגעבען דיא ריכטונג פאר דער וויטערער ענטוויקלונג פון דעם קריסטענטהום.

עס איז אמת, אז שוין יעזוס האט אין דער צווייטער פעריאדע פון זיין טהעטיגקייט, אין דער משיחשער פעריאדע, אנגעפאנגען פריידיגען, אז דיא תורה איז בטל געווארען און ער האט געהייסען זיינע תלמידים פערשפרייטען „דיא בשורה" צווישען דיא אנדערע פעלקער. אבער עס שיינט, אז זיינע תלמידים, אפילו זיינע נאהענטע תלמידים וואס האבען איהם געקענט פערזענליך, זיינען ניט געווען קלאהר וועגען דעם. זיי האבען גאנץ גוט געוואוסט,

אז יעזוס אליין האט זיך געפיהרט וויא א פרומער איד; זיי האבען נאך גאנץ גוט געדיינקט, אז ער האט אין דיא פריהערע צייטען געפריידיגט „דאס הימעל און ערד וועלען בטל ווערען, אבער ניט דיא תורה", און אז ער איז „געשיקט געווארען צו דיא קינדער און ניט צו דיא הינט". זיי האבען זיך דארום געהאלטען אן דעם יודענטהום. עס איז געבלי־בען פאר פ א ו ל׳ ע ן, איינער וואס האט ניט געזעהען „יעזוס׳ען אין פלייש", עפענטליך ארויסצוטרעטען געגען דעם יודענטהום. פון אנפאנג איז ער געוועזען מעהר אדער וועניגער פארזיכטיג און האט נאך צוגעגעבען, אז דיא אי־דען זיינען וויכטיגער, „ווייל זיי איז גאט׳ס רייד אנגע־טרויט געווארען" (צו דיא רוימער 3, 2), אז דיא אידען זיינען דער אוילבערט־בוים און דיא היידען זיינען צווייגען פון א פראסטערען בוים, וועלכע זיינען צוגעטשפעט גע־ווארען צום אוילבערט־בוים (צו דיא רוימער 11). שפעטער אבער איז ער ארויסגעטראטען שארפער, גאנץ אפט מיט האס און פערביטערקייט געגען יודענטהום, געגען דיא אי־דישע מנהגים און זאגאר געגען דעם אידישען פאלק. ער איז געוועזען ניט בלויז דער יעניגער, וואס האט געזוכט אין גאנצען אבצוזונדערען און אבצורייסען דעם קריסטענטהום פון דעם יודענטהום, נאר טאקע דורך דעם גופא איז ער גע־וועזען דער ערשטער וואס האט פערזייעט אין קריסטענטהום דיא קערנדלעך פון האס און שנאה צו דיא אידען און צו אידעשקייט; ער האט דעם קריסטענטהום געגעבען אן אנטי־אידעשען כאראקטער.

* * *

ווער אייגענטליך דיעזער פ א ו ל איז געוועזען און פון וואנען ער האט זיך פלוצלונג גענומען, איז ניט אין גאנצען קלאהר. לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבען וועגען איהם אין דיא אפאסטאלען און אין זיינע בריעף, איז ער געוועזען „א איד פון אידען", פון שבט בנימין און זיין נאמען איז געוועזען ש א ו ל. געבארען געווארען איז ער אין ט א ר־

ס ו ס, א גריכישע שטעדטעל, בערך צעהן יאָהר נאָך יעזוס'עס געבורט. ער בעריהמט זיך, אז ער איז געוועז איינער פון דיא פרושים און אז ער האָט געלעהרענט תורה ביי ג מ ל י א ל'ע ן (אן אייניקעל פון דעם בעריהמטען הלל). אין זיינע יונגע יאָהרען, דערצעהלט ער, איז ער געווען א שרעקליכער שונא און פערפאָלגער פון דיא אידען־קריסטען. ער האָט מיט זיינע אייגענע הענד געהאָלפען פערשטיינען דעם היילינען ס ט ע פ א נ ו ס. ער האָט צו־שטערט דיא אידעש־קריסטליכע געמיינדע „און איז ארומ־געגאנגען פון הויז צו הויז און האָט פון דאָרטען ארויסגע־שלעפט מענער און פרויען און זיי אריינגעזעצט אין תפיסה" (אפאסטאלען 8). ער איז געגאנגען צום כוהן גדול און ביי איהם געבעטען ערלויבנים און גענומען בריעף קיין ד מ ש ק, כדי ער זאָל דאָרטען פאנגען קריסטען, פרויען און קינדער, און זיי ברייגגען קיין ירושלים. אויפ'ן וועג קיין דמשק, האט ער פלוצלונג דערזעהען א ליכט פון הימעל. פון גרוים מורא איז ער געפאלען אויפ'ן פנים און ער האָט דערהערט א שטימע, וואָס האָט אויסגערופען: „שאול, שאול, ווארום פערפאָלגסטו מיך?" אויף זיין פראגע, ווער דאָס רעדט, האָט איהם דיא שטימע געענטפערט: „איך בין יעזוס, וועמען דוא פערפאָלגסט". פון דאמאָלס אָן איז פאול געווארען גאָר אַן אנדער מענש: פון א שונא איז ער געוואָרען אַן איבערגעגעבענער פריינד. ער איז בעקעהרט געווארען צום גלויבען אין יעזוס'ען און איז טאקע גלייך דאָרטען בעפאָל־מעכטיגט געווארען צו ווערען אן אפאסטאל (א שליח). פאול איז דער איינציגער צווישען דיא אפּאָסטאָלען, וועלכער האָט יעזוס'ען ניט געזעהען ביי זיין לעבען.

ווער עס וויל גלויבען אין דעם נס פון דיא ליכט פון הימעל און פון דיא שטימע, דעם איז עס ערלויבט, אָבער פון א היסטאָרישען שטאנדפונקט האָט עס נאטירליך קיין ווערטה ניט. אויף אזא נס זיינען דאָ בלויז צוויי ערקלעה־רונגען: ענטוועדער דיא גאנצע מעשה איז א ליגען און

פאול האָט עס אויסגעטראכט, כדי ער זאָל קענען ווערען אַן אַפּאסטאָל, אדער אַז ער איז געווען אַ מענש, וואס האָט געליטען פון האַלוציניאַציעס און האָט עסווירקליך געזעהען. דיא לעצטע ערקלעהרונג שיינט צו זיין דיא ריכטיגע. זיינע אַללע בריעף בעווייזען, אַז ער איז געווען אַ מענש פון אַ אויסערגעוויינליכען אונרוהיגען טעמפּעראַמענט, אַ מענש פון אַללערליי „שטימונגען“. דאָ איז ער בייז און דאָ איז ער מילד; דאָ איז ער גוט און דאָ איז ער שלעכט; דאָ שילט ער און דאָ בענשט ער. זיינע געדאַנקען געהען ניט אין אַ לאָגישען סדר, זיי בינדען זיך ניט איינע אין דיא אַנדערע, זיי קומען אין שפּרונגען, אין איבעררייסונגען, און זיי ווידערהאָלען זיך אָהן אַן ענדע.

אָבער אויך דיא אַנדערע איינצעלהייטען פון זיין ביאָגראַפיע וויא זיא ווערט דערצעהלט אין דיא קריסטליכע היילינגע שריפטען, זיינען שטאַרק פערדעכטיג. אַז ער האָט געהייסען *שאול* און איז געבאָרען געווארען אין *טארכוס* איז שוין מעגליך, אָבער אַז ער שטאַמט פון שבט בנימין, דאָס איז שוין אַביסעל אַריבערגעכאַפּט דיא מאָס: קיינער האָט שוין דאַמאלס ניט געוואוסט פון וועלכען שבט איינער שטאַמט אָב, פּונקט וויא מיר ווייסען עס היינט ניט. דאָס איז מסתמא צוגעשטעלט געווארען שפּעטער, כאָטש עס איז ניט קלאָהר צו וועלכען צוועק. אַז ער איז געווען אַ פּרוש און געלעהרענט תורה ביי *גמליאל*'ן איז אויך ניט אמת. פון דיא פּסוקים וואָס ער ברייננגט אין זיינע בריעף, וויא ער צודרעהט זיי און ציטירט זיי פאַלש, איז צו זעהן, אַז ער איז ניט בעקאַנט געווען מיט'ן העברייאישען אָריגינאַל. ער האָט זיי וואַהרשיינליך גענומען פון אַ גריכישער איבערזעטצונג. דיא אַרט און ווייזע וויא אַזוי ער דרש'עט דיא פּסוקים איז גיכער עהנליך אויף דיא דרשות פון אַ חסידישען רבי צי פון אַ קליין־שטעדטעלדיגען מגיד־מקובל. דאס איז עהנליך אויף יענעם מין אַלעגאָריען, וואָס מיען טרעפט ביי דיא דאַמאָלסדיגע אידעשע „בעלי־

הסוד", ביי דיא אידיש־גריכישע מיסטיקער פון פילא'ס שוהלע, אָבער ניט פון א בעל־הלכה וויא גמליאל. פּאול וועלכער איז געווען א גריכישער איד און איז אין גאנצען געווען דורכגעדרונגען מיט דער אידעש־גריכישער פילאָזאָפיע, איז וואהרשיינליך געווען בעקאנט מיט יענע מינים דרשות*). אלס נאָך א בעוויז, אז פּאול איז ניט געווען קיין תלמיד פון גמליאל קען דיענען דער פאקט, וואָס פאול דערצעהלט, אז ער איז געווען א פערפאָלגער פון די קריסטען, וועהרענד דיעזער גמליאל, לויט דיא עדות פון דיא אפּאָסטאָלען גופא, איז געווען ווייט דערפון: „און איצטער זאָג איך אייך, טשעפּעט ניט דיא דאָזיגע לייטע, לאָזט זיי צו־רוה. אויב דאָס איז דיא ארבייט פון מענשען, וועט עס ממילא ניט האָבען קיין קיום. איז עס אָבער פון גאָט, קענט איהר עס ניט פערניכטען" (אפּאסטאלען 5, 38, 39), ראטה גמליאל דיא אידען.

דיא גאנצע מעשה פון דיא פערפאָלגונגען געגען דיא אידען־קריסטען צו יענער צייט איז איבערהויפּט היסטאָריש ניט ריכטיג. דיא בעציהונגען צווישען דיא אידען און דיא אידען־קריסטען זיינען נאָך דאמאלס געווען מעהר אדער וועניגער פריינדליכע. אזא וואויל בעקאנטער און גרויסער תנא וויא „רבי אליעזר דער גרויסער" האָט געהאט פריינדליכע אונטעררעדונגען מיט דעם אידען־קריסט יעקב, וועלכער זאָל געווען זיין א תלמיד פון יעזוסען. דיא פיינד

*) דא וועל איך איבערגעבען א ביישפּיעל פון זיינע דרשות: „אין פּסוק שטעהט, אברהם האָט געהאט צוויי זיהן, איינעם פון דער דיענסט און איינעם פון דער פרייער (איינעם פון הגר'ן און איינעם פון שרה'ן). דער זוהן פון דער דיענסט איז געבאָרען געוואָרען לויט'ן פלייש; דער זוהן פון דער פרייער לויט'ן פערשפּרעכען (ווייל אברהם איז שוין אלט געווען און גאָט האָט איהם פערשפּראָכען א זוהן). דאָס איז א משל. עס זיינען געגעבען געוואָרען צוויי תורות, איינע אויפן בארג סיני, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין קנעכטשאפט, דאָס איז ה ג ר. ווארום הגר איז דער בארג סיני אין אראביען און איז גלייך צו דער יעצטיגער שטאָדט ירושלים, וועלכע איז אין קנעכטשאפט מיט איהרע קינדער. אָבער דיא אויבערשטע ירושלים (ירושלים של מעלה) איז דיא פרייע, און זיא איז אונזער אלעמענס מוטער". (גאלאטער 4, 22, 26).

שאפט האט זיך אנגעפאנגען אין דער צייט פון דעם בר־כוכבא אויפשטאנד. דיא אידען־קריסטען זיינען דאמאלס פערפאלגט געווארען ניט אלס א רעליגיעזע סעקטע, זאנדערן אלס פאליטישע פעררעטהער, ווייל זיי האבען זיך געשמייכעלט צו דיא רוימער און האבען זיך ענטזאגט אנטהייל צו נעהמען אין זייער נאציאנ'ס בעפרייאונגס־קאמפף. זיי זיינען בעהאנדעלט געווארען ניט ערגער און ניט בעסער, וויא ענגלאנד, למשל, וואלט בעהאנדעלט ענגלענדער, וועלכע וואלטען זיך ענטזאגט צו העלפען ענגלאנד אין דער מלחמה און וואלטען דערצו אריבערגעגאנגען צו דיא דייטשען.

עס איז גאנץ מעגליך, אז דיא ביאגראפישע אויס־קינפטע וועגען פאול'ען זיינען אריינגעשטעלט געווארען שפעטער. אבער אויב אפילו פאול אליין זאל עס האבען דערצעהלט וועגען זיך איז מען איהם אויך ניט מחויב צו גלויבען, ווארום פאול האט א פרינציפ, אז מען מעג זאגען א ליגען, ווען דורך דעם קען מען עררייכען א גוטען ציעל: „אויב גאט'ס ווארהייט איז דורך מיין ליגען פערשטארקט און פערהערליכט געווארען, פאר וואס זאל איך גע'משפט ווערען וויא א זינדער?“ (צו דיא רוימער 3, 7). „זייענדיג א כיטרער האב איך אייך מיט רמאות געפאנגען“ (2 קארינטהער 12, 16). „און כאטשע איך בין פריי פון אללע מענשען, האב איך מיך דאך געמאכט צום קנעכט פאר אלע מענשען, כדי איך זאל פיעל קענען ערווערבען. מיט דיא אידען בין איך געווען וויא א איד, כדי איך זאל דיא אידען ערווערבען און מיט דיא וואס זיינען אונטער דער תורה בין איך געווען וויא דער, וואס איז אונטער דער תורה, הגם איך בין ניט אונטער דער תורה, כדי איך זאל ערווערבען דיא וואס זייען אונטער דער תורה. מיט דיא וואס האבען ניט קיין תורה בין איך געווען וויא דער וואס האט קיין תורה ניט... מיט שוואכע בין איך געווען וויא א שוואכער, כדי איך זאל ערווערבען דיא שוואכע, איך בין געווען אלעס צו אלעם,

בדי איך זאָל מאַנכע קענען העלפען" (צו די קאָרינטהער 9). קורץ, דאָס איז דער וואויל־בעקאַנטער יעזואיטישער פּרינ־ציפּ, אז „דער ציעל הייליגט דיא מיטלען". און ווען צום ציעל איז נויטהיג א פאַלשע ביאָגראַפיע, פאַר וואָס זאָל מען ניט געבען קיין פאַלשע ביאָגראַפיע?

פאַר דעם „ציעל" האָט זיך געפאָדערט, אז יעזוס גופא זאָל איהם בעפאָלמעכטיגען צו ווערען אַן אַפּאָסטאָל, פּונקט ווי ער האָט בעפאָלמעכטיגט די איבעריגע תלמידים. פאַר'ן ציעל האָט זיך אויך געפּאַסט, אז גראַדע דער גרויזאַ־מער פערפאָלגער פון דיא קריסטען זאָל איבערצייגט ווערען אין דיא ריכטיגקייט פון דיעזען גלויבען. דאָס האָט אויך בעוויזען דיא אונבעגרעניצטע גנעדיגקייט פון יעזוס'ען, וואָס ער האָט מוחל געווען דעם גרעסטען זינדער וויא באַלד ער האָט אָנגעפאַנגען צו גלויבען. פאַר דעם ציעל האָט זיך אויך געפּאַסט, אז גראַדע פּ א ו ל, דער יעניגער וואָס פער־וואַרפט דיא תורה און ער ערקלעהרט איהר זאָגאר פאַר א זינד און פאַר א פלוך, אז גראַדע ער איז פריהער אַליין גע־ווען א גרויסער אָנהייגגער פון דער תורה, א גרויסער למדן און א תלמיד פון ג מ ל י א ל, וועלכער איז געווען דער „נשיא" פון גרויסען סנהדרין. מען האָט דארום געמאַכט אזא ביאָגראַפיע וואו דיזע אַלע „קליינינקייטען" זיינען אריינגע־נומען געוואָרען. דיא ביאָגראַפיע איז א טענדענציע־זע שטיקעל אַרבייט און קען זיין איז אַליין פער־פאַסט געוואָרען טאַקע פון פּאַול'ען גופא.

דאָס מיינט נאַטירליך בשום אופן ניט צו זאָגען, אז פּאול איז געווען בעוואוסטערהייט א פאַלשער מענש און א ליגנער. פּ א ו ל איז געווען איינער פון יענע מענשען, וואָס לעבען מיט איין איינציגע אידעע און קיין אַנדער זאַך עקזיסטירט פאַר זיי ניט. ער איז געווען איינער פון דיא שרעקליכסטע פאַנאַטי־קער, וועלכער האָט זיך ערלויבט אַלץ אבי צו ערגרייכען דעם גרויסען ציעל. ער האָט זיך געשטעלט אויף דיא מדרגה פון אַן איבער־מענשען, „אויף יענער זייט פון גוט און שלעכט",

העבער וויא דיא אנגענומענע מאראל. דער ציעל צו וועלכען ער האט געשטרעבט, צו בעקעהרען אלץ מעהר און מעהר מענשען צום גלויבען אין יעזוס'ען וויא ער האט עס פערשטאנען, דיעזער ציעל איז ביי איהם געווען אזוי וויכטיג און הויך, אז אללעם אנדערעס האט ער בעטראכט פאר ניט וויכטיג, פאר קלייניגקייטען. זאל זיין דורך ליגען, זאל זיין דורך פאלשקייט, זאל זיין דורך חנופה, אבי א מענשליכע נשמה גערעטעט. זיינע שפעטערע תלמידים זיינען געגאנגען נאך ווייטער אין זייער ליעבע צו זייערע ניט־גלויביגע מיט־מענשען—מען האט זיי געפייניגט און געברענט אויף דעם אויטא־דע־פע אבי צו רעטען זייערע נשמות...

פאול איז געווען א גריכישער איד, ניט קיין גרויסער למדן, דאס קען מען זעהן פון זיינע בריעף, אבער אויך ניט קיין עם־הארץ. ער איז געווען גוט בעקאנט מיט דער ביבעל, וואהרשיינליך פון א גריכישער איבערזעטצונג. זיין ערציהונג איז געווען פון א גריכישען אידען און איז, וויא עס איז צו זעהן פון זיינע „עפיסטלעס“, געווען גאנץ גוט בעקאנט מיט דיא אידעש - גריכישע פיליזאפעריען פון דער אלעקסאנדרישער שוהלע, וויא אויך מיט מאנכע פון דיא גנאסטישע סיסטעמען. ער איז געווען בעקאנט מיט זייערע מעטהאדען און מיט זייער אלעגארישער אויפפאסונג פון דער תורה.

צום גלויבען אין יעזוס'ען איז ער וואהרשיינליך בעקעהרט געווארען נאך זייענדיג אין טארסוס. דער קלאנג פון דעם געקרייציגטען משיח וועלכער איז צוריק לעבעדיג געווארען, האט מסתמא אויך אהין דערגרייכט. דאס האט זיך גאנץ גוט צוגעפאסט צו פאול'ס מיסטיש־גענייגטע נאטור און צו זיין אידעש־גריכישע בילדונג. יעזוס'ען האט ער בעטראכט אלס דעם פערקערפערטען „לאגאס“, אן אויסשטראהלונג פון גאט גופא. פאר איהם איז ניט וויכטיג געווען דער יעזוס, וואס האט געלעבט אלס מענש, „דער יעזוס אין פלייש“; פאר איהם איז וויכטיג דער יעזוס „וואס איז

געשטאָרבען און צוריק לעבעדיג געוואָרען", דער גייסטיגער יעזוס. ער האָט קיינמאָל ניט געזעהען יעזוס'ען אין גוף; ער האָט זיך איינגערעדט, אז ער האָט איהם געזעהען אין גייסט. דיעזער גייסטיגער יעזוס פון זיין פאנטאזיע, דעם יעזוס וועמען ער האָט געזעהן אין זיין האלוצינאציע, איז געווען פאר איהם דער איינציגער יעזוס.

לויט'ן אויסזעהן א קליין געוויקסיגער, שוואכער מענש, מיט א פליכעוואטען קאָפּ מיט א לאנגע אויסגעקרימטע נאָז, האט פאול אבער בעזעסען א מורא'דיגע קראפט, א מערק־ווירדיגע פיזישע ענערגיע. „אזוי האָט ער אויסגעוויזען וויא א מענש, נאָר אז ער פלעגט זיך אוועקשטעלען פריידיגען פלעגט ער אויסווייזען וויא א מלאך", ווערט דערצעהלט פון איהם. פון א היטציגען, ריהרעוודיגען, אונרוהיגען טעמפּע־ראמענט, אן עפּילעפּטיקער מיט געוויסע אנלאגען פון א צו־שטערטען נערוועזן - סיסטעם, האָט ער זיך איבערגעגעבען דעם נייעם גלויבען מיט דעם גאנצען פייער פון זיין נשמה. ער האָט דאן בעשלאָסען צו פאָהרען קיין ירושלים, דאָרטען צו זעהן זיך טאקע מיט זיי גופא, מיט דיא אפאָסטאָלען, מיט דיא פיהרער פון דער קריסטליכער געמיינדע, וועמען ער האָט זיכער בעטראכט אלס איבער־מענשען.

איהם איז אָבער אויסגעקומען צו ווערען ענטוישט. קומענדיג אין ירושלים האָט ער זיך געטראָפען מיט דיא אפאסטאָלען, דאָס רוב פון זיי איינפאכע, פּראָסטע, ניט־איבערשפּיצטע מענשען. דער אנגעזעהענסטער צווישען זיי, „יעקב דער ברודער פון הערר'ן", איז געווען א פרומער איד וואָס האָט געהאלטען אין פאסטען און אין וויינען. דער אנדערער, פעטרוס, א פּראָסטער פישער־יונג אָהן תורה און אָהן חכמה, וואָס עסט טרפות אין דער שטיל און פריידיגט כשרות אין דער עפענטליכקייט. דיא איבעריגע ניט בעסער. זיי זיינען געזעסען אין זייער ענגען קרייז און גע'בטלן'עוועט, דערצעהלענדיג זיך אלערליי וואונדער־מעשיות. פאר פאול'ס פייערדיגער נאטור האָט זיך ניט געפּאסט אזא מין סאָרט

לעבען. ער האט בעשלאָסען זיך אריינצואוואַרפען אין דער בעוועגונג אויף זיין ארט. דערצו האט איהם אָבער געפעהלט דיא ווירדע פון אַן אפּאסטאל. אויף דעם האט ער געמוזט האָבען דיא הסכמה פון דיא איבעריגע אפּאָסטאָלען. יענע האָבען איהם נאטירליך געפרעגט, ווער ער איז אזעלכער און פאר וואָס איהם קומט אזא אויסצייכנונג, ניט זייענדיג אליין א תלמיד פון יעזוס׳ען. דאן איז פאול ארוים מיט דער מעשה פון דעם נס, וואס יעזוס האט זיך צו איהם בעוויזען אין גייסט און האט איהם בעפאָלמעכטיגט צו ווערען אַן אפּאָסטאל. דאָס האט אפּנים געווירקט, א נס איז געוועזן וויכטיגער פאר אלע ארגומענטען, און פאול איז ערקלעהרט געוואָרען פאר אַן אפּאָסטאָל, אבער ניט פאר דיא אידען, נאר פאר דיא היידען. פון דאַן אָן איז פאול געווארען דער „אפּאסטאל פון דיא היידען“.

פאר וואָס פאול איז ניט ערקלעהרט געווארען אָלס אפּאסטאל פאר דיא אידען איז נים אין גאנצען קלאָהר. דאָס איז מסתמא געוועזן דערפאר, וואָס צוועלף אידעשע אפּאָס־טאָלען פאר דיא צוועלף אידעשע שבטים זיינען שוין געוועזן פון פריהער און עס איז פאר קיין דרייצעהנטען פּשוט קיין פלאץ ניט געוועזן. עס קען אבער אויך זיין, אז די איבעריגע אפּאָסטאָלען האבען מיט איהם ניט געקענט שטימען צוליעב זיין כאראקטער וויא אויך צוליעב זיינע ראדיקאלע אנזיכטען וועגען דער תורה. זיי האבען דארום געמאכט א פשרה און האָ־בען איהם געשיקט פּראָפּאגאנדירען ביי די ארומיגע היידנישע פעלקער. ווי דיא מעשה זאָל ניט געוועזן זיין, קיין צו־גרויסע פריינדשאפט צווישען פאול׳ען און דיא איבעריגע אפּאסטאָ־לען האָט ניט עקזיסטירט און אין זיינע בריעף דערמאָנט ער מאנכע פון זיי, איבערהויפּט פּעטרוס׳ען, אָפט צום שלעכטען.

ארומרייזענדיג איבער דער וועלט און קומענדיג אין נעהענטערע בעריהרונגען מיט דיא היידנישע פעלקער, האָט זיך פאול איבערצייגט, אז עס מוזען געמאכט ווערען גרויסע ענדערונגען, אום צו געווינען דיא וועלט פאר דעם קריסטענ־

טהום. ער האָט געזעהען, אַז וועהרענד דיא היידנישע וועלט הערט זיך איין מיט אינטערעס און בעגייסטערונג „וועגען דעם געקרייציגטען און צוריק לעבעדיג געוואָרענעם משיח", וועלכער איז געקומען אויסלייזען דיא וועלט מיט זיין טויט, בלייבט זיא דאַגעגען גאַנץ קאַלט, זאָגאר פיינדליך צו דיא אידעשע תורה, וואָס געהט דערמיט. ער איז געקומען צום שלוס, אַז כל זמן דאָס קריסטענטהום וועט זיין פערבונדען מיט דער אידישער תורה, מיט דיא אידעשע נאַציאָנאַלע דינים און מנהגים, מיט דיא אידעשע נאַציאָנאַלע האָפפנונ־ גען און שטרעבונגגען, וועט עס קיין גרויסען ערפאָלג ניט האָ־ בען. ער איז דאַמאָלס געקומען צום געדאַנק, אַז מען דאַרף דיא תורה אין גאַנצען אָבשאַפפען און פריידיגען דיא ערליי־ זונג ניט דורך גוטע מעשים נאָר דורך דעם גלויבען אליין.

אינטערעסאַנט איז, וואָס לויט דיא אידעשע לעגענדען (אותו ואת בנו, מעשה תלוי, מעשה י"שו הנוצרי), איז פּאול גאָר אַ גרויסער אידעשער צדיק, וועמעס נאָמען עס איז גע־ ווען אליהו. דיא אידען, הייסט עס, האָבען זיך געוואָלט אָב־ זונדערען פון דיא אידען־קריסטען, וועלכע האָבען געהאַלטען אין קאָרומפּירען דיא אידעשע אמונה מיט זייערע מנהגים און נייע אמונות. זיי האָבען דאַרום געשיקט צו דיא אידען־ קריסטען דיעזען אליהו, וועלכער האָט זיך פערשטעלט פאַר איינעם פון זייערינע, צייגענדיג זיי גרויסע וואונדער. אַזוי שנעל וויא זיי האבען אנגעפאנגען גלויבען אין איהם, האט ער זיי אנגעפאנגען צו לערנען, אַז דיא תורה איז בטל גע־ וואָרען, אום זיי דורך דעם צו דערווייטערען פון דיא אידען. דיעזע מעשיות האָבען נאַטירליך קיין היסטאָרישען ווערטה ניט, באַלד אַזוי וועניג וויא יעזוס'עס ערשיינען פאַר פּאול'ען, אָבער זיי בעווייזען, אַז דיא אידען זיינען גע־ ווען צופריעדען, ווען דיא אידען־קריסטען האָבען זיך אין גאַנצען אָבגעריסען פון יודענטהום.

## .14
# דיא לעהרען פון פאול.

דער אידעש־ביבלישער קוק אויפ'ן לעבען איז א צופרידענער, א גליקליכער, א ליכטיגער. ער איז זאגאר קינדיש־אונשולדיג; דאס איז דער קוק פון אן אפטימיסט.

דיא וועלט איז גוט. אז גאט האט ענדליך בעשאפען דיא וועלט איז ער געווען צופריעדען פון זיך און צופריעדען פון זיין ארבייט: „און גאט האט געזעהן אלץ וואס ער האט בעשאפען און עס איז זעהר גוט“.

ער האט בעשאפען דיא ליכטיגקייט, „און גאט האט געזעהן, אז דיא ליכטיגקייט איז גוט“.

ער האט בעשאפען דיא גרינסען און דיא פרוכטען, „און גאט האט געזעהן, אז עס איז גוט“.

ער האט בעשאפען דיא זונן, דיא לבנה, דיא שטערן אין הימעל, „און גאט האט געזעהן, אז עס איז גוט“.

ער האט בעשאפען אלערליי פישען אין וואסער און פויגלען אונטער'ן הימעל, „און גאט האט געזעהן, אז עס איז גוט“.

ער האט בעשאפען דיא חיות, דיא בהמות און אלע קריכעדיגע אויף דער ערד, „און גאט האט געזעהן, אז עס איז גוט“.

דער מענש איז פון דער נאטור אויס ניט גוט און ניט שלעכט: ער קען זיין ביידע זאכען, דיא ברירה ליגט ביי איהם, ער האט א פרייען ווילען. ער דארף זיין גוט פון זיין

איינענע טובה וועגען: „זעהט, איך גיב אייך היינט דעם לעבען און דאָס גוטע, דעם טוידט און דאָס שלעכטע". קלייבט זיך אויס דאָס גוטע, כדי איהר זאָלט לעבען; מיידט אויס דאָס שלעכטע, כדי איהר זאָלט ניט שטארבען. גוט איז דאָס לעבען; שלעכט איז דער טוידט. דער מענש איז דער בעל־הבית פון זיין איינענעם שיקזאַל; זיין ערלייזונג ליגט אין זיינע איינענע הענד; ער דארף ניט קיין ערלייזער...

האָט ער געזינדיגט, בעשטראָפט מען איהם. ער האָט זיך געגעסען פון דיא פערבאָטענע פרוכט, האָט מען איהם ארויס־געטריבען פון גן־עדן. ער האָט געבויט א הויכען טהורם צו דערגרייכען דעם הימעל, האָט מען איהם צומישט זיין שפּראַך און צושפּרייט איבער דער וועלט. ער האָט זיך זעהר שטארק פערזינדיגט, האָט מען אויף איהם געבראכט דעם מבול, אָבער אפילו דאַן איז דער צדיק, דער גערעכטער, גערעטעט געוואָ־רען. נח איז גערעטעט געוואָרען אין קאסטען.

דיא וועלט איז גוט. מענשען זיינען בעשאַפען געוואָרען אויף דער וועלט צו לעבען און צו געניסען, „צו עססען פון איהרע פרוכט און זיך צו זעטיגען פון איהר גוטס". דיא תורה איז א וועגווייזערין, זיא איז געגעבען געוואָרען כדי מענשען זאָלען וויסען וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט; זיי דארפען געהן אין איהרע וועגען, „כדי עס זאָל זיי גוט זיין"; זיי דארפען אָבהיטען דיא בעפעהלע, כדי „זיי זאָלען לעבען".

און אפילו שפּעטער, ווען דאָס אידעשע פאָלק האָט פון ביטערער ערפאַהרונג זיך דערוואוסט, אז דיא וועלט איז גאָר ניט אַזוי גוט, האָט איהם זיין אָפּטימיזם דאָך ניט פערלאָזען. ניט דיא וועלט אַלס אַזעלכע איז אין דעם שול־דיג, ניט ווייל דיא וועלט איז אין עצם שלעכט, נאָר דער מענש האָט איהר פערדאָרבען, ווייל ער איז געגאַנגען אין שלעכטע וועגען, ווייל ער האָט ניט געלעבט וויא מען בע־דארף. וועט דער מענש צוריק ווערען גוט, וועט ער פער־לאָזען זיינע שלעכטע דרכים און איינפיהרען אמת און גע־

רעכטינקייט, וועט אַלץ צוריק ווערען גוט. און דער מענש קען עס טהאָן, דאָס ליגט אין זיינע הענד, ער האָט אַ פרייען ווילען.

און יענע גליקליכע צייט, ווען גערעכטיגקייט וועט טריאומפירען און צוזאמען דערמיט וועט הערשען גליק און גוטס, מוז און וועט קומען „אין דיא ענדע פון דיא טעג“.

דאָס איז דער אידעשער אָפּטימיזם, וועלכער האָט בע־גלייט דעם אידעשען פאָלק אין זיינע ערגסטע צייטען, אין דעם גאַנצען לאַנגען וועג פון זיין גלות־לעבען. דאָ און דאָר־טען האָבען זיך אויך ביי אידען געפונען מאַנכע פערצוויי־פעלטע און פערביטערטע נשמות, וואָס האָבען בעטראַכט די וועלט פאר אַ יאַמערטהאָל, דעם לעבען פאר אַן אָבקומענעס און דעם טוידט פאר דעם גרויסען בעפרייער, אָבער דאָס האט געטראָפען נור אין גרויסע נאַציאָנאַלע קריזיסען און אויך בלויז ביי איינצעלנע מענשען. דאָס גאַנצע פאָלק האָט געלעבט מיט זיין טיעפען גלויבען אין דאָס גוטע און אין זיין ענדליכען טריאומף.

אפילו דער פעסימיזם, וואס געפינט זיך אין קהלת איז אויך אַ געזונדטער, אַ נאַטירליכער; עס איז זיכער אַ פראָטעסט וויא אַ פערצווייפלונג. ער שטאַמט פון ליעבע צום לעבען. דער פערפאסער בעקלאָגט זיך פאר וואָס דאָס לע־בען איז קורץ, פאר וואס דיא מענשליכע פערגניגענס און דער מענשליכער גליק דויערען אזוי וועניג, פאר וואָס זיי האלטען ניט אָן לאַנג; דאָס לעבען אָבער גופא איז אין עצם ניט שלעכט. און דארום ראטה ניט דער פערפאסער צו אַנט־לויפען פון לעבען; ער הייסט זיך ניט פייניגען, ער פריידיגט ניט ענטזאגונג. „פרעה זיך יונגער מאַן אין דיין יוגענד“; „לעב מיט דער פרוי וואס דו האָסט ליעב“. דאס איז זיכער אַ מין עפּיקורייאישע לעהרע, וואָס איז געקומען פון אַ קלוגען קוק אויפ'ן לעבען.

פונקט דאָס געגענגעזעצטע איז דער פּאוליניש ער קוק אויפ'ן לעבען און אויף דער וועלט. דאָס איז אַ פינסטע־

רער, פערצווייפעלטער, פעסימיסטישער קוק. צו איז פאול דער־צו געקומען דורך א טיעפערען ארייגדרינגען אין דעם וועזען פון דער וועלט און דיא מענשען, אדער דאס איז ביי איהם געווען א רעזולטאט פון א קראנקהאפטען פיזישען און גייס־טיגען צושטאנד, איז אייגענטליך פאר אונז דא גאנץ גלייכ־גילטיג. וויכטיג איז נור, אז זיינע אלע לעהרען זיינען דורכ־געזאפט מיט דיעזען פעסימיזם, מיט דיעזען ניט־גלויבען אין דער מענשליכער נאטור און אין דער וועלט וויא זיא איז איצטער. מען דארף זיך דארום פייגיגען, פיהרען אן אסקעטישען לעבען. לעבען מיט א פרוי נאר דאן און נאר דער־פאר, ווייל דערמיט קען מען זיך אויסהיטען פון זינד (1 קא־רינטהיער 7).

דיא וועלט איז שלעכט. דיא גאנצע שעפפונג איז איינגע־טונקט אין זינד און האט ניט קיין קרעפטען זיך דערפון צו בע־פרייען. „דיא גאנצע שעפפונג קרעכצעט און איז אין שרע־קען ביז יעצט" (צו דיא רוימער 8, 22); זיא דארף אן ער־לייזער, זיא מוז האבען איהר „תיקון".

דער מענש איז שלעכט פון נאטור אויס. דיא זינד ליגט אין איהם, אין זיין גוף. דאס פלייש איז בעצם זינדיג. ניט בלויז זינדיג, נאר אויך שוואך. דאס פלייש שטערט דעם מענשען צו זיין גוט; דאס פלייש שלעפט איהם געגען זיין ווילען צו דער זינד. ער דארף זיך בעפרייען פון דעם פלייש, אום ער זאל קענען גוט זיין. אבער דאס קען ער אויך ניט טהאן מיט זיין אייגענעם פרייען ווילען, ער איז צו שוואך אויף דעם. ער דארף מען זאל איהם העלפען; ער דארף אן ערלייזער, ווער עס זאל איהם בעפרייען פון דעם שווערען יאך פון זיין זינדיגען קערפער.

דיא וועלט און דער מענש מוזען האבען אן ערלייזער. גוטע מעשים וועלען איהם ניט העלפען; ער קען גאר קיין גוטע מעשים ניט טהאן, דאס איז געגען זיין נאטור, וועלכע איז בעצם שלעכט. דער ערלייזער פון דער וועלט און פון דער מענשהייט איז ניט דער מענש אליין, ניט זיין אייגענער

ווילען, ניט זיינע גוטע מעשים, נאר דער געקרייציגטער און צוריק לעבעדיג־געוואָרענער משיח. גאָט, אין זיין גרויס רחמנות צו דער שעפּפונג און צו דער מענשהייט, האט יע־זוס׳ען פערקערפּערט אין א זינדיגען קערפּער פון פלייש, האט איהם געלאָזען ליידען און אָבקומען אין פלייש, כדי ער זאָל פערגעבען און רעטען דיא אַלע, וואָס זיינען אין פלייש און וואָס קענען דארום ניט ווידערשטעהן דיא שלעכטס און דיא זינד. „איך וויים, דאָס אין מיר, דאָס הייסט אין מיין פלייש, וואוינט קיין גוטעס ניט. איך האָב דעם פערלאַנגען צו טהאָן גוטס, אָבער איך קען עס ניט דורכפיהרען. דיא גוטס, וואָס איך וויל, טהו איך ניט; דיא שלעכטס, וואָס איך וויל ניט, טהו איך יא. און ווייל איך טהו וואָס איך וויל ניט, טהו ניט א י ך עס, נאר דיא ז י נ ד וואָס זיצט אין מיר. איך געפין דארום א געזעץ, אז ווען איך וויל טהאָן גוטס, געפינט זיך אין מיר דיא שלעכטס. מיין אינערליכער מענש לעכטצעט נאָך גאָט׳ס תורה. אָבער איך זעה אַן אַנדער תורה אין מיינע גליעדער, וועלכע קעמפפט געגען דער תורה פון מיין גייסט און האלט מיר געפאַנגען צו דער תורה פון זינד, וועלכע געפינט זיך אין מיינע גליעדער. אה, איך אונגליקלי־כער, ווער וועט מיר אויסלייזען פון דיעזען קערפּער פון טוידט? איך דאַנק גאָט, דורך אונזער הערךן ישוע דער משיח“. (צו דיא רוימער 7, 18 — 25).

דיא תורה, גוטע מעשים, קענען דעם מענשען ניט העל־פען. די תורה קען ניט שטימען מיט דער מענשליכער שלעכטער באַטור. דיא מענשהייט דאַרף אַן ערלייזער, און דער ערלייזער איז געקומען אין דער פערזאָן פון דעם משיח י ע ז ו ס. וויא באַלד, אז דיא תורה קען סאי־וויא־סאי ניט העלפען, איז זיא אין גאַנצען איבעריג. דיא תורה האָט ניט געקענט ברייגען קיין גליק און קיין רוהע, ווייל דער מענש איז שוואַך, ער קען דיא תורה ניט היטען. מיט׳ן אָנקומען פון יעזוס׳ען זיינען דיא וואָס גלויבען אין איהם, און בלויז זיי אַליין, ער־לייזט געוואָרען, בעפרייט געוואָרען פון זייער זינדיגען קער־

פער, זיי לעבען בלויז אין גייסט. דיא תורה איז נאָר געגעבען געוואָרען פאר׳ן זינדיגען קערפער, אָבער אזוי וויא דיא גלויביגע זיינען צוזאַמען מיט יעזוס׳ען געשטאָרבען אין זייער פלייש אויפ׳ן קרייץ און זיי לעבען איצטער בלויז מיט זייער גייסט אין דעם גייסט פון יעזוס׳ען, דארום דאַרף מען מעהר ניט דיא תורה. דיא תורה איז בטל געוואָרען.

ניט דורך דער תורה קען אַ מענש געפינען גנאַדע, נאָר דורך דעם גלויבען. דער גלויבען מעג זיך זיין נאַריש, אָבער וואָס איז דיא מענשליכע חכמה און וואָס איז זיין שכל? „גאָט האָט בעשלאָסען דורך דער נאַרישקייט פון דער בשורה צו רעטען דיא גלויביגע" (1 קארינטהיער 1, 21). „קיין מענש קען פאר איהם ניט גערעכטפערטיגט ווערען דורך דיא מעשים פון דער תורה, וואָרים דורך דער תורה קומט דער וויסען פון זינד" (צו דיא רוימער 2, 20). „ווען ניט דיא תורה וואָלט איך ניט געוואוסט פון זינד; אָהן דער תורה וואָלט איך פון לוסט ניט געוואוסט, ווען זיא וואָלט ניט פערבאָטען דיא לוסט. דיא זינד האָט זיך בענוצט מיט דער תורה, כדי אין מיר דיא זינד צו ערוועקען, דען אָהן דער תורה איז דיא זינד טוידט" (צו דיא רוימער 1, 7—2). „דיא תורה ברייגגט אויף דער וועלט צאָרן; וואו עס איז ניטאָ קיין תורה איז ניטאָ קיין זינד" (צו דיא רוימער 4, 15).

צו וואָס איז אָבער דיא תורה אין גאַנצען געגעבען געוואָרען? כדי דורך איהר צו בעווייזען, אז מענשען קענען דורך איהר ניט געהאָלפען ווערען. אלע מענשען, סאַי דיא וואָס האָבען דיא תורה און סאַי דיא וואָס האָבען איהר ניט, זיינען גלייך זינדיג געווען, דיא מיט דער תורה און דיא אָהן איהר. דיא תורה האָט בעוויזען דיא אונפערמיידליכקייט פון דער זינד און צוזאַמען דערמיט האָט זיא אויך בעוויזען דיא נויטהיגקייט פון גאָט׳ס גנאַדע.

וויא אזוי איז דיא ערלייזונג פאָרגעקומען? דורך דער קרייציגונג פון יעזוס׳ען. „גאָט בעווייזט זיין ליעבע צו אונז דערמיט, וואָס דער משיח איז פאר אונז געשטאָרבען"

(צו דיא רוימער 5, 8). מיט דעם וואס דיא גלויביגע טובל'ען זיך אין דעם נאמען פון יעזוס, ליידען זיי מיט איהם צוזאמען דיא יסורים פון דער קרייציגונג, שטארבען מיט איהם צוזאמען און שטעהען מיט איהם צוזאמען אויף תחית המתים. ביי פאול איז דער טובל'ען זיך ניט בלויז א סימבאל פון ריינקייט, וויא ביי דיא עססעער; דער טובל'ען זיך קריגט ביי איהם א געהיימע בעדייטונג: דורך'ן טובל'ען ווערט דער מענש א גאנץ אנדער וועזען. „דאס וויסען מיר, אז דער אלטער מענש אין אונז איז צוזאמען מיט איהם גע־קרייציגט געווארען; דער זינדיגער גוף איז צושטערט געווא־רען, כדי מיר זאלען מעהר ניט דיענען דיא זינד".... „און אויב מיר זיינען געשטארבען אין משיח, גלויבען מיר, אז מיר וועלען אויך לעבען מיט איהם" (צו דיא רוימער 6).

דאס מיינט אבער ניט, אז וויא באלד דיא תורה איז בטל געווארען מעג מען שוין זינדיגען. עס מיינט נאר, אז דיא וואס גלויבען אין יעזוס'ען זיינען שוין דערמיט גופא געקו־מען צו אזא מדרגה, דאס זיי וועלען שוין ממילא ניט זינדיגען, ווייל זיי לעבען בלויז אין גייסט...

דיא זעלבע געהיימע בעדייטונג געפינט פאול אין „הערען'ס מאהלציים". „דיא וויין וואס מיר טרינקען איז א בעהעפטיגונג צו דאס בלוט פון משיח'ן; דיא ברויט וואס מיר עסען איז א בעהעפטיגונג צו זיין גוף" (1 קארינטהיער 10). דיעזע צערעמאניע איז א ריין געצענדיענערישע און איז איבערגענומען געווארען פון דעם מיטהרא־דיענסט. צו דאס האט פאול אליין געשריבען אדער עס איז אריינגע־שטעלט געווארען שפעטער איז ניט קלאהר.

זיין בעגריף וועגען יעזוס'ען איז, אז ער איז א דורכאויס גייסטיגער ווזען, וואס איז פערקערפערט געווארען אין פלייש. ער איז גאט'ס זוהן אין גייסטיגען זינן, ער איז „אין גאט'ס געשטאלט", „דער הימעלשער מענש" (א מין „אדם קדמאה" אדער „אדם דאצילות" פון דער קבלה). ער איז דער פערמיטלער צווישען גאט און מענשען; דורך איהם איז דיא

וועלט בעשאפען געוואָרען און אַלעס איז אין איהם. וויא דער פערזישער גאָט  א ר מ ו ז ד  איז זיין אויפגאבע צו בעקעמפפען שלעכטעס און זינד. ווען ער וועט דיעזע ארבייט אויפטהאָן, וועט ער דיא מלוכה צוריקקעהרען צו גאָט דעם פאָטער (1 קארינטהיער 15). אין פשוט'ע ווערטער, גאָט איז ניט איינער; ער האָט אַן ארויסהעלפער, וואָס בעקעמפפט דיא שלעכטעס.

* * *

וואָרפען מיר אראָפּ דיא אַלע פאַנטאַסטישע דרשות און געהיימניספולע פילאָזאָפעריען, בלייבט איין זאַך קלאָהר: פ א ו ל  ה א ט  אָ ב ג ע ש א פ ט  ד י א  ת ו ר ה. דערצו איז ניט נויטיג קיינע מיסטישע ערקלעהרונגען. דאָס איז געוועזן אַ קלאָהר דורכגעטראַכטער פּראָפּאַגאַנדיסטישער מיטעל. דורך דעם האָט ער זיך גלייך ערוואָרבען פיעלע אנהענגער. דיא אידישע תורה מיט אַלע פערזאָגען און פערבאָטען איז ניט געוועזן צום הארצען פאר דיא היידנישע פעלקער. מ'ל זיין זיך, ניט עסען קיין טרפות וכדומה זיינען געוועזן גרויסע שוועריגקייטען. אויסער דעם זיינען דיא מעהרסטע מצוות פון דער תורה געוועזן ריין אידעש־נאַציאָנאַלע. וואָס פאר אַ זינן וואָלט עס, למשל, געהאַט פאר דיא רוימער צו פייערען דעם אידעשען פסח אַלס דעם טאָג, ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים, ווערהענד זיי זיינען דאָרטען קיינמאָל ניט געוועזן? אַ פאָלק, וואָס וואָלט אָנגענומען דעם גאַנצען יודענטהום מיט אַלע מצוות פון דער תורה, וואָלט דערמיט גופא מיט דער צייט געוואָרען אַ טהייל פון דער אידעשער נאַציאָן און וואָלט פערלאָרען זיין אייגענע נאַציאָנאַליטעט. פאול האָט דאָס אַלץ אָבגעשאַפט, און האָט דערמיט געעפענט ברייט דיא טהירען פאר אַלע פעלקער אָנצונעהמען דיא אידעשע מאָראַל־לעהרען, דיא אידעשע עטהיק, אויב ניט דיא גאַנצע אידעשע תורה. עס איז אמת, נאָך פאר פאול'ען איז ביי אידען שוין געוועזן אַזעלכע מינים גרים, וואָס האָבען בלויז געדארפט היטען דיא „זיבען געזעצע פון נח'ס קינדער“,

וועלכע זיינען זעהר עהנליך אויף פאול'ס פערבאָטען, אָבער יענע גרים זיינען ניט פערדרעכענט געווען פאַר אידען. צו ווערען אַ איד, האָט איינער געמוזט אָננעהמען דיא גאַנצע תורה. ערשט דאַמאַלס איז ער געוואָרען אַ „גר־צדק", אַז ניט איז ער בלויז געווען אַ „גר־תושב". דיא אידען האָבען אַריינגענומען דיא גרים אויף אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן י ס ו ד; דער אַריינגענומער איז געוואָרען ניט בלויז אַ איד לויט דער אמונה, נאָר אַ טהייל פון דער אידישער נאַציאָן. אַלס אַזעלכער האָט ער געמוזט אָננעהמען דיא גאַנצע אידישע נאַציאָנאַלע תורה. פאול האָט אַריינגענומען גרים אויף אַ רעליגיעזען יסוד, אין גאַנצען איגנאָרירענדיג דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט פון אידעשקייט.

דיא אָבשאַפונג פון דער תורה האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען פראָטעסט געגען פ א ו ל'ע ן פון דיא אַנדערע אַפּאָסטאָלען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פעסט אָן דער תורה; זיי האָבען בעטראַכט פאול'ען וויא אַ משומד. מען האָט אָבער ענדליך געמאַכט אַ פשרה, אַז פאול זאָל פּראָפּאַגאַנדירען זיינע לעהרען צווישען דיא היידנישע פעלקער, מאַכען פאַר זיי לייכטער דעם צוטריט צו דעם גלויבען, ווערענד דיא אַנדערע אַפּאָסטאָלען זאָלען פּריידיגען צווישען דיא אידען. דיעזע פשרה האָט געבראַכט אַ פאָלשטענדיגע ניעדערלאַגע פאַר דיא אידען־קריסטען. זיי האָבען קיין נייע אַנהענגער צווישען דיא אידען ניט געקראָגען, יעדענפאַלס זעהר ווייניג, ווערענד פאול האָט געקראָגען זעהר פיעל תלמידים צווישען דיא היידען. עס האָט זיך באַלד אויסגעלאָזען, אַז דיא אורשפּרינגליכע אידעש־קריסטליכע געמיינדע איז געבליבען אַ גאַנץ קליינע מינדערהייט און האָט אין פערלויף פון דער צייט אין גאַנצען געמוזט פערשווינדען. אַ טהייל פון זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו דיא אידען און דער גרעסטער טהייל איז אויסגעמישט געוואָרען מיט דיא היידען־קריסטען.

דער קאַמפּף צווישען דיעזע ביידע ריכטונגען האָט

נאָך אַנגעהאַלטען א לאַנגע צייט, א פּאָאר יאָהר־הונדערטע, אבער סוף כל סוף האט זיך עס געענדיגט מיט א פֿאַלשטענ־דיגען זיעג פאר פ א ו ל'ע ן. דיא שפּעטערע קירכען־פערזאמלונגען האבען דיא גאנצע עביאָניטישע ליטע־ראַטור פערניכטעט, ערקלעהרענדיג זיי אַלס אפּיקורסית. דער איינציגער דאָקומענט, וואָס איז פון זיי געבליבען אין „נייען טעסטאַמענט" זיינען דיא בריעף פון י ע ק ב'ן. עס קען זיין, אַז אוים רעספּעקט צו איהם, ווייל ער איז געווען יעזוס'עם ברודער האָט מען עס איבערגעלאָזען.

יעקב'ס בריעף זיינען אָהן צווייפעל געווען געריכטעט אַלס א שאַרפע פּאָלעמיק געגען פאול'ען. דאָס קען מען זעהן פון דעם גאנצען טאָן, אָבער הויפּטזעכליך דערפון, וואָס ער האט געברויכט דיא זעלבע פסוקים, וואס פּאָול האט געברויכט צו בעווייזען דאָס געגענגעזעצטע פון פאול'ס לעה־רען. יעקב בעווייזט פון דיא זעלבע פסוקים, אַז גלויבען אַליין איז גאָרנישט און גאָרנישט, אַז דער עיקר זיינען טהאַטען. ער פאָדערט טהאַטען און ניט גלויבען אַליין: „וואָס העלפט עס, ליעבע ברידער, ווען איינער זאָגט, ער האָט דעם גלויבען און ער האָט קיין טהאַטען ניט — קען דען דער גלויבען איהם רעטען? ווען א ברודער אָדער א שוועסטער איז נאַקעט און עס פעהלט זיי דיא טעגליכע שפּייז, און איינער פון אייך זאָגט זיי: געהט געזונד, וואַרעמט אייך אָן און ווערט זאט און דאָס וואָס ער דאַרף גיט איהר איהם ניט — וואָס העלפט עס זיי? אזוי איז אויך דער גלויבען, ווען ער האָט ניט קיינע טהאַטען, אַליין איז ער טוידט" (דזשיימס 2, 14—17). „אזוי וויא דער גוף אָהן דער נשמה איז טוידט, אזוי איז אויך דער גלויבען אָהן טהאַטען טוידט" (דזשיימס 2, 26).

דער זעלבער י ע ק ב שילט און פלוכט דיא רייכע (דזשיימס 5). ער וואָרנט, אַז מען זאָל ניט האָבען מעהר דרך־ארץ פאר דעם רייכען וויא פאר דעם אָרעמאַן. ער האַלט דעם אָרעמאַן פאר דעם גרעסערען יחסן (דזשיימס 2). יעקב איז דער אמת'ער פאָרשטעהער פון דער האַלב־פּראָלעטאַרישער,

האלב־רעוואָלוציאָנערער, אין גאַנצען קאָמוניסטישער אידעש־קריסטליכער געמיינדע. ביי פאול׳ען, דאַגעגען, געפינט מען שוין ניט אזעלכע שארפע דבורים געגען דיא מאכטהאָבער. וואָס צו גאָט איז צו גאָט און וואָס צו לייטען איז צו לייטען... פאול, דער כמעט־אנארכיסט, וואָס פריידיגט, אז דיא זינד קומט דורכ׳ן געזעץ, ווען עס האנדעלט זיך וועגען דער תורה, ווערט דאַגעגען שרעקליך קאָנסערוואטיוו, ווען עס האנדעלט זיך וועגען דיא געזעצע פון דיא אלערליי הערשערליך:

„זאָל יעדער מאן זיך אונטערווארפען דיא אויבערשטע מאכט, ווייל עס איז ניטאָ קיין מאכט אויסער פון גאָט, און דיא הערשער זיינען פון גאָט געשטעלט. ווער עס שטעלט זיך געגען דיא הערשער, יענער שטעלט זיך געגען גאָט, און זיי וועלען קריגען זייער פערדאַמונג. דיא הערשער זיינען ניט קיין שרעק פאר גוטע טהאטען, נאָר פאר שלעכטע. ווילסטו קיין מורא ניט האָבען פאר דער מאכט, טהו גוטס און דו וועסט פון איהר געלויבט ווערען, וואָרים זיא איז גאָט׳ס דיע־נערין פאר דיין טובה וועגען. טהוסטו אָבער שלעכטס, דאַ־מאָלס האָב מורא, דען זיא טראָגט ניט אומזיסט דעם שווערד. זיא איז גאָט׳ס אויסהעלפער; זיא איז זיך נוקם אָן דעם ווער עס טהוט בייזעס“ (צו דיא רוימער 13). „מען דאַרף זיין אונטערטהעניג צו זיי“, דרש׳עט ער ווייטער, „ניט בלויז ווייל דיא הערשער האָבען דיא מאכט, נאָר ווייל זיי זיינען גאָט׳ס דיענער; מען דאַרף זיי צאָהלען דיא טאקסעס, ווייל זיי זיי־נען גאָט׳ס דיענער“. ער אליין האָט פון דעסטוועגען זיין אייגענע תורה ניט געפאָלגט. ער איז גאַנץ אָפט געקומען אין קאָנפליקט מיט אלערליי מאכט־האבער אין זיין פּראָפּאגאנדע ארבייט, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען גאָט׳ס דיענער. ער האָט געפריידיגט קוואס און אליין האָט ער געטרונקען וויין...

דיא תורה האָט פאול אָבגעשאפט און אנשטאט איהר האט ער ארויפגעשטעלט אויפ׳ן פיעדעסטאל דיא געזעצע פון אירגענד וועלכען דעספּאָט און זעלבסטהערשער. ער האָט דיעזע דעספּאָטען פערהייליגט, געבענדיג זיי דיא אויטאָרי־

טעט פון גאַט גופא. עס קען זיין, אז דאָס האָט זיך גענר־
מען דערפון, וואָס אין זיין פעסימיזם האָט ער זיך איבער־
הויפט ניט געקימערט, וואָס עס טהוט זיך דאָ אויף דיעזער
וועלט. עס איז אינטערעסאנט, וואס אויך ב ו ד ה א, ווע־
מעס פעסימיזם עס איז נאָך טיעפער אלס פאול'ס, האָט
אויך געלערנט אונטערוואַרפענהייט צו דיא מאכט־האָבער,
און דיעזע ביידע רעליגיאָנען זיינען גיך געוואָרען שטאאט־
רעליגיאָנען.

דער עיקר אין פאול'ס פראקטישע פאָדערונגען איז אונ־
טערטהעניגקייט: שקלאַפען דארפען זיין אונטערטהעניג צו
זייערע הערךען; ווייבער אונטערטעהניג צו דיא מענער; מע־
נער אונטערטהעניג צו דיא הערשער; אלע אונטערטהעניג צו
משיח'ן... אויסער זיינע מיסטישע פילאָזאָפעריען און זיין
פעסימיזם, איז פאול'ס פראקטישע לעהרע א גאנץ בעל־
הבית'ישע, וועלכע האָט זיך גאנץ גוט געקענט צופאסען צו
דיא אינטערעסען פון אלערליי מאכט־האָבער.

און זיא האָט זיך צוגעפאסט...



.15

# דיא שנאה צווישען דיא אידען און דיא אידען־קריסטען.

פאול האט זיך ניט בעגנוגענט דערמיט, וואס ער האט אבגעשאפט דיא תורה; ער איז געגאנגען פיעל ווייטער. ער איז געוועזען דער ערשטער און דער איינציגער צווישען דיא אפאסטאלען, וואס האט אנגעפאנגען צו פריידיגען האס און שנאה געגען דעם יודענטהום און דורך דעם אויך געגען דעם אידישען פאלק. ער איז געוועזען דער ערשטער קריסטליכער אידען־פיינד. ער האט פון דעם קריסטענטהום געמאכט ניט בלויז א פיינד פון יודענטהום, נאר אויך א פיינד פון אידישען פאלק. פאול פערענטפערט זיך אפילו, אז ער איז אליין א איד און אז זיין הארץ טרויערט אויף דיא אידען פארוואס זיי זיינען אזוי הארטנעקיג און ווילען ניט גלויבען אין יעזוס׳ן (צו דיא רוימער 9), אבער דאס ענדערט ניט דיא טהאטזאכע, אז זיינע לעהרען זיינען בעצם געוועזען ניט בלויז געגען דעם יודענטהום, נאר אויך געגען דיא אידען.

מען קען אבער ניט זאגען, אז דאס איז לכתחילה געטהאן געווארען אוים מענשען־פיינדליכע גרינדע; דאס איז גיכער געוועזען צוליעב פראפאגאנדיסטישע צוועקען. דיא אטאקען געגען יודענטהום און געגען דיא אידען זיינען געוועזען אבסאלוט נויטיג פאר דער וויטערער פערשפרייטונג און פאר דעם ווייטערען ערפאלג פון דער נייער אמונה, קוים האט זיא געוואלט עקזיסטירען אלס אזעלכע, אלס א נ י י ע אמונה. דאס קריסטענטהום איז פון זיין סאמע אנפאנג גע־

ווען צו ענג פערבונדען מיט'ן יודענטהום, עס איז געווען פלייש פון זיין פלייש און ביין פון זיין ביין, און עס האט געמוזט געמאכט ווערען א געוואלטזאמע אפעראציאן, אום איינע פון דיא אנדערע אבצורייסען. ווען ניט וואלט אלע מאל געווען דיא געפאהר, אז דיא נייע אמונה זאל זיך צוריקקעהרען צו איהר שורש, צו איהר אבשטאמונג, צום יודענטהום.

דאס האט געמוזט אונטער אלע אומשטענדען און מיט אלע מיטלען פערהיט ווערען, אויב פאול'ס לעבענס־אויפגאבע זאל אין גאנצען ניט געהן לאבוד. עס איז דארום געווען וועניג פאר איהם אבצושאפען דיא תורה; מען האט איהר דערצו אויך געדארפט אנגרייפען, בעשמוצען און בעזידלען, ערקלעהרען איהר אלס א ק ל ל ה און א פ ל ו ך, אלס ש ע ד ל יך (צו דיא גאלטער, 3, 13). עס איז געווען וועניג צו זאגען, אז מען דארף זיך ניט מל זיין, נאר „אז דער וואס איז זיך מל, וועט איהם משיח ניט העלפען" (צו דיא גאלאטער, 5, 3). עס איז פאר איהם געווען וועניג דיא בעהויפטונג, אז אידען און היידען זיינען גלייך דיא קינדער פון אברהם; פאול איז געגאנגען ווייטער, ער האט אויסגעפשט'עלט, אז נאר דיא היידען וואס גלויבען אין יעזוס'ען זיינען אברהם'ס קינדער, זיינע גייסטיגע יורשים. דיא ניט־גלויביגע אידען זיינען קינדער פון דער דיענסט... (צו דיא גאלאטער, 4).

פאול האט אין דיעזען הינזיכט געמאכט א גלענצענדען אנפאנג. נאך איהם זיינען געקומען אנדערע און עס האבען זיך באלד אנגעפאנגען צו בעווייזען אלץ מעהר און מעהר שונאים פון אידען און אידישקייט צווישען דיא ערשטע קריסטליכע שרייבערס און פאטערס. מאנכע זיינען אין זייער פערביטערטקייט און ווילדען האס אוועק אזוי ווייט, אז זיי האבען זיך שוין מעהר ניט בעגנוגענט מיט בעשפאטען און בעשמוצען דעם אידישען פאלק און דיא אידישע תורה. דאס איז געווען פאר זיי צו וועניג, זיי האבען געזוכט צו

נעהמען נקמה אן דעם אידישען גאט גופא... זיי האבען בע־
שלאסען איהם צו מאכען, שונא ישראל, פאר אוים מאכער.
פאר א „סעקאנד־הענדיגען" גאט, פאר א מין בעהעלפער.
י ה ו ה, דער פאטער? אה, ניין! דאס איז א צו גרויסער
כבוד פאר איהם; יהווה איז זיך סתם א מין משרת ביים
פריץ. דער קריסטליכער גנאסטיקער מ א ר ס י א ן האט
זיך, למשל, אזא מין שיטה: „דער אלערהעכסטער גאט איז
גוט. ער איז אבער צו הויך, אום זיך אבצוגעבען מיט אזעלכע
קליינינקייטען וויא בעשאפען דיא וועלטען. ער האט זיך
דארום געלאזט מאכען אן אונטער־גאט, דיעזער איז עס אונ־
זער גוט־בעקאנטער י ה ו ה", וועלכער האט בעשאפען דיא
וועלטען. דיעזער יהוה איז נאר א גאט פון געזעץ, פון מדת
הדין, און ער האט צו זאגען בלויז איבער דיא אידען. דיא
ארימע געטצענדיענער זיינען נאך אויף גרעסערע צרות וויא
דיא אידען; זיי ווערען נעביך בעהערשט פון שטן. דיא
אידען, אלזא, זיינען אונטער דער מאכט פון דעם בייזען
יהוה, דיא געטצענדיענער אונטער דעם שטן און בלויז דיא
קריסטען, דיא וואס גלויבען אין יעזוס'ן, דעם זוהן פון טא־
טען, בלויז זיי האבען דעם גליק צו ווערען בעהערשט טאקע
פון איהם גופא, פון דעם אלערהעכסטען גוטען גאט, דער
גאט פון גנאדע, דער גאט פון „מדת־הרחמים", וועלכער האט
זיך צו די מענשען ענטפלעקט צום ערשטען מאל דורך יעזוס'ן"
(געשיכטע פון קריסטענטהום, ראבערטסאן). יעזוס, לויט
דיעזער טהעאריע, איז נים דער זוהן פון יהוה, וועלכער איז
בלויז אן אונטער־גאט, נאר אן אויסשטראהלונג פון דעם
אלערהעכסטען גאט און איז דארום פיעל העכער וויא יהוה...
און דיעזער מ א ר ס י א ן איז נים געווען דער איינציגער;
עס האבען זיך געפונען מעהרערע אזעלכע צודרעהטע לעהרער
און לעהרען. יענע מינים גנאסטיקער האבען א פנים דיא
אידען ניט פערגונען דעם כבוד, אז יעזוס זאל זיין א זוהן פון
דעם אידישען גאט, זיי האבען דארום פאר איהם אויסגעזוכט
אן אנדער טאטען... עס איז פונקט וויא מאנכע מאדערנע

וויסענשאפטליכע אנטיסעמיטען, וויא ט ש ע מ ב ע ר ל י י ן און ה ע ק ע ל, ווילען דיא אידען ניט פערגינען דעם כבוד, וואס יעזוס שטאמט אב פון זיי און זוכען איהם צו געבען א רוימישען אדער גריכישען טאטע...

פון גערעכטיגקייט וועגען מוז דא בעמערקט ווערען, אז דיא קירכע האט דיעזע אלע לעהרען סוף כל סוף פערוואר־פען, אבער זייערע שפורען זיינען דאך געבליבען, אפילו אין מאנכע שטעלען פון פאול'ס עפיסטלען. סיי וויא סיי, דיעזע ווילדע טהעאריען בעווייזען, וויא שטארק עס איז דאמאלס שוין געווען דער פערלאנג ביי דיא היידען־קריסטען זיך אין גאנצען אבצוטרייסלען פון יודענטהום.

דיעזע קריסטליכע שנאה צו דיא אידען איז דאמאלס נאך געווען בלויז א טהעארעטישע, אויף דעם געביעט פון רעליגיאנס־פילאזאפיע. קיין פראקטישע בעדייטונג האט עס דאמאלס ניט געהאט און ניט געקענט האבען, ווייל דיא קריסטען אליין זיינען נאך דאמאלס געווען דיא שוואכע און דיא פערפאלגטע. דיעזע לעהרען האבען אבער געבראכט זייערע שוידערליכע פריכטע מיט א פאאר יאהרהונדערטע שפעטער, ווען דיא קריסטען האבען אריינגעקראגען דיא מאכט און ווען פון פערפאלגטע זיינען זיי געווארען פער־פאלגער... זאגאר דיא בעשולדיגונג אין געברויכען בלוט, וואס דיא היידען האבען בעשולדיגט דיא קריסטען (מסתמא צוליעב דעם קריסטליכען „הייליגען מאהלצייט“, וואו פון דעם ברויט ווערט על פי נס פלייש און פון דעם וויין—בלוט), זאגאר דיעזע בעשולדיגונג האבען דיא קריסטען ארויפגע־ווארפען אויף דיא אידען...

מען מוז אבער צוגעבען, אז דיעזע פיינדשאפט איז גע־ווען א געגענזייטיגע. דיא שנאה פון דיא אידען צו דיא קריסטען, הויפטזעכליך צו דיא אידען־קריסטען, איז בשום אופן ניט געווען וועניגער וויא דיא שנאה פון דיא קריסטען צו דיא אידען. דער אונטערשיעד איז אפשר בעשטאנען אין דעם, וואס דיא אידען זיינען געווען מעהר בערעכטיגט דערצו.

געגען דיא אידען־קריסטען פון יענער צייט, פון צווייטען און דריטען דור נאך יעזוס'ן, האבען דיא אידען געהאט גאנץ בעזונדערע טענות און חשבונות. דיא אידען־קריסטען זיינען ניט בלויז פעררעבענט געווען אלס „משומדים" אין עניגים פון רעליגיאן, נאר אויך אלס פשוט'ע לאנדס־פ ע ר ־ ר ע ט ה ע ר און ש פ י א נ ע ן. אין דעם פערצווייפעל־טען קאמפף, וואס דיא אידען האבען געפיהרט געגען דיא רוימער, האבען זיך דיא אידען־קריסטען ניט בעטהייליגט. דער שיקזאל פון זייער פאלק, זיין זעלבסטשטענדיגקייט, זיין פרייהייט, זיין נאציאנאלע אונאבהענגיגקייט, האט זיי ווע־ניג געקימערט. זייער „גאולה", זייער משיח, איז דאך שוין געקומען... דערצו זיינען זיי איבערהויפט געווען צופיעל הימעל־מענשען", אום זיך אבצוגעבען מיט אזעלכע שטותים וויא קאמפף פאר פרייהייט... און ווען דער גרויסער נאציא־נאלער אונגליק האט געטראפען, ווען דאס אידישע פאלק האט אויף שטענדיג פערלארען זיין היים און אונאבהענגיג־קייט, האבען דיא אידען־קריסטען גאנץ ווייניג טרעהרען פער־גאסען אויף דעם. זיי האבען אין דעם געזעהן א שמייאף פון הימעל, ווייל דיא אידען האבען זיך ענטזאגט צו אנערקענען יעזוס'ן... זיי האבען זיך דערמיט זאגאר געפרעהט, בע־טראכטענדיג עס אלס א בעשטעטיגונג פון זייערע לעהרען און גלויבענס...

און שפעטער, ווען דער העלדישער ב ר ־ כ ו כ ב א מיט דעם גאנצען אידישען פאלק הינטער זיך, האט ווידער אמאל געפרובירט אראבצואווארפען פון זיך דעם יאך פון דיא רוימער, האבען פיעלע פון דיא אידען־קריסטען געשפיעלט דיא טרויעריגע ראלע פון ש פ י א נ ע ן און פ ע ר ־ ר ע ט ה ע ר, איבערגעבענדיג דיא רוימער אלע יענע מילי־טערישע סודות, וואס זיי האבען געקענט ארויסקריגען. זיי, דיא אידען־קריסטען, האבען אזא פעררעטה ניט געקענט בע־טראכטען פאר אן עולה; זיי האבען עס גיכער אנגענומען פאר א גוטע זאך. ב ר ־ כ ו כ ב א איז פון גרויסען עולם

און אפילו פון א טהייל פון דיא געלעהרטע, וויא ר ב י ע ק י ב א און זיינע תלמידים, בעטראכט געוואָרען אלס ד ע ר מ ש י ח. אויב בר־כוכבא זאָל זיעגען, וועט ער דאָך זיכער בעטראכט ווערען אלס משיח, אלס דער אמת'ער משיח — וואס וועט זיין דאמאלס מיט יעזוס'ן? דיא ארימע איד־דישע קריסטען האבען זיך געמוזט פיהלען גאנץ אונאנגענעהם, ווען עס האָט פון אָנפאנג אויסגעוויעזען, אז בר־כוכבא וועט זיעגען. זיי האבען געמוזט פיהלען דאס זעלבע, וואס מאנכע קריסטליכע פאָליטיקער און געלעהרטע האבען געפיהלט אין דער צייט פון דער „שבתי־צבי" בעוועגונג, ווען זיי האבען רק מורא געהאט: „און טאמער איז ער טאקע דער משיח?"

נאכדעם וויא דער בר־כוכבא אויפשטאנד איז אונ־ב'רחמנות'דיג אונטערדריקט געוואָרען דורך דער אייזערנער האנד פון אדריאנוס (האדריאן), ווען דיעזער לעצטער אויפ־שטאנד איז פערטרונקען געוואָרען אין דעם בלוט פון דעם אידישען פאָלק; ווען צעהנדליגע, פילייכט הונדערטע, טויזענ־דע אידען זיינען אויסגעשאָכטען און מאסאקירט געוואָרען אין פונקט אזוי פיעל זיינען פערקויפט געוואָרען פאר שקלאפען אויף דיא רוימישע, גריכישע, עגיפטישע און קליין־אזיאטישע מערק; ווען עס איז ארויס א גזרה, אז אידען טאָרען ניט היטען און לערנען דיא תורה, טאָרען זיך ניט מל זיין, טאָרען ניט היטען דעם שבת און אזוי ווייטער; ווען דאס אלעס האט פאסירט, האבען דיא אידען־קריסטען זיך געאיילט צו ערקלעהרען, אז זיי זיינען ניט קיין אידען און צו בעווייזען זייער טרייהייט פלעגען זיי פער'מוסר'ען און ארויסגעבען צו דיא רוימער דיא אידען, וואס האבען אבגעהיט דיא תורה.

אבער אויסער דיעזע ריין־פּאָליטישע פערברעכענס פון דיא אידען־קריסטען, איז אויך צוגעקומען דער רעליגיעזער עלעמענט. דיא איצטיגע אידען־קריסטען זיינען שוין מעהר ניט געווען דיא פרומע אידען, וויא זייערע טאטעס און זיידעס. זיי זיינען אלץ מעהר און מעהר געקומען אונטער דעם איינ־פלוס פון דיא היידנישע קריסטען, וועלכע זיינען שוין געווען

אין דער גרויסער מעהרהייט און האבען זיך אלץ מעהר דערווייטערט פון אידישקייט און פון דער אידישער תורה. זייערע אנזיכטען בנוגע דיא פערזענליכקייט פון יעזוס'ען האבען זיך אויך שטארק געענדערט. ביסלאכווייז האבען אויך זיי, פונקט וויא דיא היידען־קריסטען, איהם אנגעפאנגען צו בעטראכטען אלס גאט. דאס איז, פערשטעהט זיך, געווען דאס ערגסטע פון דעם אידישען שטאנדפונקט, פון דעם שטאנדפונקט פון דעם אידישען מאנאטהעאיזם. עס איז אינטערעסאנט, וואס דיא מעהרסטע פון דיא טענות געגען דיא „מינים“*) וואס געפינען זיך אין תלמוד, זיינען געריכטעט געגען דעם בעגריף פון א דאפעלטער גאטהייט, געגען דעם בעגריף פון „שתי־רשויות“, געגען דער לעהרע, אז גאט האט געהאט אן ארויסהעלפער ביים בעשאפען דיא וועלט. עס איז אהן צווייפעל, אז פיעלע פון יענע טענות זיינען געווען געריכטעט געגען דיא גנאסטיקער און אנדערע סעקטאנטען, אבער דיא אידען־קריסטען וויא דיא קריסטען איבערהויפט זיינען ניט געווען אין גאנצען ריין פון אזעלכע לעהרען. דער פאקט איז, אז אין פאול'ס בריעף געפינט זיך דיזע לעהרע: „דורך איהם (דורך יעזוס'ן) האט ער געמאכט אלע וועלטען“ (צו דיא העברייער, 1, 2).

---

*) לויט דער מיינונג פון דיא מייסטע געלעהרטע, סאי אידישע און סאי קריסטליכע, ווערט אונטער דעם תלמודישען ווארט „מינים“ פערשטאנען דיא „אידען־קריסטען“ און דיא פערשיעדענע אידעש־קריסטליכע גנאסטיקער. מאנכע מיינען, אז דער ווארט „מין“ איז א ראשי תבות: „מאמיני ישוע הנוצרי“, דיא וואס גלויבען אין נוצרי. אנדערע מיינען, אז דאס האט זיך גענומען פון ווארט „מאמינים“, גלויביגע, וויא דיא ערסטע קריסטען האבען זיך גערופען. אום פון זיי אבצוטאכען, האט מען דערפון געמאכט „מ י נ י ם“; נאך אנדערע זיינען מיט דער מיינונג, אז דער דאזיגער ווארט איז געלייגט געווארען אויף דיא אלע ס א ר ט ע ן קריסטליכע סעקטאנטען און גנאסטיקער. מען האט זיי גערופען מ י נ י ם, ווייל צווישען זיי האבען זיך געפונען אלערליי מינים, אלערליי סארטען. דיא קריסטליכע צענזוריע האט אין פיעלע פלעצער פערביטען דעם ווארט „מין“ אויף דעם ווארט „צדוקי“ און אויך אויף דעם ווארט „פלוסוף“.

דעבאטען צווישען דיא אידעשע געלעהרטע און דיא מינים זיינען א פנים געווען זעהר אפט אין יענע צייטען, און אזעלכע שטעלען געפינען זיך זעהר פיעל אין תלמוד“. דיא אויספיהרליכסטע פון זיי איז דיא דעבאטע פון רבי שמלאי (ירושלמי, ברכות, הרואה, און בראשית רבה, ח

און אויב די אמונה אין אן איין־איינציגען גאָט איז שוין פון אַ לאנגע צייט פריהער געווען שטארק איינגעוואָרצעלט ביים אידישען פאָלק און איז פון איהם בעטראכט געוואָרען פאר דעם סאַמע עיקר פון דער גאנצער אמונה, איז זיא איצט נאָכ'ן חרבן געוואָרען נאָך שטארקער און נאָך וויכטיגער. דאָס איז געוואָרען אַ מין ליידענשאפט ביים אידישען פאָלק, אַ לעבענס־אויפגאבע, און ווען מען האָט רבי עקיבא'ן מיט אייזערנע קאַמען זיין פלייש געריסען, האָט ער זיין לעצטען אָטהעמצוג אויסגעהויכט מיט דעם וואָרט „אחד". פון יעמאָלט אָן האָבען טויזענדע און צעהנדליגע טויזענדע אידי־שע מאַרטירער געטהאָן דאָס זעלבע. דער „שמע ישראל" האָט אויסגעדריקט דעם אידישען שטאָלץ, דעם אידישען טראָטץ, דיא אידישע הארטנעקיגקייט און דיא אידישע קאמפּפס־פעהיגקייט.

עס פערשטעהט זיך, אז דאָס אידישע פאָלק האָט ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג צו דיא אידען־קריסטען, וועלכע האָבען מיט זייערע לעהרען געשטעלט אין געפאהר דעם וויכ־טיגסטען פונקט פון דער אידישען אמונה. דיא אידען האָבען דארום אָנגעווענדעט אלע זייערע מעגליכקייטען זיך צו דער־ווייטערען פון דיא אידען־קריסטען. ניט בעזיצענדיג קיין פּאָליטישע מאכט און ניט האָבענדיג קיינע מעגליכקייטען צו פערפאָלגען דיא אידען־קריסטען, וויא דאָס האָבען געטהאָן דיא רוימער מיט אלע קריסטען, האבען זיך די אידען בעגוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען זיך געזוכט צו דערווייטערען פון די אידען־קריסטען. עס איז פערבאָטען געוואָרן צו האָבען מיט זיי אירגענד וועלכע מגע ומשא. מען טאָר זיך מיט זיי ניט מתחתן זיין; מען טאָר ניט עסען פון זייער שחיטה; מען טאָר ניט גע־ברויכען זייער ברויט, זייער ווייך און זייער בוימאייל. א ספר תורה, וועלכע איז געשריעבען געוואָרען פון אַ מין, דארף פער־ברענט ווערען. דאָס האָט זיך מסתמא גענומען דערפון, וואָס מען האָט דיא אידען־קריסטען, ניט אָהן גרונד, חושד געווען אין פעלשונגען. אין דער אלטער תפלה פון „שמונה־עשרה"

אין דעם פאראגראף, וואו עס ווערט געבעטען געגען שלעכטס אין אלגעמיין און געגען אידישע שונאים בעזונדער, איז אויך אריינגעשטעלט געווארען דער ווארט „מינים" און איז בעקאנט אלס „ברכת המינים". יעדער האט עס געמוזט בעטען, אז ניט האט מען איהם חושד געווען, דאס ער איז א „מין". שפעטער איז דיא תפלה געענדערט געווארען און אנשטאט „מינים" איז געווארען „מלשינים". דאס איז דיא תפלה, וועלכע פאנגט זיך אן „ולמלשינים אל תהי תקוה"—„און צו דיא מוסרים זאל ניט זיין קיין האפנונג".

פארצייטען איז געווען א מנהג, אז נאכ'ן „שמע ישראל" פלעגט מען לייענען דיא „עשרת הדברות". דאס האט מען אבגעשאפט, כדי דיא מינים זאלען דערפון ניט נעהמען קיין ראיה, אז זיי זיינען גערעכט מיט זייער בעהויפטונג, אז דיא „עשרת הדברות" זיינען דער עיקר.

אלטע מנהגים זיינען אבגעשאפט געווארען, נייע תקנות זיינען איינגעפיהרט געווארען אלץ מיט דעם צוועק צו בעקעמפפען דיא „מינים" און זייערע לעהרען (זעה דור דור ודורשיו, פרק כ"ד). פונקט וויא ביי דיא קריסטען איז פאר־געקומען א בעוועגונג זיך אבצורייסען פון יודענטהום, אזוי איז ביי דיא אידען פארגעקומען א בעוועגונג זיך צו דערווייטערען פון דיא אידען־קריסטען. דיא קריסטליכע לעהרער האבען מורא געהאט, אז זייער לעהרע זאל צוריק פעראידישט ווערען און פערלירען איהר אינדיווידועלען פנים; די אידען פון זייער זייט האבען מורא געהאט, אז דיא אידישקייט זאל ניט פערקריסטעלט ווערען. ביידע האבען מורא געהאט איינע פאר דיא אנדערע און ביידע האבען געטהאן זייער בעסטעס זיך צו האלטען בעזונדער, און ביידע זיינען געווען ערפאלג־רייך. דער תהום צווישען אידענטהום און איהר טאכטער, דאס קריסטענטהום, איז אלץ געוואקסען און געוואקסען...

דיא בעציהונגען פון דיא אידען צו דיא אידען־קריסטען און צו דיא קריסטען בכלל איז געווען אנדערש, וויא דיא בעציהונגען פון דיא אידען צו דיא אלע אנדערע רעליגיאנען

פון יענער צייט. דיא אידען זיינען דאמאלס בשום אופן ניט געווען יענע ענגהערציגע, פערביסענע, ווילדע רעליגיעזע פאנאטיקער, וויא זיי ווערען ארויסגעשטעלט, למשל, פון א רענאן און אנדערע קריסטליכע געלעהרטע. וואס מען זאל ניט זאגען וועגען דיא אידען אין מיטעלאלטער און אין דער נייער צייט אין דיעזער היגזיכט, אבער אין דער אלטער צייט זיינען זיי געווען ווייט פון רעליגיעזען פאנאטיזם. זיי האבען געמעגט האלטען, אז זייער רעליגיאן איז דיא בעסטע, אזוי האבען אויך געמיינט אלע אנדערע פעלקער וועגען זייערע רעליגיאנען, אבער דיא אידען האבען איהר קיינמאל ניט געזוכט ארויפצווינגען מיט געוואלט אויף אנדערע, וויא דאס האבען געטהאן און טהוען עד היום דיא קריסטען. ביי אידען איז שוין פון לאנג געווען דער כלל: „זאל זיך יעדער מענש געהן אין דעם נאמען פון זיין גאט, און מיר וועלען געהן אין דעם נאמען פון אונזער גאט".

גאנץ אנדערש איז עס געווען מיט דעם קריסטענטהום אין דעם אנפאנג פון זיין וואקסען. דיא אידען האבען צום קריסטענטהום ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג וויא, למשל, זיי וואלטען געקענט זיין צום בודהיזם. דאס קריסטענטהום איז ניט געווען אין בעצוג צו דיא אידען סתם א רעליגיאן, וואס פרעדיגט געוויסע לעהרען און געוויסע געדאנקען. דאס קריסטענטהום, וויא עס איז פארמירט געווארען פון פאול און זיך היסטאריש ענטוויקעלט, איז געווען אין בעצוג צום יודענטהום א פאלעמיקע, א קאמפף. דאס קריסטענטהום וויל און מוז בויען זיינע בנינים אויף דיא חורבות פון יודענטהום. דאס קריסטענטהום איז נאר דאמאלס בערעכטיגט אויף זיין עקזיסטענץ, ווען דאס יודענטהום טויג ניט. דאס קריסטענטהום זאגט, אז עס איז געקומען ירש'ענען דעם פלאץ פון יודענטהום; עס בעטראכט זיך פאר א „נייען בונד", וועהרענד דאס יודענטהום איז דער „אלטער בונד", דער וואס טויג ניט מעהר...

דאס יודענטהום איז אנגעגריפען געווארען, און אנגע־
גריפען געווארען שארף, און עס האט זיך פערטהיידיגט. דער
קאמפף פון דיא אידען געגען דיא אידען־קריסטען איז געווען א
פערטהיידיגונגס־קאמפף. דער קאמפף פון יודענטהום געגען
דעם קריסטענטהום בכלל איז אייגענטליך ניט מעהר וויא א
פערטהיידיגונג פון דעם יודענטהום'ס אלטע פאזיציע. דאס
קריסטענטהום איז בעצם, לויט זיין וועזען, א ן א נ ג ר י ף
ג ע ג ע ן ד ע ם י ו ד ע נ ט ה ו ם. און וועהרענד דיא
אידען האבען געקענט זיין גאנץ טאלעראנט און פערטראגען
אלערליי רעליגיעזע מיינונגען און גלויבענס ביי אנדערע,
האבען זיי אבער ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג צו א
לעהרע, וועלכע האט זיי און זייער תורה ערקלערט אלס אויס־
בראקירטע.

דיא אידען האבען זיך גאנץ פיין בעדאנקט פאר אזא
ליעבליכען קאמפלימענט און האבען פארטגעזעצט זייער ארט
לעבען וויא פריהער.

דיא אידען דאמאלס האבען א פנים ניט געהאט קיין
חשק צו בעשפייען זייער אייגענע היסטאריע און זיך אליין
צו ערקלעהרען אלס אויסגעבראקירטע.



.16

# די היידנישע עלעמענטען אין קריסטענטהום.

„דער בעקאַנטער געזעץ, אַז ווען צוויי קערפּערס קומען אין צוזאַמענשטויס, ווערען דיא פאָרמען פוןביידע געענדערט, איז גילטיג ניט בלויז אין דער מעכאַנישער וועלט, נאָר אויך אין סאָציאַלע ענינים, אויך אין דער וועלט פון אידעען. דאַס היידענטהום איז געענדערט געוואָרען דורך דעם קריסטענטהום; דאַס קריסטענטהום איז געענדערט געוואָרען דורכ'ן היידענטהום" (דרעפּער).

זאָגאַר דאַס יודענטהום איז ניט געבליעבען אין גאַנצען פריי פון דיעזען היידנישען איינפלוס. מיר האבען שוין געהאַט דיא געלעגענהייט צו בעמערקען, אַז אויך דיא אידען האבען איבערגענומען פיעלע פון דיא אנזיכטען פון דיא פעלקער, מיט וועלכע זיי זיינען געקומען אין בעריהרונג און אין צוזאַמענשטויס. דיא גאַנצע אידישע געהיים־לעהרע, דיא זאָגענאַנטע „חכמת הנסתר", בעשטעהט פון דיא דאָזיגע פילאָזאָפעריייען. דיא נעמען פון געוויסע מלאכים זיינען ניט מעהר און ניט וועניגער וויא דיא נעמען פון מאַנכע היידנישע געטער, וויא, צום ביישפּיעל, „מ ט ט ר ו ן", וועלכער איז, לויט דער מיינונג פון ק אָ ה ו ט, ניט קיין אַנדערער וויא מ י ט ה ר אַ. דער דאָזיגער מטטרון איז אַ מין אונטער־גאָט און ווערט אויך אַנגערופען דער „שר של עולם" — דער הערשער פון דער וועלט. דיעזער „שר של עולם" האט זיך אפילו אריינגע'גנב'עט אויך אין מאַנכע

שטעלען פון תלמוד (חולין ס׳; יבמות ט״ז; סנהדרין צ״ד. זעה מורה נבוכי הזמן, דרך החצונים).

אבער דער איינפלוס פון דיא דאזיגע אלע היידנישע לעהרען אויף׳ן יודענטהום איז געווען זעהר א בעגרענצטער. דאס אידישע פאלק האט פערשטאנען, וויא אזוי צו אסימי־לירען דיעזע אלע לעהרען און זיי געבען א אידישען אויס־זעהן און א אידישען פנים. דיא אידישע מיסטיקער האבען געזוכט אריינצו׳פשט׳לען דיעזע לעהרען אין פסוקים פון דער ביבעל און אויף אזא אופן זיי צו כשר׳ען. דערצו הא־בען זיי גופא געהאלטען זייערע לעהרען בסוד, מאכענדיג זיי בעקאנט בלויז צו איינצעלנע, צו יחידי סגולה. פון דעם אנדערען זייט האבען דיא פארשטעהער פון דעם יודענטהום אנגעווענדעט אלע מיטלען, אום דעם פאלק אויסצוהיטען פון דעם איינפלוס פון דיא היידנישע רעליגיאנען און פילא־זאפיען. דאס איז דער שליסעל צו דיא אלע חומרות און גזרות, צו דיא אלע פערבאטען, צו דיא אלע ערוויטערונגען פון אלץ וואס איז עהנליך אויף געטצענדיענסט און געצענ־דיענערישע מנהגים („משום דרכי האמורי“).

גאנץ אנדערש איז עס געווען מיט׳ן קריסטענטהום. שוין ביי זיין סאמע אנפאנג איז עס געווען א קינד פון יענע געהיים־לעהרען. שוין ביי זיין געבורט איז עס געווען בע־איינפלוסט פון דעם אידישען גנאסטיציזם, וויא ער גע־פינט זיך אין מאנכע פון דיא אפאקריפען; פון דיא „ניי־פיטהאגארישע“ לעהרען, וויא זיי זיינען פעראידישט געווארען אין דיא „מעשי־בראשית“ און „מעשי מרכבה“ דורך דיא עססעער און דיא טהעראפעוטען; פון דיא „ניי־פלאטאנישע“ לעהרען, וויא זיי זיינען פעראידישט גע־ווארען פון דער אלעקסאנדרישער שוהלע און פון פילא דעם אידען. כל זמן דיא ערשטע אידישע קריסטען האבען זיך נאך בלויז בעטראכט פאר א אידישע סעקטע, פאר דיא ריכטיגע אידען, האט דאס יודענטהום אויסגעאיבט אויף זיי זיין צוריקהאלטענדען איינפלוס. קוים אבער האט זיך

דאס קריסטענטהום איז גאנצען אבגעריסען פון יודענטהום, איז עס אלץ מעהר און מעהר בעאיינפלוסט געוואָרען ניט בלויז פון דיא היידנישע רעליגאָנס-פילאָזאָפיען, נאר נאָך מעהר פון דיא היידנישע מנהגים און צערעמאָניען, פון דעם היידנישען קולט און גאָטעס-דיענסט. אפילו דיא שנאה צו בילדער און צו איקאָנען, מיט וועלכע דיא ערשטע קריס־טען האבען זיך אויסגעצייכענט און וואס זיי האבען גע־ירש'ענט פון דעם יודענטהום, איז אויך מיט דער צייט אין גאנצען פערשוואונדען. דיא קריסטליכע קירכע האט אין דיעזען הינזיכט זאָגאר אריבערגעשטיגען דיא אלע היידנישע רעליגיאָנען...

„עס איז געוועזען א געמישעכץ פון דיא סאמע גע־גענגעזעצטע ארט דיינקען און לעהרען. אידישע און געטצענ־דיענערישע, אלטע און נייע, אמת'ע און פאלשע, ערהאבענע און ניעדעריגע, אלע זיינען געקומען אין נאָהענטער בעריה־רונג, אלע האבען זיך צוזאמענגעשמאָלצען. עס האט אויס־געוויעזען אזוי וויא דיא אלערליי לעהרען פון דיא אלטע צייטען וואָלטען געוואָלט פעראייביגט ווערען אין דעם קריס־טענטהום, און יעדע פון זיי האט עטוואס בייגעבראכט צום קריסטענטהום" (גרעטץ).

„יעזוס, אויב ער האט געלעבט, איז געווען א איד, און זיין רעליגיאָן, מיט מאנכע ענדערונגען, איז געווען דיא אידישע. מיט זיין טוידט האבען זיך דיא וועגען אנגעפאנגען פערנאנדערצושיידען. אין פערלויף פון דעם ערשטען יאהר־הונדערט איז עס פאָרגעקומען לאנגזאם, אבער אין דיא נעקס־סטע יאהרהונדערטע איז עס פאָרגעגאנגען שנעל. דיא אי־דישע עלעמענטען פון זיין רעליגיאָן זיינען מיט דער צייט כמעט אלע ארויסגעוואָרפען געוואָרען, און דיא היידנישע עלעמענטען זיינען איינער נאָך דעם אנדערען פערקערפערט געוואָרען אין דעם נייעם גלויבען" (רעמסבורג, דער קריסט).

„דיא אידישע שריפטען און דיא טראדיציאָנעלע לעה־רען פון זייערע געלעהרטע (תורה שבעל פה), דיא עססעער

און דיא טהעראפעווטען, דיא גריכישע פילאזאפיע, דער נייפלאטאניזם פון אלעקסאנדריען און דער בודהיזם פון דעם אסט (מזרח) האבען געגעבען גענוג מאטעריאל פאר דיא לעהרען פון דעם נייעם גלויבען. דיא געטליך־געבארענע פערזאנען פון דיא גריכען און דיא רוימער, דיא לעגענדען פון דעם עגיפטישען גאט אזירים; דיא לעגענדען וועגען ראמא, קרישנא און בודהא פון דיא אינדיער האבען געגעבען דעם מאטעריאל פאר דעם בילד פון דעם נייעם ערלייזער פון דער מענשהייט" (סטרענדזש, דער בילד און דיא מיסיאן פון יעזום).

* * *

דיא אינדיער גלויבען אין א דריי־איינינקייט: בראהמא, ווישנו און סיווא. בראהמא איז דער העכסטער גאט. זיין וועזען איז אונערקלעהרליך און אונפערשטענדליך. ער איז דער אנפאנג און דיא ענדע פון אלץ און אליין איז ער אהן אן אנפאנג און אהן אן ענדע. ער געפינט זיך אין אלץ און אלץ געפינט זיך אין איהם. מען קען פון איהם און וועגען איהם זיך ניט מאכען קיין פארשטעלונג; אין איהם פעראייניגען זיך אלע געגענזעצע. ער איז אזוי וויא דער „אין סוף" פון דער קבלה, א מין פילאזאפישער בעגריעף, א מאטהעמאטישער פונקט.

ווישנו איז דער צווייטער גאט פון דער דריי־איינינקייט. ער איז אייגענטליך דער „מדת הרחמים" פון בראהמא. ער, אין געגענזאץ צו בראהמא, אינטערעסירט זיך מיט דעם מענשען און זיין שיקזאל. ער קען געריהרט ווערען פון מענשליכע תפילות און פון מענשליכע צרות. אין שלעכטע, קריטישע צייטען, ווען דיא מענשהייט ליידעט פון זינד און שלעכטס, ווען זיא שטעהט אין געפאהר אין גאנצען פערניכטעט צו ווערען, דערבארעמט זיך ווישנו, געהט אראב פון זיינע הויכע הימלען און לאזט זיך פערקערפערען אלס א מענש. ער לערנט דיא מענשען, ווייזט זיי דיא ריכטיגע וועג, ליידט פאר זיי און ווערט זייער ערלייזער.

ס י ו ו א איז דער דריטער גאָט פון דער דריי־איי־ניגקייט. ער איז דער „מדת הדין“ פון בראהמא. ער האט צו זאָגען איבער דעם געבורט און דעם טוידט פון אלע לעבעדיגע. ער איז דער אונ׳ברחמנות׳דיגער הערשער פון דער שטריינגער נאַטור. מיליאָנען איבער מיליאָנען לעבעדיגע וועזענס ווערען פערניכטעט, כדי אנדערע זאָלען געבאָרען ווערען, וועלכע ווערען וויעדער פערניכטעט, אום צו מאַכען פּלאַץ פאר נייע, און אזוי געהט עס כסדר. דאס זיינען דיא געהיימע, אכזריות׳דיגע וועגען פון ס י ו ו א.

ק ר י ש נ א איז דער פערקערפּערטער גאָט ו ו י ש נ ו. פריהער פאר איהם האט זיך ו ו י ש נ ו שוין געהאט פערקערפּערט אין זיעבען אנדערע מענשען; קרישנא איז דער אכטער. ער איז אבער ניט דער לעצטער. ב ו ד ה א איז א שפּעטערע פערקערפּערונג פון דעם זעלבען ווישנו. וויא עס איז שוין אויבען געזאָגט געוואָרען, פערקערפּערט זיך ווישנו יעדעס מאָל, ווען דיא מענשהייט נויטיגט זיך אין איהם אלס ערלייזער.

אין ק ר י ש נ א, גלויבען זיינע אנהיינגער, האט זיך ו ו י ש נ ו ענטדעקט אין זיין גאַנצען פראכט און גרויסקייט. קרישנא זאָל האבען געבאָרען געוואָרען פון ניין ביז צוועלף יאהרהונדערטע פאר יעזוס׳ן. זיין תורה איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען: „סרימאַד־בהאגאוואד־גיטא“, דעם געבענשטען גאָט׳ס געזאַנג. ער פּריידיגט טוגענד, מוטה און ענטזאגונג. דאס לעצטע ווערט ביי איהם אויסגעדריקט אין דעם וואָרט „יאָגאַ“. דאס איז אזא מין גייסטיגער צושטאנד, ווען דעם מענשען קימערט ניט מעהר קיין זאַך; ווען ער פערשטעהט שוין, אז דיא וועלט איז נאריש און ער קען דארום אלץ בעטראַכטען מיט א קאַלטען, רוהיגען, גלייכגילטיגען, פילאָזאָפישען קוק. גוטס און שלעכטס, פערגניגען און שמערצען, פרייד און טרויער, גליק און אונגליק, יוגענד און אַלטקייט, געזונד און קראַנקהייט, לעבען און טוידט, דאס זיינען אלץ בלויז איבערגעהענדע און פערבייגעהענדע ער־

שיינונגען, וועלכע האבען אין תוך קיין בעדייטונג און קיין ווערטה ניט. ווען דער מענש דערגרייכט דיא מדרגה פון „יאָגאָ“, דאן האט ער ערדייכט דיא העכסטע שטופע, דאן



דיא „גאטעס - מוטער“ פון דיא אינדיער. (ענטנומען פון „דיא גרויסע ערלייזער פון דער מענשהייט“). פון שוואמא אבהעדאנאנדא.

קען ער זיך בעהעפטען אין קרישנא און אלץ ווערט פאר איהם קלאָהר און פערשטענדליך; ער בעפרייט זיך פון זיך גופא. „יאָגאָ“—דאס איז א בעהעפטונג צווישען

מענש און גאָט, צווישען דאס בעגרענצטע און דעם אונענד־ליכען; צווישען דעם איינצעלנעם און דיא קוועלע, פון וואנען אלץ קומט ארויס. דער בודהיסטישער „ג י ר ו ו א־ג א“, איז א מין ווייטערע ענטוויקלונג פון קרישנא׳ס „יאָגא“.

ווען מען לעזט אויפמערקזאם דעם ב ה א ג א ו ו א ד־ג י ט א, מערקט מען אן א געוויסע עהנליכקייט צווישען איהם און מאנכע שטעלען אין דיא עוואנגעליומס, ניט אזוי אין דיא לעהרען וויא אין דעם סטיל און דיא פאָרמען פון דער שפראך. ק ר י ש נ א רעדט ניט אין דעם נאמען פון גאָט, וויא דאס האבען געטהאָן דיא אידישע נביאים. ער רעדט אין נאמען פון זיך, ווייל ער בעטראכט זיך פאר דעם פערקערפערטען גאָט. „איך בין דער אנפאנג, דער מיטען און אויך דיא ענד פון דיא זאכען. איך בין ווישנו צווישען דיא געטער; צווישען דיא ליכטער בין איך דיא שטראהלענ־דע זונן; צווישען דיא שטערן בין איך דיא לבנה“, זאָגט ווע־גען זיך קרישנא (בהאגאוואד־גיטא, 10). אויך יעזוס רעדט שטענדיג אין נאמען פון זיך: „איך בין דיא ברויט פון הי־מעל“; „איך בין דער ווינשטאק פון אמת“ און דער גלייכען. אויב יעזוס האט עס אליין ניט געזאָגט, בעווייזט עס אבער יעדענפאלס, אז דיא רעדאקטערע פון דיא עוואנגעליומס זיי־נען געווען בעקאנט מיט דעם סטיל פון דיא אינדישע ער־לייזער.

פיעל מעהר וויא אין דיא לעהרען, אפילו אויך מעהר וויא אין דעם סטיל, איז דיא עהנליכקייט אין זייער לעבענס־בעשרייבונג. און אזוי וויא דיא קרישנא־לעגענדע איז לכל הדעות אן עלטערע פאר דיא יעזוס־לעגענדע, קען מען דארום זאָגען מיט זיכערהייט, אז אויב איינע איז גענומען פון דיא אנדערע, האט דיא קריסטליכע גענומען פון קרישנא.

1) ביידע, סיי קרישנא און סיי יעזוס, זיינען געטליכע פערקערפערונגען.

2) ביידע שטאמען אָב פון קעניגליכע פאמיליען.

3)ביידע ווערען זיי פערפאָלגט פון דיא הערשענדע קעניגע פון דיא לענדער, אין וועלכע זיי זיינען געבאָרען גע־וואָרען, קרישנא אין אינדיען און יעזוס אין פאַלעסטינא. אין ביידע פעללע ווערען דיא קעניגע געווארנט, אז זייערע טראָהנען זיינען אין געפאהר פון דעם געטליכען קינד. אין ביידע פעלע זוכט דער קעניג זיי צו ערמאָרדען.

4) ביידע ווערען גערעטעט על פי נס דורך דעם, וואס זיי אנטלויפען אין מיטען דער נאכט.

5) אין ביידע פעלע ווערט דער קעניג זעהר בייז, וואס עס איז איהם ניט געלונגען זיי צו טוידטען און ער גיט ארויס א בעפעהל, אז אלע קינדערלאך זאָלען ערמאָרדעט ווערען.

6) ביי ביידען האבען דיא מלאכים געזונגען שירה, ווען זיי זיינען געבאָרען געוואָרען.

7) ביידען זיינען דיא דערבייאיגע פאסטוכער געקומען בעזוכען.

8) קרישנא איז געבאָרען געוואָרען אין א טורמע; יעזוס אין א שטאָל.

זייער ווייטערדיגע לעבענס־געשיכטע איז אויך אין מאנכע הינזיכטען עהנליך. ביידע זיינען געקומען צו ערלייזען דיא מענשהייט און ביידע האבען אויפגעטהאָן גרויסע וואונדער, געהיילט קראנקע, ריין געמאכט קרעציגע און לע־בעדיג געמאכט טוידטע.

נאָך א גרעסערע עהנליכקייט עקזיסטירט צווישען יעזוס און בודהא.

אויך בודהא איז א פערקערפערונג פון דעם גאָט ווישנו. ער איז דיא ניינטע פערקערפערונג פון איהם. בודהא איז געבאָרען געוואָרען צווישען פינף און זעקס יאהרהונדערטע פאר יעזוס'ן. דיא עהנליכקייט צווישען בודהא און יעזוס איז אזוי שטארק, זאָגאר אין א טהייל פון זייערע לעהרען, אז מאנכע געלעהרטע זיינען מיט דער מיינונג, אז דאס קריס־טענטהום איז א דירעקטע אבשטאמונג פון בודהיזם.

1)ביידע שטאמען אַב פון קעניגליכע פאמיליען, בודהא איז דער לייב פון שבט סאקיא, יעזוס איז דער לייב פון שבט יהודה.

2) ביידע זיינען געבאָרען געוואָרען דורכ'ן רוח הקודש.

3) איידער זיי זיינען געבאָרען געוואָרען, האָט א מלאך געלאָזט וויסען זייערע מוטערס דערפון.

4) ווען בודהא איז געבאָרען געוואָרען, האבען מלאכים געזונגען: „פריערען אויף דער ערד און זעליגקייט צו דיא מענשען, דען דער ערלייזער איז געבאָרען געוואָרען". עהנ־ליכעס ווערט דערצעהלט וועגען יעזוס.

5) ביידען האט מען געבראכט אין טעמפעל און בײ בײ־דען האט א הייליגער מענש גלייך דערקענט, אז זיי זיינען עס דיא ערלייזער. ביי יעזוס'ן איז עס געווען דער אלטער שמעון; ביי בודהא'ן — דער אלטער אסיטא.

6) ביידע „זיינען געוואקסען שטארק אין גייסט" און ביידע האָבען זיך אין זייערע קינדער־יאָהרען מפלפל געווען מיט דיא אלטע געלעהרטע, וועלכע האָבען זיך פערוואונ־דערט אויף זייער חכמה.

7) ביידע האבען זיך געלאָזען אין מדבר און געפאסט, און ביידען האט דער שטן געזוכט צו פערפיהרען.

8) בודהא האט זיך גע'טובל'ט אין הייליגען טייך נא־ראדזאנא; יעזוס האט זיך גע'טובל'ט אין ירדן.

9) ביידענס שליחות זיינען פראָקלאמירט געוואָרען פון א בת־קול, פון א שטימע פון הימעל.

10) ביידע זיינען אלט געווען ארום דרייסיג יאהר, ווען זיי זיינען ארויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט און ביידע האבען בעוויעזען גרויסע וואונדער.

11) ביידע האבען געהאט תלמידים, וועלכע זיי האבען ארויסגעשיקט צו פערשפרייטען זייער לעהרע. בודהא האט געהאט פינף תלמידים*); יעזוס צוועלף. דערביי איז כדאי צו

*) פון בודהא'ן ווערט דערצעהלט, אז א חוץ דיא פינף הויפט תלמידים האט ער געהאט נאך זיבעציג. דאס זעלבע ווערט אין לוקאס דערצעהלט וועגען יעזוס'ען.

בעמערקען, אז לויט א טראדיציע אין תלמוד האט יעזוס געהאט בלויז פינף תלמידים.

12) בודהא האט געפריידיגט פון א הייליגען בארג; יעזוס האט געפריידיגט אויף דעם „אוילבערט-בארג“.

13)ביידע פערגלייכען זיך צו בויערען, וואס פערזייען זריעה.

14) דער משל מיט'ן צולאָזענעם זוהן געפינט זיך ביי ביידען.

15) ביידע ריידען וועגען דעם „רעגען וואס פאלט אויף גוטע וויא אויף שלעכטע“.

16) ביי ביידען געפינט זיך דיא מעשה מיט דעם געבאָרענעם בלינדען, און דיא ערקלעהרונג ווארום זיי זיינען בלינד איז כמעט דיא זעלבע.

17) מ א ג ד א ל ע נ א, א צולאָזענע פרוי, וועלכע איז געוואָרען א צדקניות, איז א שטארקע אנהייננגערין פון יעזוס און בעגלייט איהם שטענדיג. א מ ב א פ א ל י איז א צולאָזענע פרוי, וועלכע איז געוואָרען א צדקניות און א שטארקע אנהיינגערין פון בודהא, ווענן זיא בעגלייט שטענדיג.

אזעלכע עהנליכקייטען געפינען זיך זעהר פילע. מאנכע געלעהרטע האבען אנגעגעבען א גאנצע רייהע פון הונדערט אזעלכע פערגלייכונגען.

„עס געפינט זיך אין אלטע קריסטליכע טראדיציע, אז איינער פון יעזוס'עס תלמידים, ט ה א מ א ס, האט בעזוכט אינדיען. עס איז ארום מעגליך, אז דורך איהם האבען זיך דיא ערשטע קריסטען בעקאנט מיט דיא אינדישע לעהרען, מיט וועלכע דיא צוזאמענשטעלער פון דיא עוואנגעליומס האבען זיך בענוצט. עס איז אבער אויך מעגליך, אז בודהיסטישע פריידיגער מיט דיא בודהיסטישע לעהרען האבען דערגרייכט עגיפטען, קליין אזיע און ארץ ישראל נאך איידער יעזוס איז געבאָרען געוואָרען“ (רעמסבורג).

וויא דיא זאך זאל ניט זיין, איז עס אבער אָהן שום

ספק, אז ביי דער שפעטערער אויסבילדונג פון דער יעזוס־לעגענדע זיינען אויך אריינגענומען געווארען, בעוואוסט אדער אונבעוואוסט, טהיילען פון דער קרישנא און בודהא־לעגענדען. אינטערעסאנט איז, וואס דיא מייסטע עהנליכקייטען געפינען זיך ביי דעם עוואנגעליסט לוקוס, דער וואס איז צווישען דיא ערשטע דריי (דיא סינאפטיקער) עוואנגעליסטען אם וועניגסטען אידישלאך און העכסט וואהרשיינליך אם שפעטסטען פערפאסט געווארען.

אבער אויסער פון ק ר י ש נ א און ב ו ד ה א, איז אין דעם קריסטענטהום אויך אריין עלעמענטען פון אנדערע רעליגיעזע סיסטעמען.

דאס קריסטענטהום איז אויך שטארק בעאיינפלוסט געווארען פון דער פ ע ר ז י ש ע ר רעליגיאן, פון דעם ז א ר א ט ה ו ס ט ר א א י ז ם. א טהייל פון דיא פערזישע לעהרען זיינען געקומען צום קריסטענטהום דורך דעם יודענטהום און א טהייל דורך דעם מ י ט ר א א י ז ם פון רוים.

דיא פערזיער זיינען אן אבצווייגונג פון דער א י נ ד א־א ר י א נ י ש ע ר ראסע. זייער אורשפרינגליכע רעליגיאן איז דארום געווען פערוואנדעט מיט דיא רעליגיאנען פון זייערע שטאם־גענאסען, פון דיא אינדא־אריאנער. אבער בערך 660 יאהר בעפאר יעזוס איז אין פערזיען געבארען געווארען ס פ י ט א מ א ז א ר א ט ה ו ס ט ר א אדער, וויא דיא גריכען און רוימער רופען איהם, ז א א ר א ס ט ע ר, וועלכער האט געגרינדעט א נייע רעליגיאן.

לויט דיא לעהרען פון זאראטהוסטרא ווערט דיא וועלט איצטער געפיהרט פון צוויי כוחות, פון צוויי הויפט פרינציפען, פון דעם פרינציפ פון גוטס און פון דעם פרינציפ פון שלעכטס.

דער גוטער פרינציפ איז דער גוטער גאט א ר מ ו ז ד, דער גאט פון ליכט, וועלכער האט אונטער זיך א סוויטע פון גוטע מלאכים. דער שלעכטער פרינציפ איז דער בייזער

גאָט א ה ר י מ ן, דער גאָט פון פינסטערניס, וועלכער האָט אונטער זיך א סוויטע פון בייזע מלאכים, פון רוחות, שדים און אלערליי ניט־גוטע. דיעזעביידע געטער מיט זייערע ארמייען קעמפפען ביטער איינע געגען דיא אַנ־דערע: זיי קעמפפען פאר דעם בעזיץ פון דעם מענשען.

דער קאמפף צווישען דיעזע ביידע פרינציפען פון גוטס און שלעכטס, פון ליכטיגקייט און פינסטערניש שטעלט מיט זיך פאָר דיא געשיכטע פון דיא וועלטען. דער מענש האט א פרייען ווילען און אן איהם הענגט אָפּ דער ענדליכער טריאומפף פון גוטס און ליכטיגקייט איבער שלעכטס און פינסטערניש. דער מענש איז דארום דיא וויכטיגסטע פיגור אין דיעזען געטער־קאמפף.

א ר מ ו ז ד וועט אבער ענדליך זיעגען איבער זיין שונא אה ר י מ ן, גוטס וועט גובר זיין דיא שלעכטס און דאן וועט קומען דיא גרויסע גאולה פאר דער מענשהייט. דאן וועט בלויז זיין איין גאָט, ארמוזד דער גאָט פון ליכ־טיגקייט, און קיין שלעכטס וועט מעהר ניט עקזיסטירען. דאמאלס וועט קומען משיח, א גייסטיגער ערלייזער, וואס וועט זיין א גייסטיגע אבשטאַמונג פון זאראטהוסטרא, — דאָס איז דיא משיח־צייט פון דיא פערזיער. דיא טויטע ווע־לען לעבעדיג ווערען, דער גרויסער יום הדין וועט שטאט־פינדען און דיא צדיקים וועלען לעבען רוהיג און גליקליך, אָהנע צו זיין געשטערט פון דעם פרינציפ פון שלעכטס, פון דעם בייזען א ה ר י מ ן.

ז א ר א ט ה ו ס ט ר א איז דער שליח פון דעם גוטען גאָט א ר מ ו ז ד, וועלכער איז געשיקט געווארען צו צייגען דעם מענשען דיא אמת׳ע וועג. וועגען זיין לעבען ווערט דערצעהלט אלערליי לעגענדעס, ווי וועגען אלע אַנדערע גרוי־סע רעליגיאָנס גרינדער. ער זאָל געווען זיין אן אבשטאַ־מונג פון א קעניגליכער פאמיליע און שוין אין זיינע קינדער־יאָהרען האָט ער ארויסגעצייגט א געוואלדיגע חכמה. לויט דיא אראבישע און סירישע טראדיציעס איז זאראטהוסטרא

געוועזן א תלמיד פון דעם אידישען נביא ירמיה, פון וועמען ער זאָל האָבען געלערענט דעם גלויבען אין אן איינ־איינציגען גאָט און דיא אידישע תורה. נאָר אזוי וויא ער איז ניט געבליבען געטריי צו דיא דאָזיגע לעהרען און איז ארויסגעקומען מיט אן אייגענע תורה איז ער פון גאט בע־שטראפט געוואָרען מיט קרעטץ.

עס פערשטעהט זיך, אז דיא בעהויפּטונג, דאס זאראַ־טהוסטרא איז געווען ירמיה'ס א תלמיד איז בלויז א לע־גענדע און האָט קיין שום היסטאָרישען גרונד ניט. זיא האָט זיך מסתמא גענומען דערפון, וואס עס איז דאָ זעהר א שטארקע עהנליכקייט צווישען זיינע לעהרען און דיא אי־דישע. פון דעם אנדערען זייט איז עס אָבער ניט אויסגע־שלאָסען, אז זאראטהוסטרא איז יא געווען בעקאנט מיט דעם אידישען מאנאטהעאיזם און אַנדערע אידישע לעהרען. עס געפינען זיך זאָגאר מאָדערנע פארשער, וויא, צום ביישפּיעל, דארמשטעדטער, וואס זיינען מיט דער מיינונג, אז ער איז שטארק בעאיינפלוסט געווארען פון דיא אידישע לעהרען.

דאָ איז ניט דער פּלאַץ זיך אריינצולאָזען אין לאנגע חקירות וועגען דיעזען ענין. דאס רוב געלעהרטע, סאַי אידישע און סאַי קריסטליכע, זיינען מיט דער מיינונג, אז דיא אידען זיינען שטארק בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיא פערזיער און זייערע לעהרען, מיט וועלכע דיא אידען זיינען בעקאנט געווארען צום ערשטען מאָל, ווען דיא פערזיער האָ־בען בעזיעגט בבל און אז דיעזער איינפלוס איז געוואָרען נאָך שטארקער שפּעטער, ווען פּאלעסטינא איז געווארען א פּראָווינץ פון פערזיען.

אז דיא אידען זיינען גאנץ פריה בעקאנט געווארען מיט דיא לעהרען פון זאראטהוסטרא קען מען זעהן דערפון, וואס שוין ישעיה דער צווייטער, וועלכער בעזינגט דעם פערזישען קעניג כורש אלס דעם שליח פון גאָט, וואס איז געשיקט געווארען צו בעפרייען דיא אידען פון גלות

בבל, דיעזער ישעיה געפינט פאר נויטיג צו בעקעמפפען דיא לעהרע פון צוויי כוחות, פון א גוטען און שלעכטען גאט: „כדי אלע זאלען וויסען, פון מזרח ביז מערב, אז עס איז ניטא אויסער מיר; איך בין יהוה און קיין אנדערער איז ניטא. איך מאך ליכטיגקייט און בעשאף פינסטערניס; איך מאך פריעדען און בעשאף שלעכטס. איך, יהוה, טהו דאס אלץ!" (ישעיה מ"ה, ו־ז).

מאנכע פון דיא פערזישע לעהרען, וויא צום ביישפיעל, תחית המתים, און פילייכט אויך דיא לעהרע וועגען א לעבען נאך'ן טויט זיינען אריינגענומען געווארען אין'ם יודענטהום און זיינען מיט דער צייט אין גאנצען געווארען פאראידישט, אבוואהל דיא צדוקים, צום ביישפיעל, האבען זיך ענטזאגט אין דעם צו גלויבען, ערקלעהרענדיג זיי פאר נייע אמונות. אנדערע פון דיא פערזישע לעהרען זיינען דאגעגען קיינמאל ניט אנערקענט געווארען אלס א טהייל פון יודענטהום, כאטש זיי האבען געפונען מעהר אדער ווייניגער אנהענגער ביי דיא אידען, וואס האבען אין זיי יא געגלויבט. צווישען דיא לעצטע קען מען רעכענען דעם גלויבען אין א גייסטיגען משיח און דעם גלויבען אין דעם שטן מיט זיין סוויטע, דיא שדים.

אין קריסטענטהום, דאגעגען, האבען דיעזע לעהרען אנגעפאנגען צו שפיעלען זעהר א וויכטיגע ראלע, מען קען זאגען דיא הויפט ראלע. דער פערזישער גלויבען אין א גייסטיגען משיח, וועלכער איז אנגענומען געווארען בלויז ביי א הייפעלע אידישע מיסטיקער, אבער בשום אופן ניט ביים גאנצען אידישען פאלק, איז געווארען איינער פון דיא הויפט פונדאמענטען פון קריסטענטהום. דער גלויבען אין שטן, אין אשמדאי, מיט זיינע משרתים, וועלכער איז ביי אידען קיינמאל ניט דערהויבען געווארען צו דער מדרגה פון א רעליגיעזער דאגמא, וועלכער איז אלע מאל בעטראכט געווארען פאר אן אבערגלויבען, כאטש פיעלע

האָבען אין דעם געגלויבט, איז אין קריסטענטהום ווידער דערהויבען געוואָרען צו א וועלט־פּרינציפּ. דער קריסטליכער שטן שיידעט זיך ניט אונטער פון זאראַטהוסטראַ׳ס בייזען גאָט א ה ר י מ ן. דיא אמת׳ע גאולה וועט דאַן קומען, ווען דער שטן וועט אין גאַנצען פערניכטעט ווערען „און דיא מלוכה וועט צוריקגעקעהרט ווערען צום פאטער“. דער אונ־טערשיעד בעשטעהט אייגענטליך בלויז אין דעם, וואס וועהרענד ארמוזד זיעגט איבער זיין פיינד אחרימן מיט זיינע אייגענע כוחות, דורך זיין אייגענער גבורה, קען, אין דער קריסטליכער אמונה, גאָט בעזיעגען דיא שלעכטס בלויז דורך דעם, וואס ער שיקט אראָפּ זיין זוהן אלס א קרבן פאר דיא זינד...

אויסער ארמוזד און אחרימן געפינט זיך ביי זאראַ־טהוסטרא נאָך א מין געטליכער וועזען מיט דעם נאָמען מ י ט ה ר א. דיעזען מיטהרא האָט ער אייגענטליך אין גאַנצען ניט געדאַרפט האָבען אין זיין רעליגיעזען סיסטעם, אבער זאראטהוסטרא האט זיך אפנים ניט געקענט העלפען. מ י ט ה ר א איז געוועזען זעהר א פאפולערער גאָט ביי דיא פערזיער נאָך פון פריהערדיגע צייטען, זיי האָבען איהם געבראכט מיט זיך פון דיא א י נ ד י ע ר, ביי וועמען ער איז געוועזען דער גאָט פון דער זונן. ביי דיא פערזיער איז ער אויך געוועזען דער גאָט פון דער זונן, א פארקערפערונג פון אמת און ליכטיגקייט. ער שפיעלט דיא ראָלע פון א פער־מיטלער צווישען גאָט און מענשען און דערצו איז ער נאָך אויך, לויט דער מיינונג פון מאַנכע, דער שלום־מאַכער צווי־שען א ר מ ו ז ד און א ח ר י מ ן. אנדערע דאַגעגען בע־הויפּטען, אז ארמוזד האָט איהם בעשאפען, כדי דורך איהם צו בעקעמפּפען דעם שלעכטען אחרימן.

פון דיא פערזיער האָט זיך דער גלויבען אין דעם גאָט מיטהרא פערשפּרייט אויך ביי דיא רוימער, וואו ער איז צו אַלע אנדערע מעלות אויך געוואָרען א גאָט פון קריעג, און איז דארום געוועזען דער גאָט פון דיא העבערע קלאַסען און

דיא קריעגער. דער גלויבען אין מיטהרא איז געווען פער־שפרייט איבער דער גאנצער רוימישער אימפעריע. מאָנומענטען און אויפשריפטען לכבוד איהם האָט מען אין דיא לעצטע צייטען געפונען אין פראנקרייך, ענגלאנד און דייטש־לאנד. אין ענגלאנד האָט מען ענטדעקט א הייל, וואו עס פלעגט פאָרקומען דער מיטהרא־דיענסט און דאָרטען האָט מען געפונען פאָלגענדע אויפשריפטען: „צו דעם גאָט, דעם בעסטען און דעם גרעסטען, אונבעזיעגבארער מיטהרא, דער הערר פון דיא צייטען". אן אנדער אויפשריפט לייענט זיך: „צום גאָט דיא זונן, דער אונבעזיעגבארער מיטהרא, דער הערר פון דיא צייטען" („די רעליגיעזע סיסטעמען פון דער וועלט").

עס האָבען זיך זאָגאר געפונען קריסטליכע סעקטאנטען, וויא דער קריסטליכער גנאסטיקער מ א נ ע ס, וועלכע האָבען בעהויפטעט, אז יעזוס איז דער זעלבער וואס דער פערזישער מיטהרא. דיזער מאנעס איז געווען דער גרינדער פון א סעקטע, וואס האט אנערקענט זאראטהוסטרא'ן און יעזוס'ן.

דאס קריסטענטהום האָט ענדליך געזיעגט איבער דעם מיטהראאיזם, אָבער ניט פריהער וויא עס האָט אין זיך אריינגענומען פיעלעס פון דעם מיטהרא גלויבען, הויפט־זעכליך אָבער דעם גאנצען מיטהרא־קולט, דיא צערעמאָניען, דיא מיסטעריען און זאָגאר פיעלע פון דיא ימים טובים. „דאס קריסטענטהום האט ניט בעזיעגט דעם מיטהראאיזם, עס האט איהם אריינגענומען אין זיך" (ראָבערטסאָן).

דיא עהנליכקייט צווישען דיא מיסטעריען פון דעם מיטהרא־דיענסט און דיא קריסטליכע מיסטעריען איז אזוי גרויס, אז דאָס האָט זאָגאר ארויסגערופען ערשטוינען ביי דיא אלטע קריסטליכע „פאטערס". זיי האָבען עס געזוכט צו ערקלעהרען דערמיט, וואס דער טייפעל האט בכיון איינגעפיהרט דיא זעלבע מנהגים, כדי צו פערפיהרען דיא קריסטען. י ו ס ט י ן מ א ר ט י ר, ריידענדיג וועגען דעם „העררן'ס מאהלצייט", זאגט: „דיא שלעכטע טייפלען האָ־

בען עס נאכגעמאכט אין דיא מיסטעריען פון מיטהרא, הייר מענדיג זיי טהאָן דיא זעלבע זאך". טערטוליאן, אן אנדער אַלטער קריסטליכער שרייבער זאגט: „דער טייפעל, דורך דיא מיסטעריען פון זיינע געטצען, האָט נאכגעמאכט דיא הויפט טהיילען פון דיא געטליכע מיסטעריען" (ציטירט לויט „דיא רעליגיעזע סיסטעמען פון דער וועלט"). יענע אָרימע קריסטליכע פאטערס האָבען ניט געוואוסט, אז נאָכ־געמאכט האָבען ניט דיא טייפעלשע מיטהראיסטען נאָר דיא געטליכע קריסטען... דער שרייבער אין דער „ענציקלאָפעדיא בריטאניקא" גלויבט, „אז זיי האָבען ביידע גענומען פון דיא זעלבע קוועלען", מעגליך פון דעם אָזירים קולט.

אויסער דיא מיסטעריען ווי דעם „העררן׳ס מאָהלצייט", דיא טויפונג און בעשפריצונג מיט דיא היילינע וואסער און דערגלייכען זיינען אויך מאנכע פון דיא קריסטליכע ימים־טובים א דירעקטע אבשטאַמונג פון דעם מיטהראאיזם.

זונטאג איז פון אימער אָן געווען „דער טאָג פון דעם העררען" אין אַלע רעליגיאָנען, וואו דיא זונן איז בעטראכט געווארען פאר גאָט, וואס איז אויך געווען דער פאל ביי דיא מיטהראאיסטען. דיא קריסטען האָבען פערוואָרפען דעם אידישען שבת און האָבען געמאכט זונטאג פאר דעם העררען׳ס טאָג. דער אויסרייד איז געווען, אז אזוי וויא יעזוס איז הינגעריכטעט געווארען פרייטאג און איז צוריק לעבעדיג געווארען אויף׳ן דריטען טאָג, אלזאָ, אום זונטאג, דאריבער דארף מען פייערען זונטאג אלס דעם העררען׳ס טאָג. דאס איז א גאנץ פיינער תירוץ, דער אמת אבער איז, אז דיא קריסטען האָבען פשוט איבערגענומען דעם היילינען טאָג פון דעם זונען גאָט מיטהרא.

פונקט אזוי איז דער קריסטמאס, וואס ווערט געפייערט דעם פינף און צוואנציגסטען דעצעמבער אַלס דער געבורטס־טאָג פון יעזוס׳ן, איבערגענומען געווארען פון דעם מיטהרא־איזם. קיינער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט און קיינער ווייס איצטער ניט, אין וועלכען טאָג יעזוס איז געבאָרען געוואָ־

רען. מען האט פשוט אויסגעקליבען דעם טאג פאר יעזוס׳עס געבורטסטאג, כדי מען זאל קענען פייערען דעם גרויסען היידנישען יום טוב, וואס פלעגט פארקומען אין דיעזער צייט, אלס א קריסטליכען יום טוב.

דיעזער יום טוב פלעגט געפייערט ווערען מיט גרויס פאראד אלס דער טאג, אין וועלכען דער זונען־גאט ווערט גע־בארען. דאס איז דיא צייט פון יאהר, ווען דיא טעג פאנגען אן צו ווערען גרעסער און דיא זונן בעוויייזט זיך אפטער און שיינט מעהר. דער פרימיטיווער מענש האט ניט פערשטא־נען, ווארום דיא טעג ווערען קלענער; ער האט זיך דארום געשראקען, אז דיא זונן, וואס ער האט בעטראכט פאר גאט, שטארבט אין גאנצען אפ און אז צוזאמען מיט איהר וועט דיא גאנצע וועלט אבשטארבען. קוים אבער האבען דיא טעג אנגעפאנגען צו ווערען גרעסער, פלעגט ער זיך שטארק דער־פרעהען און עס פייערען אלס דעם ווידערגעבורט פון דעם גאט. אין דיעזער בעציהונג איז אינטערעסאנט דיא פאלגענ־דע שטעלע אין תלמוד: „ווען אדם הראשון האט געזעהען, אז דער טאג ווערט קלענער, האט ער געזאגט: וועה איז מיר, טאמער ווערט צוליעב מיינע זינד דיא וועלט פינסטער און וועט אין גאנצען חרוב ווערען, און דאס איז עס דער טויט וואס איז אויף מיר נגזר געווארען. האט ער פערבראכט אכט טאג אין תעניתים און אין תפילות. וויא עס איז גע־קומען דיא „תקופה פון טבת" (ענדע דעצעמבער) און ער האט געזעהען, אז דער טאג ווערט לענגער, האט ער געזאגט: אזוי איז דער שטייגער פון דער וועלט, איז ער געגאנגען און געמאכט אכט טעג יום טוב" (עבודה זרה, ח׳).

„אלע זונען־געטער", זאגט ד א פ י אין זיין „אור־שפרונג פון דיא רעליגיאנען", האבען דיא זעלבע לעבענס־געשיכטע: זיי ווערען אלע געבארען דעם פינף און צוואנ־ציגסטען דעצעמבער אהן געשלעכטליכען פארקעהר. זייער קינדהייט איז פערבונדען מיט געפאהר (דיא ניי־געבוירענע זונן איז נאך דאמאלס שוואך און ווערט גאנץ אפט פאר־

שטעלט פון וואַלקענס) און ערשט אין פריהלינג ערדייכען זיי זייער גאנצע שטארקייט; דאמאלס, הייסט עס, שטעהען זיי אויף תחית המתים און בעווייזען זיך אין זייער גאנצער גרויסקייט". אויסער מיטהרא'ס פלעגט דער געבורטס־טאג פון דעם עגיפּטישען זונען־גאָט א ז י ר י ס און פון דעם סירישען א ד א נ י ס (תמוז) אויך געפייערט ווערען דעם פינף און צוואנציגסטען דעצעמבער.

זאָגאר דער קריסטליכער לענט (פאָסט), דיא טרויעריגע צייט פון פאר פאסחא, איז געווען פריהער סאי ביי דעם עגיפּטישען זונען־גאָט אָ ז י ר י ס און סאי ביי דעם פערזישען און רוימישען זונען־גאָט מיטהרא. דיא מיטהראאיסטען פלעגען ביים ענדע פון דער טרויער־צייט נעהמען א בילד, וואס האָט פארגעשטעלט דעם טויטען מיטהרא, פלעגען איהם בעוויינען, דאן אריינלעגען אין א קבר און נאָך א געוויסע צייט איהם צוריק ארויסנעהמען פון קבר, וואס פלעגט פארשטעלען דעם תחית המתים פון דעם גאט. דאן פלעגען זיי זיך איינע דיא אנדערע בעגריסען, וואס דורך דעם טויט און תחית המתים פון דעם גאט זיינען זיי ערלייזט געוואָרען. „א מיטהראאיסט האָט גאנץ לייכט געקענט ווערען א קריסט און גאר ניט פיהלען קיין וויכטיגע ענדערונג אין דיא הויפּט צערעמאָניען" (רעליגיעזע סיסטעמען פון דער וועלט, מיטהראאיזם). „אפילו דיא שבחים און טיטולען וואס מען האָט געזאגט אויף מיטהרא'ן זיינען בייגאהע דיא זעלבע, וואס מען זאגט אויף יעזוס'ען: דער גאָט פון דיא הימלען, דיא ריינקייט פון אויביגער ליכט, קעניג פון הערליכקייט, דיא זונן פון גערעכטיגקייט, שטארקער גאָט, פאָטער פון דיא צייטען, מלאך און גרויסער בעל יועץ" (דאָרטען).

מאנכע פאָרשער זיינען מיט דער מיינונג, אז דיא גאנצע פּעטרוס־געשיכטע אין עוואנגעליום, ווי פון ש מ ע ו ן ווערט פלוצלונג פּ ע ט ר ו ס, „ווייל אויף דיעזען פעלז וועל איך בויען מיין קירכע", איז איבערגענומען פון דעם מיטהראאיזם. דיא מיטהראאיסטען האָבען געהאט א היי־

ליגען מיסטישען פעלז, וועלכער האט געהייסען „פעטרא“; מיטהרא גופא ווערט מאנכעס מאָל אליין אויף בעצייכענט אלס פעלז. עס איז א גרויסע סברא, אז אויף דעם פלאץ וואו דער איצטיגער וואטיקאן שטעהט איז געשטאנען דער הויפט טעמפעל פון דיא מיטהראאיסטען און אז זייער פּאבסט האט זיך אויך גערופען פאטער.

דאס קריסטענטהום איז בעאיינפלוסט געווארען ניט בלויז פון דיא רעליגיאָנען, וואס מיר האָבען דאָ געבראכט. נאָר אויך פון דיא אַנדערע היידנישע רעליגיאָנען. דיא לעגענדען וועגען דיא אַלטע עגיפּטישע געטער א ז י ר י ס און ה אָ ר ו ס זיינען זעהר עהנליך צו דיא קריסטליכע לעגענדע וועגען יעזוס; דיא עגיפּטישע „מוטער־גאָטעס“ א י ז י ס איז דער בילד לויט וועלכען דיא קריסטליכע מוטער־גאָטעס מ א ר י א איז נאכגעמאַכט. דער גאנצער מאריא־קולט איז גענומען געווארען פון דיא עגיפּטישע געטין א י ז י ס, דיא מוטער פון גאָט ה אָ ר ו ס. דיא תפלות און די שבחים צו „דער אויביגער יונגפרוי מאריא“ זיינען כמעט ווערטערליך איבערגענומען פון דיא תפלות און שבחים צו דער „אויביגער יונגפרוי א י ז י ס“.

אויך דיא גריכישע און רוימישע געטער האָבען געהאט זייער איינפלוס אויף דעם קריסטענטהום. זאגאר דיא אַלטע קריסטליכע פאטערס האָבען עס איינגעזעהן, און י ו ס ט י ן מ אַ ר ט י ר זאגט: „און ווען מיר בעהויפּטען, אז דער לאגאס, גאָט'ס בכור, יעזוס דער משיח, איז געבוירען געווארען דורך'ן היילינגען גייסט, איז געקרייציגט געווארען און געשטארבען, דאן אויפגעשטאנען תחית המתים און צוריק ארויף אויפ'ן הימעל, זאָגען מיר דאס זעלבע וואס איהר גלויבט וועגען דיא זיהן פון יופּיטער. און וואס מיר זאָגען, אז יעזוס איז געבאָרען געוואָרען פון א יונג־פרוי, איז ווידער דאס זעלבע וואס איהר גלויבט וועגען פ ע ר ז ע א ו ס“.

אפילו דער קרייץ איז ניט קיין אריגינעלער קריסטלי־

כער סימבאָל. דער קרייץ איז בעטראכט פאר הייליג ביי פיעלע אנדערע עלטערע רעליגיאָנען. דאס רוב פון דיא וועלט־ערלייזער שטארבען מיט א טויט, וואס איז עהנליך אויף קרייציגונג. אפילו קרישנא, ווען ער דארף שטאר־בען, שפארט ער זיך אָן אויף א בוים אין די לאגע פון א גע־קרייציגטען, און אימיצער פערוואונדעט זיינע פיס מיט א פייל. דאָ איז ניט דער אָרט צו בעשפרעכען דיא אבשטאַ־מונג פון דעם קרייץ אלס א סימבאָל אין יענע רעליגיאָנען, פאר אונזער צוועק איז בלויז וויכטיג צו זאָגען, אז ער איז ניט קיין אָריגינעל קריסטליכער סימבאָל.

דאס קריסטענטהום האָט זיך אפגעריסען פון יודענ־טהום און האָט דורך דעם פערלאָרען דעם צוריקהאלטענדען איינפלוס פון דער דאָזיגער רעליגיאָן. אין זיין טריאומף־צוג איבער דער גאנצער וועלט, האָט דאס קריסטענטהום אין זיך אריינגענומען און אריינגעזויגט א טהייל פון דיא רע־ליגיעזע אנזיכטען און מנהגים פון דיא אלערליי פערשיעדענע פעלקער, וועלכע זיינען געווארען קריסטען. דאס קריסטענ־טהום איז ניט געווען שטרענג פרינציפיעל, ער איז געווען עלאסטיש, בויגזאם, און האָט זיך געקענט צופאסען צו די אנ־זיכטען פון דיא היידנישע פעלקער. דאס איז איינע פון דיא אורזאכען, ווארום דאס קריסטענטהום האָט געהאט אזא ערפאָלג און האָט זיך אזוי פערברייט.



## .17
# דיא פערשפרייטונג און דער ערפאָלג פון קריסטענטהום.

דיא פערשפרייטונג פון קריסטענטהום, וואָס איז פאָרגעקומען זעהר לאנגזאם אין דיא ערשטע פאָאר צעהנדליג יאהרען נאכ׳ן גרינדער׳ס טוידט, האט פיעל געוואונען אין שטארקייט שוין ביים ענדע פון ערשטען יאהרהונדערט.

אין צווייטען און אין דריטען יאָהרהונדערט, טראָטץ אדער אפשר טאקע צוליעב דיא פערפאָלגונגען, וואס דיא קריסטען האבען געהאט אויסצושטעהן, איז דאס קריסטענטהום שוין געווען איינע פון דיא שטארק-פערברייטעטע רעליגיאָנען פון יענער צייט, א רעליגיאָן וואָס האָט געהאט איהרע אנהיינגער אין אלע טהיילען פון דער דאמאלסדיגער וועלט, אין אייראָפּא, אזיע און אפריקא. קריסטליכע געמיינדען, קלענערע אדער גרעסערע, האבען זיך שוין דאמאלס געפונען ניט בלויז אין דער שטאָדט רוים, אין איטאליען און גריעכענלאנד, נאר אויך אין דיא אלע קאלאָניען, וואס האבען בעלאנגט צו דער גרויסער רוימישער אימפעריע. דיא צאָהל פון דיא קריסטען האט געמוזט זיין זעהר בעדייטענד, ווען דער רוימישער אימפעראטאָר ק אָ נ ס ט א נ ט י ן, איינער פון דיא געוויסענלאָזעסטע רוימישע הערשער, האט אין אנפאנג פון פערטען יאהרהונדערט געפונען פאר נויטיג און פאָליטיש-צוועקמעסיג צו אנערקענען דיא קריסטליכע רע־

ליגיאָן אַלס דיא הערשענדע, אַלס דיא שטאַאטס־רעליגיאָן.

דיא אורזאַכען פון דיעזער שנעלער פערשפּרייטונג פון דער נייער אמונה זיינען געוועזען פיעל און פערשיעדען, אבער איינע פון דיא וויכטיגסטע איז אָהן צווייפעל געוועזען דער אידישער גלות, דיא פערשפּרייטונג פון דעם אידישען פאָלק אין דיא פערוואָרפענסטע ווינקעלאך פון דער וועלט. ווען איך זאָג „דער אידישער גלות", מיין איך ניט בלויז דעם דאָזיגען גלות, וואס איז פאָרגעקומען נאכ'ן צושטערען פון טעמפּעל, ווען דאס גאנצע אידישע פאָלק איז געוואלטזאם ארויסגעטריעבען געוואָרען פון זיין היים, ווען דאס אידישע לאַנד איז גענצליך פערוויסט און חרוב געוואָרען, ווען א איד האט ניט געטאָרט אריינקומען אין ירושלים, ווען זאָגאר דער נאמען ירושלים איז פערבאָטען געוואָרען און דיא שטאָדט האט בעקומען דעם נאמען „ע ל י א   ק א פּ י ט א־ ל י נ א": דער דאָזיגער גלות האָט אויך געהאט זיין וויר־קונג אויף דער גיכער פערשפּרייטונג פון דעם קריסטענטהום. דיא קריסטען האבען דיעזע פּאסירונגען אנגעגעבען פאר א בעוויין, אז גאָט האט פערלאָזען זיין פאָלק און אז גאָט האט דיא אידען אזוי שוידערליך בעשטראפט נאר דערפאר, ווייל זיי האבען ניט געוואָלט אנערקענען יעזוס'ען. דער חורבן פון בית־המקדש און ארץ ישראל איז זעהר שטאַרק צוניץ געקומען דיא קריסטליכע פּראָפּאגאַנדיסטען. דאס איז גע־ווען וואסער אויף זייערע מיהלען. דאס האט זיי געגעבען מעהר מוטה צו זייער ארבייט. ערשט איצט האָבען זיי געקראגען מעהר חוצפה צו בעהויפּטען, אז דיא קריסטליכע רעליגיאָן איז דיא אמת'ע, דיא בעסטע, דיא ריכטיגע, דיא איינציגע — דיא שטעל־פערטרעטערין פון דעם אלטען גלוי־בען, דער נייער יודענטהום, דער „נייער בונד". זיי זיינען געוועזען אזוי צופריעדען און גליקליך דערמיט, אז זיי האבען פון גרויס התפּעלות אריינגעשמוגעלט אין דעם עוואנגעליום א נבואה, אין וועלכער יעזוס אליין זאָל דיעזען חורבן הא־בען פאראויסגעזעהן און פאראויסגעזאָגט אלס א שטראף

פון גאָט, ווייל דיא אידען האבען איהם ניט אנערקענט.

עס איז קיין שום ספק ניט, אז דיעזער געוואלטזאמער פּאָליטישער גלות האט געהאט א גרויסע בעדייטונג פאר דעם ערפאָלג פון קריסטענטהום. עס איז דאָ גענוג צו דערמאָנען דיא בעקאנטע לעגענדע וועגען דעם היילינגען וולאדימיר פון רוסלאנד, וועלכער האט אנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען. דיעזער וולאדימיר זאָל זיך האָבען געהאט ענטזאגט אנצונעהמען דעם יודענטהום בלויז דערפאר, וואס זייער אייגענער גאָט איז אין כעס אויף דיא אידען און האט זיי פערטריעבען פון זייער לאנד. עס קען זיין, אז דאס איז בלויז א לעגענדע, אבער א שטארקער ארגומענט איז עס סיי וויא סיי געווען פאר יענע מענשען אין יענע צייטען.

אָבער א חוץ דיעזען געוואלטזאמען פּאָליטישען גלות איז שוין א לאנגע צייט פריהער פאָרגעקומען א לאנגזאמער, מען קען זאָגען, פרייוויליגער גלות. דיעזער גלות איז פערורזאכט געוואָרען דורך דער עקאָנאָמישער לאגע פון דעם אידישען פאָלק אין ארץ ישראל; דאס איז געווען אן עקאָנאָמישער גלות, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען.

ארץ ישראל איז געווען א קליין און ארעם לאנד, וואס איז ניט געווען בכוח צו שפּייזען א גרויסע בעפעלקערונג. טויזענדער און הונדערט־טויזענדער אידען זיינען דורך דעם געצוואונגען געוואָרען צו פערלאָזען זייער היים־געליעבטען פאטערלאנד און זוכען זייער גליק אין פרעמדע, ווייטע לענדער. דיא צאָהל פון דיא אידען אין דיא פרעמדע לענדער האט דערגרייכט אריבער א מיליאָן. און אזוי געפינען מיר, אז אידישע קאָלאָניען און אידישע געמיינדען זיינען געווען פערשפּרייט אין כמעט אלע טהיילען פון דער וועלט לאנג פריהער איידער דיא צושטערונג פון טעמפּעל.

דיעזע אידען אין דער פרעמד האבען אבער דאָרטען געלעבט נאר מיט זייערע גופים; מיט זייערע נשמות און הערצער האבען זיי געלעבט אין „היילינגען לאנד". זייער

גאנצער וועזען איז געווען דורכגעקניפּט מיט ארץ ישראל, מיט ירושלים, מיט'ן טעמפּעל, — מיט'ן יודענטהום. זיי האבען געפיהרט זייער אייגענעם בעזונדערען לעבען אין דער פרעמד, האבען זיך געהאלטען אבגעזונדערט פון דיא ארומיגע פעלקער, וועמעס געטצען־דיענסט זיי האבען פער־אכטעט, וועמעס ארט לעבען און צולאזענקייט זיי האבען ניט פערשטאנען. פון דיא ווייטעסטע לענדער, וואו דיא אידען האבען זיך געפונען, האבען זיי געשיקט זייער שטייער פאר דעם טעמפּעל אין ירושלים, וואס עס האט גע־מוזט בילדען א גרויסע סומע יעהרליך. פון איין זייט איז עס געווען א גרויסע שטיצע פאר דעם טעמפּעל, וועלכער איז דורך דעם געוואָרען זעהר א רייכע אינסטיטוציע, טראָץ דעם וואס דיא אוצרות פון טעמפּעל זיינען זעהר אָפט בערויבט געוואָרען פון דיא רוימער. פון דעם אנדערען זייט האט עס ביי דער אָרטיגער בעפעלקערונג ארויסגערופען אין מאנ־כע פעלע זאַגאַר אן אונצופריעדענהייט מיט דיא אידען, „וואס זיי שיקען ארויס דאס גאָלד פון דעם לאנד". אויסער דעם האט יעדער איד געזוכט א געלעגענהייט אליין צו בע־זוכען דיא הייליגע לאנד און דיא הייליגע שטאָדט, אזוי אַז ירושלים איז שוין דאמאלס געווען געוויסערמאסען א טור־ריסטען־שטאָדט, וואס עס האט אויך פערבעסערט דיא עקאָ־נאָמישע לאגע פון דער שטאָדט.

דיעזע צוגעבונדענקייט צום אלטען פאטערלאנד איז געגאנגען מיט א צוגעבונדענקייט צום יודענטהום, צו דיא אידישע לעהרען. זייענדיג אין דער פרעמד און אבגעריסען פון מקור איז דאס יודענטהום זיי געוואָרען נאָך טהייערער און ליעבער. אלס א רעזולטאט דערפון האבען דיא דאָזיגע אידען ענטוויקעלט א שטארקע פּראָפּאגאנדע פאר דעם יודענטהום. דיעזע אידען האבען געפריידיגט זייערע לעה־רען דורכ'ן וואָרט און דורך שריפט. זיי האבען געשאפען א גאנץ גרויסע פּראָפּאגאנדע ליטעראטור, וועלכע זיי האָבען געזוכט צו פערשפּרייטען צווישען דיא היידנישע פעלקער

דורך אלערליי מיטלען. דער אינהאלט פון דיא דאָזיגע אלע שריפטען איז געווען א לויב־געזאַנג צו דיא גרויסקייט פון דעם אידישען גאָט, פון דעם אידישען פאָלק און פון דיא אידישע לעהרען. אין דער זעלבער צייט האבען זיי אויך געשפּאָט און אבגעלאכט פון דיא היידנישע געטער, פון דיא אלערליי געטצען „וואס ווערען געמאכט מיט הענד" און פון דיא שלעכטע מדות און צולאָזענקייט פון דיא היידנישע פעלקער. אום דיעזע שריפטען זאָלען קריגען א צוטריט צו דיא היידען, פלעגט מען זיי ארויסגעבען אלס דיא ווערק פון בעקאַנטע היידנישע פּאָעטען און שרייבער אדער אלס נבואות פון דיא אלטע גריכישע נביאות'טעס, „דיא סיבי־ליען". דיעזע ארט פעלשונגען זיינען צו יענער צייט אנער־קענט געווען אלס גאנץ אנשטענדיג ניט בלויז ביי אידען, נאר אויך ביי דיא אנדערע פעלקער.

אויסער דעם האבען א פּנים דיא פאָרשטעהער פון יודענטהום אין ירושלים גופא אויך ארויסגעשיקט שלוחים פון צייט צו צייט אום צו פריידיגען און צו פערשפּרייטען דעם יודענטהום צווישען דיא אנדערע אומות. דער עוואַנ־געליסט מאטהעאוס ווארפט אויף דיא „שריי־בער" און דיא „פּרושים" פאַרוואס זיי יאָגען זיך אזוי שטאַרק נאָך גרים (מאטהעאוס 23, 15).

דיעזע פּיעבערישע טהעטיגקייט האט אויך געבראַכט איהרע פּריכטע. דאס יודענטהום איז ארויס פון זיינע ענגע ראַהמען אין פּאַלעסטינא און האט זיך אנגעפאַנגען צו פער־שפּרייטען אויך צווישען אנדערע פעלקער. דיא צאָהל פון דיא גרים, וועלכע זיינען אין גאַנצען אריבערגעגאַנגען צום יודענטהום זיינען אלץ געוואָרען מעהר. פּיעלע פון דיא בעסט־בעקאַנטע תנאים, צום ביישפּיעל, האבען אבגעשטאַמט פון גרים. „פילא דער איד" דערצעהלט פון אייגענער ער־פאַהרונג, אז פּיעלע היידען זיינען אריבער צום יודענטהום. ער בעהויפּטעט אויך, אז דורך דעם זיינען זיי געוואָרען פּיעל בעסערע און עדלערע מענשען. פּיעלע רוימישע אריסטאָ־

קראַטען און בירגער האבען אנגענומען דעם אידישען גלויי־בען. זאָגאר א קעניגליכע פּאָאר, דער קעניג מאָנאבאז און דיא קעניגין העלענא (מונבז המלך והלני המלכה) זיינען אריבער צום יודענטהום.

אבער פיעל גרעסער וויא דיא, וואס זיינען אין גאַנצען אריבער צום יודענטהום איז געווען דיא צאָהל פון דיא יע־ניגע, וועלכע זיינען געווען אין סימפּאטהיע מיט דער אי־דישער אמונה און דיא אידישע לעהרען און האבען איהר אבער ניט אנגענומען צוליעב דיא שווערינקייטען, וואס זיי־נען געווען פערבונדען מיט דעם. דער מל זיין זיך און דיא אַנדערע ריין־אידישע נאַציאָנאַלע מצוות, וויאַ דיא ימים־טובים און דערגלייכען, זיינען געשטאַנען אין וועג. דיא צאָהל פון אזעלכע סימפּאטהיזירער און בעוואונדערער, וועל־כע האבען זיך דאָך ניט געקענט בעשליסען אין גאַנצען אריבערצוגעהן צום יודענטהום, האט געמוזט זיין זעהר גרויס. עס האט זיך ביי דיא אידען זאָגאר געבילדעט א גרויסע פּארטיי, וואס איז געווען מיט דער מיינונג, אז מען דאַרף לייכטער מאכען דעם עמפּפּאַנג פון דיא דאָזיגע גרים. אין דיעזער בעציהונג איז אינטערעסאַנט דיא מעשה מיט דעם גר, וועלכער האט געבעטען הלל'ן, אז ער זאָל איהם אויס־לערנען דיא גאַנצע תורה אויף איין פוס, אויף איין כלל. אין תלמוד ווערט אויך גערעדט פון גרים, וואס האבען זיך „גע'טובל'ט און ניט געלאָזט מל זיין". דער בעגריף פון א „גר תושב", דיא זיעבען געזעצע פאר דיא „בני־נוח" זיינען אלץ געווען מיט דעם צוועק צו פערלייכטערען דעם וועג פאר דיא אנדערע פעלקער, אז זיי זאָלען ניט דארפען אנ־נעהמען דעם גאַנצען יודענטהום. נאכ'ן חורבן איז אבער דיעזע בעוועגונג צו פערלייכטערען דעם צוטריט צום יודענ־טהום אין גאַנצען אבגעשטעלט געוואָרען. עס זיינען דאַ־מאלס, פערקעהרט, געמאכט געוואָרען נייע שוועריגקייטען פאר דיא גרים. דאָס אידישע פאָלק איז געבליעבען בלויז מיט זיין תורה און מיט זיינע הייליגע שריפטען, און עס האט

איבער זיי געציטערט ווי א טרייע מאמע איבער איהר בן־יחיד; עס האט מורא געהאט זיי צו געטרויען אין דיא הענד פון פרעמדע. פיללייכט האט דער ביישפיעל פון דער קריסט־ליכער אמונה, וועלכע האט זיך אנגעפאנגען מיט פערלייכ־טערונגען און האט זיך געענדיגט מיט ווערען א שונא פון יודענטהום, פיללייכט האט דאס געדיענט אלס א ווארנונג. פון דאמאלס אן האבען דיא אידען געזוכט אויסצומיידען גרים און א ווערטעל איז בעשאפען געוואָרען, אז „גרים זיי־נען שווער פאר דיא אידען וויא קרעץ". ווען איינער פלעגט זיך קומען מגייר זיין, פלעגט מען איהם אפריידען דערפון. מען פלעגט איהם ערקלעהרען אלע שווערינקייטען, דער־צעהלען איהם פון אלע אידישע צרות. „וואס דארפסטו זיך בעהעפטען, פלעגט מען איהם זאגען, צו א פאלק וואס ווערט פעראכטעט, בעליידיגט און פערפאלגט?" ערשט דאמאלסט, ווען ער איז געווען וויליג און בערייט אנצונעהמען דיא גאנ־צע תורה מיט אלע חומרות און אין צוגאב דיא אלע צרות און בעליידיגונגען פון אידישען פאלק, ערשט דאמאלס פלעגט ער אריינגענומען ווערען.

דאס איז געוואָרען ערשט שפעטער. דיא צייט אבער פאר'ן חורבן האט דאס אידישע פאלק ארויסגעצייגט א שטארקע טהעטיגקייט אין בעקעהרען דיא היידען צום יודענ־טהום. דיעזע פראפאגאנדע האט פערפערטיגט און אויסגע־טראָטען דיא וועג פאר דעם קריסטענטהום. דיא אידען האבען אויסגעארבייט א פרוכטבארע פעלד פאר דער טהע־טיגקייט פון דיא קריסטליכע פראפאגאנדיסטען.

דאס קריסטענטהום האט איינגעזעהן דיא שווערינקיי־טען, וואס דאס יודענטהום האט געשטעלט אין וועג דיא היידען, און עס האט דערפון פראפיטירט. דאס קריסטענ־טהום האט פון זיך אראבגעוואָרפען דעם אידיש־נאציאָנאלען מאנטעל: עס האט פערוואָרפען מלה, עס האט פערוואָרפען דיא אידישע נאציאָנאלע געזעצע און מנהגים. עס האט דער־מיט געעפענט פריי און ברייט דיא טהירען פאר אלעמען

און פאר יעדען. פאר א הייד צו ווערען א איד איז געווען פערבונדען מיט אלערליי שוועריגקייטען: ער האט זיך געדארפט אבזאגען פון זיין גאנצען ארט לעבען, פון זיינע אלטע מנהגים און געוואוינהייטען, אפילו פון זיין משפחה און זיין פאלק. דאגעגען איז עס געווען זעהר לייכט פאר אזא איינעם צו ווערען א קריסט; מען האט פון איהם קיין זאך ניט געפאדערט, ער האט געקענט בלייבען וויא ער איז געווען פריהער, מיט זיינע אלטע מנהגים, מיט זיין פאלק און משפחה, זאגאר מיט זיין קולט און גאטעס־דיענסט; ער האט נאר געדארפט בייטען דעם נאמען פון זיין גאט, אנשטאט יופיטער אדער מיטהרא האט ער איהם געדארפט רופען יעזוס. דיא זעלבע תפלות, דיא זעלבע צערעמאניען. דאס קריסטענטהום, וויא מיר האבען שוין געזעהן, האט עס פערשטאנען וויא אזוי ארייצוּ־נעהמען אין זיך דיא אלערליי מנהגים פון דיא געצען־דיענער.

און דיעזער נייער גלויבען, וואס איז אזוי לייכט און צוּ־גענגליך, רעדט אויך אין נאמען פון דעם אידישען גאט, פון דער אידישער תורה, פון דיא אידישע היילינע שריפטען — פארוואס זאל ער אננעהמען דיא שווע־רע, דיא שטרייננע, דיא פינקטליכע? פון דיא צוויי יודענ־טהומס האט ער זיך אויסגעקליעבען דיא לייכטערע, דיא וואס האט געפאדערט וועניגער פערזענליכע אויפאפפערונג. ווען דיא עוואנגעליסטען, פאול און דיא אנדערע שליחים, ציטירען אזוי אפט דיא אידישע תורה און דיא אידישע נביאים, ווען זיי זוכען צו בעגרינדען זייערע לעהרען אויף דעם יסוד פון דיא אידישע היילינע שריפטען, טהוען זיי עס ניט אוים ספעציעלער ליעבע צום אידישען פאלק אדער דיא אידישע תורה. דאס האבען זיי געטהאן, ווייל דאס האט זיך זיי געלוינט, ווייל דורך דעם האבען זיי געוואונען פאר זייע־רע אייגענע לעהרען דעם פרעסטיזש און אנזעהן, וואס יענע אלטע שריפטען האבען זיך שוין געהאט ערווארבען ביי גרויסע טהיילען פון דעם רוימישען און גריכישען פאלק.

דיא קריסטען האבען גערארפט האבען אן אנערקענטען אויטאָריטעט אלס עדות פאר זיך. „פאר צוויי יאהרהונדערטע איז דיא אידישע ביבעל, וועלכע איז געווען ווייט בעקאנט דורך דער „זיבעציגער איבערזעצונג", געווען דער הויפּט ליטעראַרישער פונדאמענט פון קריסטענטהום. אזא זאמלונג פון אלטע רעליגיעזע ליטעראטור האט געהאט א גרויסען פּרעסטיזש אין דער גריכיש־רוימישער וועלט" (ראבערטסאָן, דיא געשיכטע פון קריסטענטהום).

דער אידישער גלות פון פאר'ן חורבן האט געהאט נאָך א צווייטע וויכטיגע בעדייטונג פאר דער פערשפּרייטונג פון דעם קריסטענטהום. דיא דאָזיגע פערשפּרייטע אידישע קהלות איבער דער גאנצער רוימישער אימפּעריע זיינען געוואָרען דיא מיטעל־פונקטען, דיא צענטרען, דיא ערשטע קערנדלאך, פון וועלכע דאס קריסטענטהום האט ארויסגעשפּראָצט און זיך פערשפּרייט. דיא ערשטע קריסטליכע פּראָפּאַגאַנדיסטען, פּאול וויא דיא אנדערע שלוחים, פלעגען אין זייערע אגיטאציאָנס־רייזען דיא ערשטע זאך פערפּאָהרען צו דיא אידען. דיא אידישע שוהלען און דיא אידישע בתי מדרשים זיינען געווען אָפען פאר זיי. זיי, דיא דאָזיגע שלוחים, פלעגען דאך קומען וויא אידען צו אידען, פלעגען דאך פרעטענדירען צו פּריידיגען דיא אידישע תורה. דיא ערשטע צוהערער זייערע זיינען געווען אידען און דיא ערשטע פערזאמלונגס־פּלעצער זיינען געווען דיא אידישע פערזאמלונגס־פּלעצער. דיא אידען, אמת, האבען זיך באלד ארומגעזעהן, וואס דיזע נייע לעהרען מיינען און האבען זיך פון זיי אבגעטרייסעלט, גאנץ אָפט פלעגען דיא דאָזיגע דרשנים זאָגאר כאַפּען זייער פּסק, אבער דאס ענדערט דאך ניט דעם פאַקט, אז דאס זיינען געווען דיא א י ד י ש ע קהילות, וואו זיי פלעגען פערפאָהרען. און כאָטש דאס רוב פון דיא אידען האבען ניט געוואָלט וויסען פון דיא דאָזיגע נייע לעהרען, אָבער דאָ און דאָרטען האבען זיך דאך געפונען אייניגע, וואָס זיינען בעקעהרט געוואָרען צום נייעם

גלויבען, וועלכע האָבען זיך דאן פון זייער זייט גענומען צו דער פראָפּאַגאַנדע. דיא צאָהל פון דיא אידישע בעקעהרטע אין יענע פערוואָרפענע קהילות איז געוואָרען בעדייטענד גרעסער נאָך'ן חורבן. פיעלע פון יענע אידען זיינען אויס פערצווייפלונג אריבערגעגאַנגען צום קריסטענטהום. זייענדיג ווייט פון א אידישען צענטער, האָבען זיי בעטראַכט דיא צושטערונג פון טעמפעל אלס א שטראָף פון גאָט דערפאַר, וואס דאס אידישע פאָלק האט פערשטויסען פון זיך דעם משיח. דאָ איז אבער ניט אַזוי וויכטיג דיא קלענערע אדער גרעסערע צאָהל פון דיא בעקעהרטע אידען, וויא דער פאקט, אז דורך דיא אידישע קהלות אין דיא פרעמדע לענדער האָבען דיא קריסטליכע דרשנים און פריידיגער געקראָגען דיא געלעגענהייט זיך צו בעקענען און קומען אין נאָהענטער בעריהרונג מיט דיא היידנישע פעלקער. אין דיעזען זינן איז דער אידישער עקאָנאָמישער גלות, דיא אויסוואַנדערונג פון דיא אידען אין וויימע, פרעמדע לענדער געווען א גליק פאר'ן קריסטענטהום.

דיא הויפט־פאַקטאָרען, וואס האבען געהאָלפען דיא פערשפרייטונג פון דעם קריסטענטהום אין דיא ערשטע פאָר יאהרהונדערטע זיינען אַלזאָ געווען:

1) דער אידישער עקאָנאָמישער גלות און דיא שטאַרקע פראָפּאַגאַנדע פאר דעם יודענטהום, וואס דיא אידען האָבען אנגעפיהרט אין זייערע נייע היימאַטען.

2) דער אידישער פּאָליטישער גלות און דיא צושטערונג פון טעמפעל, וואס האט פון איין זייט ענטמוטהיגט דיא אידען און פון דעם אנדערען זייט געדיענט פאר דיא קריסטליכע דרשנים אלס א בעווייז פאר דיא ריכטיגקייט פון זייערע לעהרען און בעהויפּטונגען.

3) דיא אבשאפונג פון אלע שוועריגקייטען ביי דעם עמפּפאַנג פון גרים, דורך דעם, וואָס די אידישע תורה, אײבערהויפּט די נאַציאָנאַלע עלעמענטען, איז פערוואָרפען געוואָרען.

4) די בויגיגקייט און עלאסטיציטעט פון דעם קריסטענטהום, וואס האט געבראכט דערצו, אז עס האט זיך לייכט געקענט צופאסען צו דיא היידנישע אנזיכטען, צו דיא היידנישע מנהגים און זאגאר צו דיא היידנישע קולטען.

דא בלייבט אבער צו בעשפרעכען נאר א פאר אנדערע וויכטיגע פונקטען, וועלכע זיינען אין מאנכע היגזיכטען נאך וויכטיגער ווי די אויבען־דערמאנטע. איך מיין דעם עקאנאמישען און סאציאלען צושטאנד פון דער רוימישער אימפעריע און דעם פראלעטארישען כאראקטער פון דיא ערשטע קריסטליכע לעהרען.

דיא גלאנץ־עפאכע פון דער גרויסער רוימישער אימפעריע האט זיך גענעהענטערט צו איהר ענדע. עס האבען זיך אנגעפאנגען צו בעווייזען סימנים פון אונטערגאנג, סימפטאמען פון אן אונהיילבארער קראנקהייט, וועלכע האט ענדליך אין גאנצען רואינירט דעם גיגאנטישען קערפער פון דער גרעסטער אימפעריע, וואס דיא וועלט האט ווען געזעהן. דיא מעכטיגע אימפעריע האט געליטען פון א פערפעטוּנגסקראנקהייט: זיא איז דערטרונקען געווארען אין איהר אייגענע פעטס; זיא איז געווען צו רייך און איז דערשטיקט געווארען אונטער איהרע רייכטהימער, וועלכע זיינען געווען שלעכט פערטהיילט און זיינען קאנצענטרירט געווארען אין דיא הענד פון דיא אויבערשטע קלאסען, אין דיא הענד פון דיא „פאטריציער“.

דיא אונצעהליגע מלחמות, וואס דיא רוימער האבען געפיהרט און אין וועלכע זיי זיינען בייגאהע שטענדיג ארויס דיא זיעגער, האט זיי געגעבען דיעזע רייכטהימער. דאס איז נים געווען קיין נאטירליכע, וואקסענדע בערייכערונג פון לאנד גופא, וואס קומט ארויס פון דער ארבייט פון פאלק; דאס איז געווען אן אנגערויבטע רייכקייט פון אלע טהיילען פון דער וועלט, וואס דיא קריעגער האבען געבראכט

מיט זיך צוריק. גאָלד, זילבער, טהייערע שטיינער, זייךדענס, אלערליי טהייערע געוועבען זיינען געבראַכט געוואָרען אין רוים פון דיא פרעמדע לענדער און האבען זיך קאָנצענטרירט אין דיא הענד פון איינציגע, וועהרענד דאס פאָלק האט דערפון גאר ניט געהאַט. דאס איז נאָך אבער געווען גארנישט אין פערגלייך מיט דיא שקלאַפען און דעם שקלאַפען־האנדעל. דיא הונדערט טויזענדער און מיליאָנען געפאנגענע, וואס דיא רוימער פלעגען נעהמען אין זייערע זיעגרייכע מלחמות, פלעגען זיי פערוואנדלען אין שקלאַפען. גאַנץ אָפט פלעגט מען געהן אויף מלחמה נאר מיט דעם צוועק צו קריגען אלץ מעהר און מעהר שקלאַפען. דיא צאָהל פון דיא שקלאַפען איז געווען אונגעהויער גרויס. דער פרייז פון א שקלאַף איז געווען ווענינער וויא א דאלאר. עס האבען זיך געפונען רייכע רוימישע אריסטאָקראַטען, וואס האבען געהאַט זייער „אייגענס“ טויזענדער שקלאַפען.

דיא שקלאַפען זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען ערגער וויא בהמות. זייערע הערען האבען געהאַט צו זאָגען אויף זייער לעבען און טוידט. עס פערשטעהט זיך, אז אונטער אזעלכע אומשטענדען איז ניט געווען קיין פלאַץ פאר דער זאָגענאַנטער פרייער ארבייט. צו וואס האט מען גערארפט ארבייטער, ווען עס זיינען געווען אזוי פיעל ביליגע שקלאַפען, וועלכע האבען געמוזט טהאָן אלץ וואס מען האט געהייסען אין גאנצען אָהן געצאָהלט? דיעזע שקלאַפען האָבען געטהאָן אלע נויטהיגע ארבייטען סיי אין שטאָדט און סיי אויפ׳ן לאַנד, סיי אלס אינדוסטריעלע ארבייטער, סיי אלס אקערבויער. דיא שקלאַפען האבען זיך זאָגאר בעשעפטיגט מיט בוי און קונסט־ארבייטען.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, וואס דאס רוימישע פאָלק גופא איז געבליעבען ארבייטלאָז און לאנדסלאָז. דער קליינער בויער, וואס האט זיך געהאַט זיין שטיקעל לאַנד, האט ניט געקענט קאָנקורירען מיט׳ן גרויסען גוטס־בעזיצער. ער, דער בויער, האט אליין געמוזט בעארבייטען זיין לאַנד,

ווערענד דער גרויסער גוט־בעזיצער האט עס געטהאָן מיט דיא אומזיסטיגע שקלאַפען־ארבייט. ביסלאכווייז איז דער בויער אין גאַנצען ארויסגעשטופּט געוואָרען און דאס לאַנד איז אריבערגעגאַנגען אין דיא הענד פון דיא גרויסע גוט־בעזיצער, אין דיא הענד פון דיא „פּאַטריציער“. דער בויער איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון לאַנד און האט געמוזט געהן אין דער גרויסער שטאָדט אריין, וואו ער איז גלייך אריינגעפאַלען אין דיא רייהען פון דיא לומפּען־פּראָלעטאַריער. דאָס זעלבע האָט אויך פּאסירט מיט דיא בעלי־מלאכות און דיא אינדוסטריעלע ארבייטער. זיי האבען ניט געהאַט קיין מארק פאר זייער סחורה, מען האט זיך ניט גענויטהיגט אין זייערע ארבייטס־פּראָדוקטען, ווייל דיעזע אַלע ארבייטען זיינען געטהאָן געוואָרען בעסער און ביליגער דורך דיא שקלאַפען. עס האט זיך דורך דעם געבילדעט א שרעקליך גרויסע קלאַסע פון לעדיג־געהער, וואס זיינען דערצו פון אנפאַנגס געצוואונגען געוואָרען דורך דיא ווילדע עקאָנאָמישע פּאראָנדקעס פון לאַנד. באַלד אבער האבען זיי זיך צוגעוואוינט צו דיעזען צושטאַנד און האבען זיך אנגעפאַנגען אליין צו בעטראַכטען אלס א מין פּריווילעגירטע קלאַססע, וועלכע דאַרף ניט ארבייטען. אלס שטאָלצע רוימישע בירגער האבען זיי עס געפונען פאר אונטער זייער ווירדע זיך צו בעשעפטיגען מיט ארבייט, א זאַך וואס פּאַסט זיך בלויז פאר שקלאַפען. זיי זיינען געווען שטאָלץ אויף זייער רוימישער בירגערשאַפט, א שטייגער וויא אן ענגלישער „הוד־לום“ איז שטאָלץ מיט זיין גרויסער, מעכטיגער אימפּעריע, צי אן אמעריקאנער „טרעמפּ“ מיט זיין גרויסער, פרייער רעפּובליק, כאָטש זיי האבען ביידע דערפון א קדחת... דיעזע „שטאָלצע“ רוימישע בירגער זיינען געווען פאָלשטענדיג בעזיצלאָז, זיי האבען גארנישט פערמאָגט. זיי האבען אפילו ניט געהאַט וואו איבערצונעכטיגען און פלעגען דארום זיך וואַלגערען אין דיא עפענטליכע געביידען און אויסבעטלען זייער שטיקעל ברויט און ביסעל זופּ פון עפענטליכע

צדקה־אנשטאַלטען. „אַ קנאַפּער מיליאָן מענשען האבען זיך אין רוים אליין אַרומגעוואַלגערט און האבען געלעבט פון עפענטליכע און פּריוואַטע צדקה. דיעזע לומפּען־פּראָלע־טאַריער האבען זעהר וועניג געפאָדערט פון לעבען: אַ שטי־קעל ברויט און דיא גראָבע, ברוטאַליזירענדע שפּיעלען פון דיא גלאַדיאַטאָרס און דיא קעמפּפע צווישען דיא קריעגס־געפאַנגענע שקלאַפען און ווילדע טהיערען, וועלכע פלעגען פון צייט צו צייט פעראנשטאַלטעט ווערען פון זייער כבוד וועגען.

דיא אונבעגרענצטע עשירות פון דיא העכערע קלאַסען האט צווישען זיי ענטוויקעלט אַן אונערהערטען ווילדען לוקסוס, וואס האט ווידער געפיהרט צו אַלערליי אָרגיען, צולאָזענהייטען און אויסגעלאַסענהייטען.

רוים האט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שרעקליך בילד: פון אויבען, אַן אונבעשרייבליכער לוקסוס און אויסגעלאַסענ־הייט; פון אונטען, דיא שוידערליכסטע פערשקלאַפונג פון הונדערטער טויזענדער מיט־מענשען. צווישען זיי ביידען איז געשטאַנען אַ פערגרעבטער און צואווילדעטער לומפען־פּראָלעטאַריאַט.

אַט אַזאַ איז געווען רוים, ווען דאס קריסטענטהום האָט אָנגעפאַנגען זיך דאָרטען צו פערשפּרייטען.

דיא העכערע קלאַסען האבען, נאַטירליך, ניט געוואָלט וויסען און ניט געוואָלט הערען פון דיעזער נייער לעהרע, זיי זיינען געווען צופריעדען מיט דער עקזיסטירענדער אָרד־נונג. זיי האבען זיך אויסגעלאַכט פון אַ „גאָט'ס קעניגרייך" אויף יענער וועלט, זיי האבען פאַר זיך געהאַט אַ „גאָט'ס קעניגרייך" אויף דיעזער וועלט. זיי האבען אין דיעזע נייע לעהרע געזעהן אַ געפאַהר פאַר זיך, איבערהויפּט האבען זיי זיך געשראָקען פאַר דעם פּראָלעטאַרישען כאַראַקטער וואָס זיא טראָגט, פאַר דעם קאָמוניזם, וועלכען דיא ערשטע קרי־סטען האבען געזוכט דורכצופיהרען.

גאַנץ אַנדערש איז עס אבער געווען מיט דיא ניעדערי־

גערע קלאסען, מיט דיא ארימע און הונגעריגע, מיט דיא אונקולטערעלע און אונגעבילדעטע, מיט א טהייל פון דיא לומפען־פראלעטאריער און מיט די שקלאפען. זיי האבען זיך צוגעהערט מיט אויפמערקזאמקייט צו די נייע געדאנקען, אז דער ארימאן איז גאר דער יחסן, אז דער אונגעבילדעטער איז גאר דער געליעבטער פון גאט, אז דער שקלאף איז אויך א מענש. זיי האבען אפשר צום ערשטען מאל געהערט פון א נייע וועלט, פון א „גאט'ס קעניגרייך", וואו זיי, דיא לעצטע, וועלען זיין דיא ערשטע; זיי, דיא שוואכסטע, וועלען זיין דיא שטארקסטע. עס האט זיי געשמייכעלט צו הערען אזעלכע דרשות, עס האט צופריעדענגעשטעלט זייער קלאסען־געפיהל און אין מאסען זיינען זיי אריבער צו דער נייער אמונה, בפרט ווען זיא האט פון זיי אזוי ווענינ געפאדערט, ווען זיא האט זיי געלאזען פיהרען זייער אלטען ארט לעבען.

דאס קריסטענטהום האט ניט געפרובירט צו איינפיהרען א נייעם ארט לעבען, נייע עקאנאמישע איינריכטונגען; עס האט ניט געזוכט צו פערבעסערען דיא עקאנאמישע לאגע פון דיא ארימע און אונטערדריקטע, עס האט ניט געפריידיגט קיין רעוואלוציאן. דאס קריסטענטהום האט זיך ניט אבגעגעבען מיט געזעלשאפטליכע פראגען, עס האט דעם געזעלשאפטליכען לעבען איבערהויפט ניט פארשטאנען. עס איז געווען א הימעלשע לעהרע און עס האט געפריידיגט הימעלשע רפואות, לאזענדיג דיא ערדישע וועלט אזוי וויא זיא איז. אבער דאס קריסטענטהום איז דאך געווען א טרייסט פאר יענע אונגליקליכע, א באלזאם אויף זייערע וואונדען. עס האט זיי געמאכט פערגעסען זייערע געגענווערטיגע צרות דורך דעם צוקינפטיגען גליק אין גאט'ס קעניגרייך. דאס קריסטענטהום איז אייגענטליך געווען א גליק פאר דיא העכערע קלאסען, ווייל עס האט געדיענט וויא אן אבלייטער פון דעם פאלקס־צארן; עס האט פערוויעגט דעם פאלק אין א זיסען שלאף, אום ער זאל ניט זעהן זיינע צרות. דיא העכערע קלאסען האבען עס לכתחילה ניט פער־

שטאַנען און האבען דיא קריסטען גרויזאַם פערפאָלגט. ערשט שפּעטער האבען זיי זיך ארומגעזעהן, וואס פאר א טהייערע וואפע דאס קריסטענטהום קען ווערען אין זייערע הענד. דאַן זיינען זיי געוואָרען פריינדליכער צו איהם און האבען זיך מיט איהם גאַנץ גוט בענוצט...

עס איז אמת, דאס קריסטענטהום האט ניט געהאט דעם מוטה צו בעקעמפּפען שקלאַפעריי. יעזוס אליין זאָגט אַ וואָרט ניט געגען דעם, כאָטש זיין אינגערער צייט־גענאָסע „פילא דער איד“ בעטראַכט עס אַלס דיא ניעדעריגסטע און געמיינסטע געזעלשאַפטליכע איינריכטונג און זוכט צו בע־קעמפּפען דיא בעהויפּטונג פון אריסטאָטעל, „אַז אנדערע מענשען זיינען געבאָרען געוואָרען צו זיין שקלאַפען“. יעזוס זאָגט ניט אַ וואָרט געגען שקלאַפעריי; פון זיינע משלים מיט שקלאַפען זעהט מען, אַז ער בעטראַכט שקלאַפעריי פאר א גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג. עס איז מעגליך, אַז יע־זוס, זייענדיג פערטיעפט אין זיינע הימעלשע חלומות, האט ווירקליך זיך ניט אינטערעסירט מיט דיעזער פראַגע. וואס איז דער אונטערשיעד שקלאַף צו פרייער, באַלד וועלען דאָך אַלע געהן אין גאָט'ס קעניגרייך? פאַול, דאגעגען, סאנק־ציאָנירט דיא שקלאַפעריי און זאָגט אָפען: „שקלאַפען, זייט אונטערטהעניג צו אייערע הערען“. אבער אפילו פאַול בעהויפּטעט, אַז אויף יענער וועלט „אין דעם גלויבען אין דעם משיח זיינען ניטאָ קיין העררען און שקלאַפען“. דאָס אליין איז שוין אבער אויך געווען גענוג פאר דיא אונגליק־ליכע שקלאַפען, וועלכע זיינען בעהאַנדעלט און בעטראַכט געוואָרען אַלס ערגער וויא בהמות, אַז זיי זאָלען אננעהמען דעם קריסטענטהום. אויב ניט אויף דיעזער וועלט איז לכל הפחות אויף יענער וועלט א גלייך־בערעכטיגטער מענש, און נאָך א מעהר־בערעכטיגטער!

דיא ערשטע אנהיינגער פון דעם קריסטענטהום זיינען געווען דיא ארימע און אונטערדריקטע, דיא אונקולטורעלע און אונגעבילדעטע, דער פּשוט'ער, ארימער עולם. דאס איז

געוועזן אן עולם, וואס האט ניט געפרעגט קיין קשיות, וואס האט זיך ניט אינטערעסירט מיט פילאזאפישע און רעליגיעזע פראגען. ער האט אנגענומען אלץ פאר גוט געלד, ער האט געגלויבט אין אלץ און איז געוועזן צופריעדען, וואס מען רעכענט איהם אויך פאר א שטיקעל מענשען, וואס מען ווענדעט זיך אויך צו איהם. מען האט איהם ניט געלערנט, אבער מען האט איהם גע'חנפה'ט; מען האט ניט געזוכט צו פערבעסערען זיין לאגע, אבער מען האט איהם געטרייסט מיט גוטע פערשפרעכונגען, מיט א גלענצענדע צוקונפט. דאס האט געווירקט. פאול אליין בעשרייבט דעם כאראקטער פון זיינע אנהייגנער: „מיינע ברידער, זעהט אייער בערוף. ניט פיעל פון אייך זיינען חכמים לויט דעם פלייש; ניט פיעל פון אייך שטארק; ניט פיעל פון אייך זיינען פון אדעל. אבער גאט האט אויסערוועהלט דיא, וועלכע דיא וועלט האלט פאר נאריש, כדי ער זאל פערשעהמען דיא חכמים. דיא, וועמען דיא וועלט האלט פאר שוואך האט גאט אויסגעקליעבען, כדי צו פערשעהמען דעם שטארקען. גאט האט אויסערוועהלט דיא וואס זיינען ניט עדעל אין דער וועלט, דיא וואס זיינען פעראכטעט, דיא וואס זיינען גארנישט, כדי ער זאל צו נישט מאכען דיא, וואס זיינען עטוואס“ (קארינטהיער 16,־28).

דאס קריסטענטהום האט פראפיטירט פון דעם טעות, וואס דאס יודענטהום האט געמאכט. דאס יודענטהום האט צופיעל פערנאכלעסיגט דעם פראסטען עולם, דעם „עם־הארץ“. אין זייער שטאלץ מיט דער תורה, מיט זייער גערנטקייט האבען דיא אידישע געלעהרטע פעראכטעט דעם „עם ־ הארץ“, דעם המון, וועלכער האט פון דעם זעהר ווייניג געוואוסט. דאס יודענטהום האט אויך פערנאכלעסיגט דיא פרוי. פון דיא זעקס הונדערט און דרייצעהן מצוות האט דיא פרוי געקראגען גאנצע דריי, פון לערנען תורה האט מען איהר אויך בעפרייט. דאס קריסטענטהום דאגעגען האט הויפטזעכליך

אפּעלירט צו דעם „עם הארץ“ און צו דער פרוי, און פון זייערע רייהען האבען זיך רעקרוטירט דיא ערשטע אנהייננער פון דער נייער רעליגיאָן.

* * *

דער ערפאָלג פון דעם קריסטענטהום איז אָהן צווייפעל געווען א גרויסער, אבער ווייט ניט אזוי גרויס, וויא דיא פרומע קריסטליכע שרייבער, וועלכע זעהען אין דעם גאָט׳ס פינגער, בעהויפּטען. דיא שנעלע פערשפּרייטונג פון קריס־טענטהום האָט אזוי ווענינ געהאט צו טהאָן מיט „גאָט׳ס פינגער“, וויא דיא שנעלע פערשפּרייטונג פון בודהיזם. דער בודהיזם, וועלכער האט נאָך היינט ביינאהע אזוי פיעל אנ־הייננער וויא דאָס קריסטענטהום, האָט זיך אויך אזוי גיך פערברייטעט. דער מאהאָמעדאניזם האט אין דעם אנפאנג פון זיין ארויסטרעטען נאָך געהאט א גרעסערען ערפאָלג וויא דאס קריסטענטהום. ער האט זיך פערשפּרייט מיט דער שנעלקייט פון א פלאַם, און מאהאָמעד האט נאָך אליין זוכה געווען צו זעהן וויא פיעלע שטאַמען און פעלקערשאפ־טען האבען אנגענומען זיין תורה. מען קען אנווענדען, אז מאהאָמעד, אויסער וואס ער איז געווען א רעליגיאָנס־גרינ־דער איז אויך געווען א גענעראל און קריעג־פיהרער, אז ער האט דורך בלוט און אייזען ארויפגעצוואונגען זיין תורה, אָבער דאָס לעצטע קען פּונקט אזוי גוט אָנגעווענדעט ווערען געגען דעם קריסטענטהום.

דער אמת׳ער ערפאָלג פון קריסטענטהום, אין דעם זינן פון ווערען א וועלט־מאכט, פאנגט זיך ערשט אָן פון דער צייט, וואָס קאָנסטאנטין האָט עס געמאכט פאר א שטאאטס־רעליגיאָן. פון דאמאלס אָן אבער איז שוין דאס קריסטענ־טהום פערשפּרייט געוואָרען ניט דורך זיין אינערליכען ווערטה, ניט צוליעב זיינע גוטע לעהרען, ניט צוליעב זיין העכערע מאָראל, ניט צוליעב זיין פריידיגען פון ליעבע און ברודערשאפט, נאָר דורך דער רויהסטער, גרעבסטער, ברוּ־טאלסטער און ווילדעסטער מאכט. פון דאמאלס אָן האט

דאס קריסטענטהום אויפגעהערט צו זיין א וואפע פון דיא ארימע און שוואכע געגען דיא רייכע און שטארקע און עס איז געווארען א וואפע אין דיא הענד פון אלערליי דעספאָטען און טיראנען נאָך מעהר צו אונטערדריקען און צו פערשקלאפען דעם גרויסען עולם.

דיא אלע גוטע, שעהנע, זיסע לעהרען זיינען אוועק מיט'ן ווינד, פערפלויגען מיט'ן רויך. עס איז פון זיי געבליעבען א פוסטער קלאנג, א פראזע אָהן א זינן און אָהן אן אינהאלט, אשילד, אונטער וועלכען מ'קען בעגעהן אלע געמיינהייטען. פון פערפאלגטע זיינען דיא קריסטען געווארען פערפאלגער. מיט דיא גרעסטע ברוטאליטעט, מיט דיא שוידערליכסטע אכזריות, מיט אונערהערטער רציחה האבען זיי פערפאלגט דיא ניט־גלויביגע און דיא אנדערש־גלויביגע. קיין זאך איז פאר זיי ניט געווען צו שרעקליך, קיין מיטעל ניט צו ניעדעריג, אום צו פערשפרייטען זייער לעהרע פון „ליעבע". אנפאנגענדיג פון קאָנסטאנטין ביז דער לעצטער צייט האט דאס קריסטענטהום געלאָזען הינטער זיך אויף זיין טריאומפס־צוג א סליאד פון בלוט און פייער.

דיא אלע פערפאלגונגען, וואס דיא ערשטע קריסטען האבען געהאט אויסצושטעהן זיינען געווען אן אונשולדיגער קינדער־שפיעל לגבי דיא גרוילטאהטען וואס דיא קריסטען זיינען שפעטער, ווען זיי האבען געקראגען דיא מאכט, בעגאנגען געגען אנדערש־גלויביגע. מיט בלוט און אייזען, מיט ברענען און בראָטען, שעכטען און שטעכען, הייננגען אין קרייציגען, פערטלען און רייסען אברים שטיקערווייז, מיט דיא שוידערליכסטע מיתות משונות, מיט מאטערניסען, וואס נאר א קראנקהאפטע מענשליכע פאנטאזיע קען ערפינדען און וואס האבען צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער מענשליכער געשיכטע, האבען דיא קריסטען ארויפגעצוואונגען זייערע לעהרען אויף אנדערע. עס איז געווען איין גרויסע, בלוטיגע אינקוויזיציע. יא, דיא אינקוויזיציע, דאס איז געווארען דיא נייע קריסטליכע מעטהאָדע פון בעקעהרונג.

מיט דער ביבעל און דעם „צלם" אין איין האנד און מיט דעם פערבלוטיגטען שווערד אין דער אנדערער האט דאס קריסטענטהום געמאכט זיין מארשרוט איבער דער וועלט. עס האט חרוב געמאכט שטעדט, פערניכטעט פעלקער און מדינות, אומגעבראכט מיליאנען מענשליכע לעבענס אין זיין וועג.

נאך עד היום זיינען די בעשיצער פון די קריסטליכע פעלקער ניט „דער פאטער אין הימעל", ניט דער פערקערפערטער גאט־מענש, ניט אפילו די הייליגע מוטער־גאטעס, נאר זעכצעהן אינטטשיגע קאנאנען, דרייסיג טויזענד־טאניגע קריעגס־שיפען און פינף הונדערט פונטיגע באמבען...

די קריסטליכע פעלקער האבען זיך אויסגעארבייט א דאפעלטע מאראל, לויט וועלכער די ניט־קריסטליכע פעלקער ווערען בעהאנדעלט און בעטראכט וויא מענשען פון א ניעדעריגערער קאטעגאריע, געגען וועלכע מען קען זיך אלעס ערלויבען.

מען האט צופערטעלט און צוריסען כינא, אן אלטעס, גרויסעס פאלק, מיט א גרויסע, אלטע ציוויליזאציאן, וואס האט שוין געהאט א הויכע קולטור נאך דאן, ווען די אליע היינטיגע קריסטליכע פעלקער זיינען געווען האלבע אפפען, געלעגען אין די וועלדער און געפרעסען מענשען־פלייש. די איינציגע עולה פון די כינעזער איז בעשטאנען אין דעם, וואס זיי האבען אין דער פראקטיק געוואלט דורכפיהרען יענע לעהרען פון פריעדען, וועלכער זייער אייגענער קאנפוציוס האט פאר זיי געפרעדיגט לאנג בעפאר יעזוס איז געבארען געווארען. זייער איינציגער פערברעכען איז געווען, וואס זיי האבען זיך ניט „פארבערייטעט", וואס זיי האבען זיך בעצייטענס ניט בעזארגט מיט די קריסטליכע זעכצעהן־אינטשיגע קאנאנען... פאר דיעזען פערברעכען זיינען אויף כינא בעפאלען די „ציוויליזירטע" קריסטליכע מעכטע און פון איהר אבגעריסען אברים־ווייז. פריהער די

ענגלענדער, שפעטער דיא פראנצויזען, דאן אויך דיא דייטשען און דיא רוסען. אויף אזא אדער אן אנדער ארט זיינען אויך פערשקלאפט געווארען אינדיען, עגיפטען, אלגיער, טוניס, מאראקקא און נאך און נאך, אלץ ניט־קריסטליכע פעלקער. דיא קריסטליכע ליעבע איז ניט גילטיג פאר זיי...

און ווען דיא וועלט איז געווארען צו קליין פאר דיא דאזיגע וועלט־איינשלינגער, ווען זיי זיינען משוגע געווארען פון לוסט צו מאכט, ווען זיי האבען זיך ניט געקענט אויסגלייכען מיט דער חלוקה, האבען זיי זייער „ליעבע" אנגעווענדעט איינע געגען דיא אנדערע. זיי האבען אויפגעשפיעלט אזא מין מלחמה, דיא שוידערליכסטע און דיא שרעקליכסטע וואס דיא וועלט האט ווען געזעהן. איצט בעטען זיי אלע צום זעלבען ערלייזער, אז ער זאל זיי העלפען אויסשלאכטען איינע דיא אנדערע. און דער גוטער ערלייזער איז געווען מילד און גנעדיג צו זיי, ער האט זיך צוגעהערט צו זייערע תפלות און ער האט ערפילט זייערע אלעמעס בקשות, ער איז אונפארטייאיש...

אין דעם איז זיכער ניט שולדיג דיא קריסטליכע רעליגיאן אין איהר עצם, אבער דאס ענדערט דאך ניט דעם פאקט, אז דאס זיינען קריסטליכע פעלקער און אז דאס קריסטענטהום האט זיי יעדענפאלס ניט בעסער געמאכט. דאס קריסטענטהום האט זיי ניט בעסער געמאכט; זיי האבען דאגעגען דעם קריסטענטהום פיעל ערגער געמאכט...

* * *

אנפאנגענדיג פון פיערטען יאהרהונדערט איז דאס קריסטענטהום דאס רוב פערשפרייט געווארען מיט דער הילף פון דער שטאאטליכער מאכט. גאנצע פעלקער זיינען אריבערגעגאנגען צום קריסטענטהום, ווייל אזוי האט בעפוילען דער מאנארך. האט זיך איינעם א הערשער פערוואלט צו ווערען א קריסט, צו אויס ריינער איבערצייגונג אדער צוליעב פאליטישע און דינאסטישע צוועקען, האט ער

ארויסגעגעבען א גזרה, אז זיינע אונטערטהאנען זאָלען אויף ווערען קריסטען, גאר ניט פרעגענדיג זייער מיינונג. מיט מאַנכע פעלקער, וויא, צום ביישפּיעל, מיט דיא רוסען, איז עס פאָרגעקומען אָהן גרויסע שוועריגקייטען. דער גרויסער קאָפּ־מענש, דער הייליגער פירסט וולאַדימיר האט בעשלאָסען, אז דיא פּראַוואָסלאַוויע איז דיא אמת'ע רעליגיאָן און האט בעפוילען צו שלעפּען זיין פאָלק אין טייך אריין אום זיי צו טובל'ען — און יוצא. מיט אנדערע פעלקער, וויא צום ביישפּיעל, מיט דיא סקאַנדינאַווישע, איז עס פאָרגעקומען שווערער, נאָך א שטארקען ווידערשטאנד און פיעל בלוט־פערגיסונג.

דער שטאאט און דיא קירכע, דיא וועלטליכע און גייסטליכע מאכט האָבען זיך פעראייניגט. זיי זיינען געוואָרען איין גוף און איין נשמה און האָבען איינע דיא אנדערע אויסגעהאָלפען צו פערשקלאַפען דיא קערפּערס און פערפינסטערען דיא מוחות און דיא גייסטער פון דיא גרויסע מאסען. פּאָול'ס לעהרען וועגען דער הייליגקייט פון דיא מאכט־האָבער האָבען זיך זעהר וואויל געפּאסט פאר דיא הערשער.

ערשט מיט דער אבשוואכונג פון קריסטעטהום איז די לאגע געוואָרען עטוואס בעסער.



.18

# קריסטליכע טהעאָריע און קריסטליכע פראַקטיק.

עס איז פאר קיינעם קיין נייעס ניט, אז טהעאָריע און פראַקטיק זיינען צוויי גאַנץ בעזונדערע זאַכען. אין זייער פראַקטישען לעבען ווערען מענשען זעהר ווענינ בעאיינפלוסט פון שעהנע טהעאָריען. דיא מענשליכע טהעטינקייט ווערט הויפּטזעכליך רעגולירט פון אומשטענדען. גאַנץ אָפט ווערען געפּריידיגט זעהר שעהנע אידעאַלען, וועלכע געהען פון דעסטוועגען האַנד אין האַנד מיט זעהר א מיאוסע פראַקטיק. דאס איז אמת בנוגע אַלע רעליגיאָנען און אַלע מאָראַלע סיסטעמען, אבער אם שטאַרקסטען און שאַרפסטען זעהט זיך עס אַרויס אין דעם קריסטענטהום.

טהעאָרעטיש איז דאס קריסטענטהום א רעליגיאָן פון ליעבע. זיא לערנט, אז מען דאַרף דעם מיט־מענשען ליעבען, ניט בלויז דעם פריינד, נאָר אפילו אויך דעם שונא. דער לויב־געזאַנג פון פּאָול צו דער ליעבע (קאָרינטהיער, 13), איז איינער פון דיא שטאַרקסטע און שעהנסטע פלעצער אין דיא שריפטען פון נייעם טעסטאַמענט. דאָרטען שטעלט ער דיא ליעבע אַלס דעם העכסטען ציעל פון דעם מענשען, העכער וויא אַלץ אין דער וועלט, העכער ווי נבואה און העכער ווי וויסענשאַפט. דאס איז דיא טהעאָריע. וואס דיא קריסטליכע ליעבע מיינט אין דער פּראַקטיק, דאס איז ניט

גויטהיג צו שרייבען פאר אידישע לעזער. דאס אידישע פאלק האט דיעזע ליעבע געפיהלט אויף זיינע צובלוטיגטע אקסלען פאר ביינצעהן יאהרהונדערטע. דיא קריסטליכע ליעבע האט פאר אונז געמיינט הייגנען, און בראטען, און שענדען; דיא קריסטליכע ליעבע האט פאר אונז געמיינט אינקוויזיציאן; דיא קריסטליכע ליעבע האט געמיינט מיליאנען אידישע קרבנות, הונדערט־טויזענדער אידישע הרוגים. איבריגענס, דיא קריסטליכע פעלקער האבען ניט פיעל בעסער בעהאנדעלט איינע דיא אנדערע...

„איהר זאלט זיך ניט שטעלען געגען שלעכטס, נאר ווען איינער וועט דיר שלאגען אין דיין רעכטען באק, גיב איהם אויך דיא אנדערע"—דאס איז דיא ט ה ע א ר י ע. ווען איינער גיט זיך בלויז א קרים געגען דיר, זעטץ איהם אויס אלע צייהנער — דאס איז דיא פ ר א ק ט י ק...

טהעארעטיש איז יעזוס געווען דער משיח, וועלכער האט געדארפט ברייגנען איביגען פריעדען אויף דער וועלט. מען האט איהם דארום געקרוינט מיט דעם נאמען „דער פרינץ פון פריעדען"; דאס איז דער טיטול „שר־שלום", וואס ישעיה האט געגעבען דעם צוקינפטיגען משיח. דיא צאהל פון דיא מלחמות און דיא צאהל פון דיא וואס זיינען אויס־גע'הרג'עט געווארען אין מלחמות איז אין דיא לעצטע ניינ־צעהן הונדערט יאהר פערגרעסערט געווארען. פאר מיר ליע־גען דיא ציפערען, וואס א געוויסער סטאטיסטיקער באַ־דארטס האט צוזאמענגעשטעלט. עס שטעלט זיך ארויס, אז אין דיא קנאפע דריי הונדערט יאהר צווישען 1618 און 1905 זיינען געווען זיבעצעהן הונ־דערט גרעסערע און קלענערע מלחמות, וואו קריסטליכע פעלקער האבען זיך בעטהייליגט; דאס קומט אויס דורכשניטליך פינף און צוויי דריטעל מלחמות א יאהר.

מען האט געקענט ברייגנען מעהרערע אזעלכע בייר־שפיעלע, אבער דיעזע זיינען גענוג צו בעווייזען דעם גע־

וואלדיגען תהום וואס ליעגט צווישען דער קריסטליכער טהעאָריע און דער קריסטליכער פראקטיק.

דיא פראגע שטעלט זיך, וואס איז דיא אורזאכע דער־פון? ווארום איז דיא קריסטליכע פראקטיק אזוי הימעל־ווייט פון דער קריסטליכער טהעאָריע? ווארום האבען דיא קריסטליכע שעהנע דרשות געהאט אזוי וועניג איינפלוס אויף דעם לעבען פון דיא קריסטליכע פעלקער?

דיא אורזאכען זיינען מעהרערע און פערשיעדענע, אבער איך וועל דא בעריהרען בלויז איינע, וועלכע שיינט מיר צו זיין זעהר א וויכטיגע:

ווארפען מיר אוועק אן א זייט דיא דיין־רעליגיעזע פראגע פון א דריי־אייניגקייט און אויך דיא פראגע, צו משיח איז שוין געקומען אדער ער דארף נאך ערשט קומען, בלייבט נאך איין וויכטיגער אונטערשיעד צווישען דעם יודענטהום און דעם קריסטענטהום: דאס יודענטהום האט א חוץ דיא ריינע עטהישע פרינציפען, דיא ריין־טהעאָרעטי־שע בעגריפע פון יושר און מאראל, אויך א פראקטישע תורה; דאס קריסטענטהום האט בלויז ריין־טהעאָרעטישע בעגריפע פון יושר און מאראל און האט קיין פראקטישע תורה ניט.

וואס הייסט עס, אז דיא אידען האבען א תורה? וואס איז אזעלכעס א תורה? עס פערשטעהט זיך, אז דא איז ניט וויכטיג דיא פראגע צו דיא תורה איז א גוטע פון אונזער איצטיגען שטאנדפונקט און צו זיא איז פאסיג פאר דיא איצטיגע אומשטענדען אדער ניט. דיא פראגע איז בלויז, וואס איז א תורה אין איהר עצם, וואס פאר אן אויפגאבע שטעלט זיך א תורה?

עס איז קלאָהר, אז א תורה שטעלט זיך דיא אויפגאבע דורכצופיהרען אין פריוואטען און אין סאָציאלען לעבען געוויסע עטהישע פרינציפען און מאראלע בעגריפע פון א בע־שטימטער צייט. א תורה איז א געזעצגעבונג; דאס איז א

פראַבע צו פערקערפערען אין געזעצע, דורך פערשיעדענע פאַרשריפטען און פערבאָטען, ניט בלויז רעליגיעזע צערעמאָ־ניען און גאָטעס־דיענסט, נאר אויך געוויסע פּרינציפּען פון עטהיק, פון רעכט און אונרעכט, פאר דעם בענעפיט פון דער געזעלשאַפט. פאר א תורה איז ניט גענוג דער אבסטראק־טער פרינציפּ אליין; דער פרינציפּ מוז ווערען פערקער־פּערט אין פאַרשריפטע און ערשט דאַן בעקומט ער א ממשות־דיגען ווערטה. א תורה איז פּראַקטישע עטהיקס. אין דיע־זען זינן איז פּראָפעסאָר לאזארוס גערעכט, ווען ער בעהויפּטעט, אז דאס יודענטהום צייכענט זיך אויס דערמיט, וואס עס זוכט דורכצופיהרען דיא עטהישע פּרינציפּען אין דער פּראַקטיק. דאס לייגט אבער אין דעם כאראַקטער פון אלע תורות.

לאָמיר דאַ ברייגגען איינינע ביישפּיעלע:

„דו זאָלסט ליעב האבען דיין חבר וויא זיך זעלבסט", איז אן אלגעמיינער עטהישער פּרינציפּ, וועלכער געפינט זיך אין דער אידישער, אין דער קריסטליכער און אויך אין אנדע־רע רעליגיאָנען. סתם ליעב האבען זאָגט אבער גארנישט. פון סתם ליעב האבען קען מען אוועקשיקען מענשען אויף יענער וועלט, כדי זיי זאָלען האבען א ליכטיגען גן־עדן, וויא עס איז ווירקליך געוועזען דער פאַל מיט דיא קריסטליכע אינ־קוויזיטאָרען. אין דער פּראַקטיק מוז עס דורכגעפיהרט ווע־רען אין געוויסע פאַרשריפטע, וואס מען דאַרף ניט טהאָן צום חבר און וואס מען דאַרף איהם יע טהאָן. דו זאָלסט ניט מאָרדען; דו זאָלסט ניט גנב'ענען; דו זאָלסט ניט געלוסטען יענעם'ס; דו זאָלסט איהם העלפען, און דערגלייכען.

„דו זאָלסט ליעב האבען דיין פיינד" איז א שטאַרקע במעט אונמעגליכע פאָדערונג, וועלכע מוז בלייבען א פּוסטע פראַזע. אין דער תורה ווערט דיעזע פאָדערונג פערקערפּערט אין קלאָרע, קאָנקרעטע געזעצע: „דו זאָלסט ניט נעהמען קיין נקמה; דו זאָלסט ניט טראָגען קיין שנאה; זאָלסט דיין

פיינד'ס פערלארענע שעפעלע אדער עטוואס אנדערעס צוריקקעהרען; אויב דיין פיינד'ס עזעל פאלט אונטער דער משא זאלסטו איהם העלפען, און אזוי ווייטער. זיי קלינגען ניט אזוי שעהן, וויא דיא אויבענדערמאהנטע פראזע, אבער זיי קריגען א ווירקליכע בעדייטונג אין לעבען.

„זעקס טעג זאלסטו ארבייטען און דעם זיבעטען זאלסטו רוהען" איז אן אלגעמיינע פאדערונג, וועלכע איז אויך געוועזען ביי אנדערע אלטע פעלקער. פון אנפאנג איז עס געוועזען א ריין־רעליגיעזע פאדערונג, ווייל גאט האט גערוהט אויפ'ן זיבעטען טאג. שפעטער האט דער אידישער שבת דערגרייכט אזא מדרגה, וואו ער האט געקראגען א ספעציעלען סאציאלען און עטהישען כאראקטער. אין דיעזען היגזיכט שטעהט דער אידישער שבת אונפערגלייכבאר צו אנדערע. ניט נאר דער בעל הבית אליין, זאנדערן אויך דער קנעכט און דיא דיענסט זאלען רוהען פונקט אזוי וויא דו; אפילו דיא בהמות דארפען רוהען. דער קנעכט דארף אויך האבען א רוהע־טאג, ווייל דו ביסט געוועזען א קנעכט אין מצרים. (דברים ה', י"ב־ט"ו). דיא אורזאכע פון דעם רוהע־טאג איז דא שוין ניט מעהר א רעליגיעזע, נאר א ריין סאציאלע. אבער דאס איז נאך וועניג, דיעזער אלגעמיינער פרינציפ מוז דורכגעפיהרט ווערען דורך געזעצע: מען טאר ניט מאכען קיין פייער (דאמאלס איז עס געוועזען א שווערע ארבייט); מען טאר ניט קלייבען קיין האלץ, מען טאר קיין שום ארבייט ניט טהאן.

מען דארף העלפען דעם ארימען איז אן אלגעמיינער פרינציפ. א תורה מוז אבער אריינגעהן אין איינצעלהייטען און קען זיך ניט בענוגענען מיט דעם אלגעמיינעם פרינציפ אליין. און אט פאנגען זיך אן פארשריפטע: גיב א צעהנטעל צום לוי; לאז איבער א ברעג פון פעלד פאר דעם ארעמאן; האסטו פערגעסען גארבען אויפ'ן פעלד, נעהם זיי ניט צוריק, זאלען זיי בלייבען פאר דעם ארעמאן; ביים שניידען דיא תבואות לאז דעם ארעמאן קלייבען חיא אראב־

געפאלענע זאכען; נעהם ניט קיין פראצענט; אויב אן ארעמאן האט פער'משכן'ט זיין בגד און דארף איהם האבען אויפ'ן אבענד, גיב איהם צוריק; בעצאהל דעם ארבייטער זיינע שכירות דעם זעלבען טאג, און פיעלע אנדערע אזעלכע פארשריפטען. קורץ, א תורה, יעדע תורה, זוכט צו פערקער־פערען דיא פרינציפען פון יושר און מאראל אין לעבען. דיא אלגעמיינע פרינציפען פון יושר איז דיא נשמה פון א תורה; דיא געזעצע און פארשריפטע זיינען איהר גוף.

ביז אהער איז אלץ גוט. אבער באלד קומט א צייט און דיא תורה ווערט א לאסט. דיא צרה איז, וואס יעדע תורה האט א טענדענציע צו ווערען פערגליווערט, צו בלייבען אונבעוועגליך. דיא אלע פארשריפטע, וועלכע האבען זיך געמעגט זיין זעהר גוט פאר א בעשטימטע צייט אונטער בע־שטימטע אומשטענדען, פאסען זיך ניט מעהר פאר אן אנדער צייט, מיט אנדערע אומשטענדען און אנדערע פאדערונגען. דיא צייטען האבען זיך געביטען, דיא פארשריפטע זיינען גע־בליעבען דיא זעלבע. אין אנדערע ווערטער, דיא אומשטענ־דען און דיא בעגריפע פון יושר האבען זיך געענדערט, וועה־רענד דיא געזעצע זיינען געבליעבען דיא זעלבע. דיא תורה מוז אויף אזא ארט איינקרעמפען דעם לעבען, בעגרענצען איהם, ארומצאמען איהם אין דיא אלטע ענגע ראהמען, וואס פאסען ניט מעהר. עס מוז דארום פריהער אדער שפע־טער קומען צו א צוזאמענשטויס, צו א קאנפליקט, צווישען דעם נייעם לעבען און דיא אלטע תורה. לאמיר נעהמען א ביישפיעל פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע. זיא איז נאך גאר א יונגע תורה און שוין איז זיא צו ענג פאר דעם איצטיגען לעבען פון אמעריקאנער פאלק, כאטש זיא איז גע־ווען גוט פאר דער צייט ווען זיא איז געשריעבען געוואָרען. דער בוכשטאב ווערט פערהייליגט, דיא אינערליכע כונה ווערט פערנאכלעסיגט; דער גוף ווערט דער עיקר, דיא נשמה ווערט א טפל. פיעל ערגער איז עס נאטירליך מיט

אן אלטע תורה, וואס האט נאך דערצו א געטליכע אויטאריטעט.

דאס זעלבע האט אין א קלענערע מאס אויך פאסירט מיט דער אידישע תורה. איך זאג אין א קלענערע מאס, ווייל דאס אידישע פאלק האט פערשטאנען צו האבען זייט ביי זייט מיט דער געשריעבענער תורה אויך א ניט־געשריעבענע תורה, א מינדליכע איבערליפערונג, וועלכע איז געווען עלאסטיש גענוג און בויגזאם גענוג און האט דערלאזען צו ענדערונגען לויט וויא זיי האבען זיך געפאדערט פאר דער נייער צייט. דיא ניט־געשריעבענע תורה (תורה שבעל פה) האט געמוזט בלייבען ניט־געשריעבען טאקע דערפאר, כדי זיא זאל ניט פערגליווערט ווערען, כדי זיא גופא זאל ניט ווערען פערשטיינערט, וויא אחד העם דריקט זיך אויס. ערשט לאנג נאכ'ן חורבן, ווען דיא אידען האבען פערלארען זייער לאנד און זייער פאליטישען לעבען איז דיא ניט־געשריעבענע תורה אויך געווארען פערשריעבען און איז טאקע פערשטיינערט געווארען . . .

אויף אזוי ווייט וויא יעזוס איז אין דיא ערשטע צייט פון זיין טהעטיגקייט געוועזן בלויז א רעפארמער, האט ער פראטעסטירט געגען דיעזער פערגליווערונג פון דער תורה; ער האט געזוכט ארויסצוברייגען דיא אינערליכע כונה פון איהר, ניט לייקענענדיג אין דער זעלבער צייט דיא וויכטיגקייט פון דער תורה גופא. שפעטער אבער, אין זיין שפעטערער טהעטיגקייט, האט ער גופא און הויפטזעכליך פאול אין גאנצען פערווארפען דיא תורה וויא זיא האט געזוכט צו פערקערפערען דיא עטהישע פרינציפען. זיי האבען אנגעפאנגען צו פריידיגען בלויז דיא פרינציפען אליין; זיי האבען געזוכט דיא נשמה פון דער תורה און דער רעזולטאט איז געוועזן, אז זיי זיינען געבליעבען ביי א נשמה אהן א שום גוף. זיי זיינען געבליעבען ביי שעהנע פראזען און זיסע

דרשות, וועלכע האבען ניט און קענען ניט האבען א ממשות־דיגען ווערטה אין לעבען.

שעהנע פרינציפען אליין האבען קיין בעדייטונג ניט, קיין געזעלשאפטליכע ווירקונג ניט, ווען זיי ווערען ניט פער־קערפערט אין געזעצע און אין איינריכטונגען. פון דיא גלייכהייט, פרייהייט און ברידערליכקייט, וואס דיא גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע האט פראקלאמירט איז געבליעבען פאר'ן קבצן דיא פרייהייט צו הונגערען...

ווען דיא פרינציפען פון גלייכהייט, פרייהייט און ברי־דערליכקייט וועלען אמאל פערווירקליכט ווערען אין דער מענשליכער געזעלשאפט, וועט עס מוזען פארקומען דורך געוויסע איינארדנונגען און איינריכטונגען, וועלכע וועלען האבען דעם צוועק דיעזע פרינציפען דורכצופיהרען אין דעם פראקטישען לעבען. אבער דיעזע איינארדנונגען און איינ־ריכטונגען, דיעזע פארשריפטען און בעגרענצונגען וועלען פריהער אדער שפעטער, אויב זיי וועלען ניט געענדערט ווע־רען אין דער צייט, מוזען ווערען א לאסט אויף דיא מענשען, זיי וועלען פונקט וויא אלע געזעצע ווערען פערגליווערט און זוכען איינצושליסען דעם לעבען אין זייערע ענגע ראהמען.

מענשען וויא ס פ ע נ ס ע ר וועלען עס רופען שקלאפעריי, אבער העלפען דערצו קען מען א פנים ניט, סיי־דען עס וועט דאמאלס זיין א תורה שבעל פה, א ניט־געשריע־בענע תורה, וועלכע וועט דערלאזען דיא פרייע ענטוויקלונג פון געזעלשאפטליכען ארגאניזם.

קלינגענדיגע פראזען און הויכע פרינציפען אליין זייי־נען גארנישט ווערטה. דאס האט בעוויעזען דאס קריס־טענטהום מיט זיין שעהנע טהעאריע און זיין גאנץ מיאוסע פראקטיק...



# ביכער

## קאַטאַלאָג
פון
## „פאָרווערטס"
## אויסגאַבען:

„די געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער בעוועגונג", ארויסגעגעבען פון די פעראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען. פרייז — 1 דאלאר, פּאָרטאָ 30 סענט.

ז. ליבין. „געוועהלטע ווערק". 1טע און 2 טע בענדער. פרייז — 1 דאלאר, פּאָרטאָ 30 סענט.

ז. ליבין. „געוועהלטע ווערק". (3טע און 4טע בענדער). פרייז — 1 דאלאר, פּאָרטאָ 30 סענט.

אב. קאהאן. „היסטאָריע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען". 1טער באַנד. פרייז—1 דאל., פּאָרטאָ 30 ס.

אב. קאהאן. „היסטאָריע פון די פעראייניגטע שטאַאַטען". 2טער באַנד. פרייז—1 דאל., פּאָרטאָ 30 ס.

מאררים ראָזענפעלד. „געוועהלטע ווערק". 3 בענדער. פרייז — 1 דאלאר, פּאָרטאָ 30 סענט.

אב. קאהאן. „נשמה יתירה" און „פעני'ס חתנים" פרייז 75 סענט. פּאָרטאָ 15 סענט.

אויגוסט בעבעל. „די פרוי און דער סאָציאַליזמוס", איבערזעצט פון ב. פייגענבוים. פרייז — 60 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

שלום אש. „מאָטקע גנב". פרייז— 75 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

גיו דע מאפּאסאן. „געזאמעלטע ערצעהלונגען", איבערזעצט פון לעאָן קאָברין. 1טער באַנד. פרייז— 65 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

גיו דע מאפּאסאן. „געזאמעלטע ערצעהלונגען", איבערזעצט פון לעאָן קאָברין. 2טער באַנד. פרייז— 65 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

גיו דע מאפּאסאן. „געזאמעלטע ערצעהלונגען", איבערזעצט פון לעאָן קאָברין. 3טער באַנד. פרייז— 65 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

גיו דע מאפּאסאן. „געזאמעלטע ערצעהלונגען", איבערזעצט פון לעאָן קאָברין. 4טער באַנד. פרייז— 65 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

גיו דע מאָפּאסאַן'ס בעריהמטער ראָמאַן „דער שעהנער פריינד", איבערזעצט פון לעאָן קאָברין. (5טער באַנד). פרייז — 65 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

עמיל זאָלא. „די צוויי פיסיגע חיה". ראָמאַן. איבערזעצט פון מ. זאַמעטקין. פרייז—50 ס., פּאָרטאָ 15 ס.

א ליטווין. „יודישע נשמות", (ליטא) 1טער באַנד. פרייז — 75 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

א ליטווין. „יודישע נשמות", (ליטא). 2טער באַנד. פרייז—75 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

א. ליטווין. „יודישע נשמות". (גאַליציען). 3טער באַנד. פרייז—75 ס., פּאָרטאָ 15 סענט.

שלום אש'ס בעריהמטער ראמאן „מערי". פרייז — 75 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

שלום אש'ס בעריהמטער ראמאן „דער וועג צו זיך". פרייז—75 ס., פּאָרטאָ 15 סענט.

שלום אש. „ערצעהלונגען". (3 בענדער, צווישען זיי „א שטעדטעל", „קיין אמעריקא", א. ז. וו.). פרייז — 1 דאלאר, פּאָרטאָ 30 סענט.

דר. א גינזבורג. „די ענטשטעהונג פון קריסטענטהום". פרייז — 75 סענט, פּאָרטאָ 15 סענט.

הלל ראָגאָף. „סיוויקס". ווי אזוי אמעריקא ווערט רעגיערט. פרייז — 1 דאלאר, פּאָרטאָ 30 סענט.

מיר האָבען אויך פיעלע אַנדערע ביכער און בראָשורען.
שרייבט און מיר וועלען אייך שיקען אַ ליסט.

צו שיקען אַ בוך אָדער ביכער דורך פּאָסט פערגעסט ניט צו שיקען די פּאָרטאָ, ווי אַנגעדייטעט אין דיעזען קאַטאלאָג. שיקט היינט נאָך די ביכער וואָס איהר ווילט. אדרעסירט:

**Forward Publishing Dep't, 173-175 East Broadway, New York.**